# הומאריסטישע

# שריפטען

— פון —

## דוד אפאטהעקער

(הינקעדיגער שלים־מזל)

---

ערשטער באנד.

---

היברו פאבלישינג קאמפאני

83-85 קאנאל סטריט, ניו יארק.

1912.

# איינלייטונג

## דער הינקעדיגער שלימזל.

פיעלע פון מיינע פריינדע האָבען מיך ערזוכט איך זאָל זיי מזכה זיין מיט מיינע הומאָריסטישע ארטיקלען אין בוך־פאָרם. איך בין בטבע ניט קיין שלעכטער און וועל זיי צוליעב טהון — אבער דאָ קומען מיינע גרויסע צרות.

נור שרעקט אייך ניט, ניט חלילה אין געזונד, ווייל איך, מיין יענטע און די קינדערלעך, זאָלען לעבען, זיינען אלע ברוך השם געזונד, דאָס זעלבינע פון אייך צו הערען, אמן.

אויך פעהלט מיר קיין פרנסה ניט, ווייל זייט איך בין מיט „מארק טוויין" פארטנערס מאכען מיר גאַנץ גוט, איך נאָך בעסער פון איהם, ווייל איך האָב נאָך פון די שותפות קיין פעני ניט ארויסגענומען, און ער מוז נעבעך דערפון לעבען.

עס הארט מיך אויך ניט „דער קריזיס", ווייל איך בין אפילו אין פראָספּעריטי צוגעוועהנט צו הערען מיין שוויגער זיך קלאָגען אויף „די קריזעס".

איך קלאָג אויך ניט אויף גלות השכינה, ווייל זינט איך בין אין אמעריקא, האָב איך פון איהר קיין פיצעל ידיעה ניט געהאַט.

עס קרענקט מיך אויך ניט דער „האי טעריף", ווייל דאָס וואָס מיר האָבען דארפען מיר ניט אימפּאָרטירען. צרות האָבען מיר געגנוג דאָמעסטיק.

עס ערגערט מיך אויך ניט וואָס איך האָב א רב אין דער משפחה, ווייל היינט איז שוין א רב קיין בזיון ניט. און א סאָציאַליסט קיין יחוס ניט. צוליעב אמעריקאנער ביזנעס זעהט מען שוין צווישען זיי קיין חילוק ניט.

איין צרה וואָס דריקט יא מיין בינטעל יאהרען איז, ווי זאָל איך מיך איצט פאר אייך פאָרשטעלען. איך האָב א נאָמען, וואָס איך דאנק זיין ליעבען נאָמען, איך זאָל מיין שלים־מזל'דיגען נאָמען ניט דארפען דערמאָנען.

שטעלט אייך פאָר וואָס פאר א פנים דאָס וועט האָבען, ווען איך וועל ארויסקומען אָפען און זאָגען:

## II.

— איך האָב די עהרע — „דער הינקעדיגער שלימזל".

איך ווייס אסור וואו עס האָט זיך גענומען צו מיר אזא נאָמען. וועלכען שלים־מזל׳דיגען חזן איז עס איינגעפאַלען מיר דעם נאָמען צו געבען?

וואָס ווייסט איהר וויפיעל שאַנדע דער נאָמען האָט מיר פערשאפט; וויפיעל מענשען עס האָבען זיך צוגעקוקט צי איך הינק ווירקליך ביים געהען; וויפיעל אריסטאָקראטישע דאמען, ווען מען האָט זיי פאָרגעשטעלט: „הערר שלימזל", האָבען אויסגעשפּאָסען אין א געלעכטער, מיינענדיג אז מען רעדט מיט זיי נבול פה.

אַמאָל בין איך געקומען אין א גרויסע שטאדט האַלטען א וויסענשאַפט־ליכען לעקטשור. די האָל איז געווען געפּאַקט מיט טויזענדע מענשען, איבער־הויפּט פרויען און מיידלעך, ניט אַזוי פיעל צוליעב די וויסענשאַפט, ווי אויס נייגיערדע צו זעהען דעם הינקעדיגען שלים־מזל. ווען זיי האָבען מיך דער־זעהען, א דזשענטעלמאַן מיט א כטאָוּפּייפּ, איז געוואָרען א געפּילדער:

— מען וויל ניט קיין בלאָפּס! מען האָט אַדווערטייזד דעם שלימזל, זאָלען מען גלייך געבען דעם שלימזל, — מען וויל ניט קיין פּאָליטישענס...

איך בין מיט שאַנדע אראָב פון דער פּלאַטפאָרם און די ניט־געהאַלטענע לעקטשור וואַלגערט זיך ביז איצט ערגעץ צוזאַמען מיט ר׳ חייקעל הסיד׳ס „אמן יתומה".

איך האָב, דעם אמת געזאָגט, וויפיעל מאָל געוואָלט זיך גראַמירען ווי א הינקעדיגער שלימזל, ווייס איך ביז היינט ניט, ווי מיינט דער עולם דארף א הינקעדיגער שלימזל אויסזעהען.

איך גלייב קוים אויב אַלע האָבען איין בעגריף ווי א שלימזל דארף אויסזעהען, אַזוי ווי קיינע צוויי אמעריקאַנער האָבען ניט איין בעגריף וואָס מיינט „סופרים־ביאינג".

וואָלט דער נאָמען כאָטש ניט געווען מיט א אונטערשלאַק, צוזאַמענ־געטשעפּעט פון „הינקעדיג" און „שלימזל", וואָלט געווען א האַלבע צרה.

אָט, למשל, ווען איך זאָל הייסען בלויז „דער הינקעדיגער", וואָלט איך מיך גאָר ניט געשעהמט, ווייל וועד הינקט היינט ניט?

וויפיעל אידישע שרייבער הינקען אויף דער לאָגיק.

וויפיעל חזנים הינקען אויף דער עברי.

וויפיעל רבנים הינקען אויף זייער פרומקייט.

## III.

וויפיעל נגידים הינקען אויף זייער רייטינג אין „דאַנס“ ביכער.

מילא, הינק איך אויך אונטער.

אָדער וואָלט מיין נאָמען געוועזן שלימזל אליין, וואָלט איך געוועזן צו דערליידען.

וועניג שלימזלות זיינען דאָ אויף דער וועלט.

וואָס איז מיט דעם בחור וואָס געהט צו דער חופה מיט זיין שעהנער בעקי, און פּלוצים קומט זיין פלונית'טע פון יוראָפּ.

וואָס איז מיט דעם שרייבער וואָס פּאָבלישד א פילאָזאָפישען ארטיקעל, און דער קריטיקער געפינט אויס אז ער האָט עס גע'גנב'עט אין פינפטען ריעדער.

וואָס איז מיט ר' חיים'ן, אז קומענדיג צוויי פּארטאָג אהיים טהוט ער אויס די שיך אויף די טרעפּ, זיין יחסנ'טע זאָל ניט דערהערען, און ארייג־געהענדיג אין בעדרום געפינט ער גאָר אויס אז די בעט איז א פּוסטע.

און נאָך טויזענד אנדערע שלימזלות. בין איך אויך איינער צווישען זיי.

דאָ אָבער איז מיין נאָמעןביידע צוזאַמען, און צו דעם איז טאַקע גאָר קיין גלייכען ניטאָ.

מיינט איהר אז איך האָב שוין ניט געטראַכט וועגען אַן אנדער נאָמען איך האָב פּשוט דעם קאָפּ צובראָכען טראַכטענדיג.

עס האָט מיר אפילו אין א געוויסער בעציהונג לייד געטהאָן זיך צו שיידען מיט דעם נאָמען, ווייל דער עולם זאָגט, אז איך האָב פיעלע גוטע זאַכען אונטער דעם נאָמען געשריעבען, און דורך דעם דערלעבט א ציעמליכע פּאָפּולאַריטעט. אבער פּאָפּולאַר אהין, פּאָפּולאַר אהער, א מענש ווערט עלטער, ניט אייננער, מען מוז דאָך אמאָל א טראַכט טהון פון טוידט, און שטעלט זיך פאָר, ווען מען קומט אין דער אייביגער רוהע און דער מלאך דומה וועט קיין חכמות ניט און גיט א פרעג: „מה שמך“?

איך וואָלט מיך פּשוט בעגראָבען פאר שאנדע איהם צו ענטפערן: „דער הינקעדיגער שלימזל“.

אַלזאָ גוט, אַן אנדער נאָמען; אבער וועלכען?

איך האָב געטראַכט פון „שמר“, קענט איהר דאָך אונזערע אידען, יאַוועט זיך באלד א „זכור“.

„שלום עליכם“, איז באלד דאָ א „עליכם שלום“.

# VI.

„משוגענער פילאָזאָף“, וועלען אונזערע משכילים גלויבען האלב, — אז איך בין משוגע, אבער ניט קיין פילאָזאָף.

„פרץ“, אביסעל א צו גרויסע סיין פאַר מיר.

„חד גדיא“, אביסעל צו ביליג. אין גאַנצען בתרי זוזא (צוויי גילדען).

איך האָב שוין פשוט געוואָלט בלייבען ביי מיין אַלטען נאָמען פון יוראָפ, וואָס מיין טאטע האָט פאַר איהם בעצאָהלט מזומן.

ווי קען אָבער א הומאָריסטיישער שרייבער אויסקומען מיט זיין ריכטיגען נאָמען, אָהן א פסעוודאָנים, מען דאַרף אמאָל איינעם געבען א רייב אין די זייטען, א שמורך, א ביס, א קיבעץ, קענט איהר זיך שוין פאָרשטעלען וויפיעל ליבעל־קייסעס איך וואָלט געהאט אויף מיין קאָפּ. אבער מיט א שלימזל וויל זיך קיינער ניט לאָדען.

איך האָב שוין געוואָלט זיך בעגנוגען מיט צוויי בוכשטאבען, מיט די ראשי תיבות פון מיין ריכטיגען נאָמען "ד. א.".

וועט עס איינער לייענען „דרך ארץ“ און זאָגען איך זוך כבוד.

איינער וועט לייענען „ד׳ אמות“ און זאָגען, אז אויסער מיינע ד׳ אמות וויים איך גאָר ניט.

איינער וועט זיין גאָר א גרויסער ליטעראַט און עס אויסטייטשען — דבר אחר. נאָך ערגער ווי הינקעדיגער שלימזל.

גענוג, איך בין אויף צרות און וויים ניט ווי מען קומט צו א ריכטיגען שטיקעל נאָמען.

דארום בעט איך אייך ווערטהע לעזער, איהר זאָלט אזוי גוט זיין און אדווערטייזען אז דער הינקעדיגער שלימזל זוכט א נאָמען. איך וועל אומזיסט ניט פערלאַנגען. אבער איך מוז אייך שטעלען א פּאַאר בעדינגונגען:

ערשטענס, זאָל דער נאָמען־געבער ניט זיין קיין ביזנעסמאַן, ווייל די ביזנעס־לייט פערליערען צו אָפט זייערע נעמען.

צווייטענס, וויל איך אויך ניט די נעמען פון די כלי קודש, ווי א רב, חזן, שמש, ווייל זיי נוצען אוים זייערע „נעמען“ נור אויף „נעהמען“.

עס זאָל אויך ניט זיין פון א אידישען שרייבער, ווייל זיי זוכען צו בעשמוצען איינער דעם אנדערנס נאָמען.

עס זאָל איבערהויפּט ניט זיין פון קיין אידען, ווייל נאָך דעם אידישען נאָמען שלעפּט זיך נאָך דער אידישער גלות.

V.

פון א גוי וויל איך געוויס קיין נאָמען ניט, ווייל איך האָב גענוג צרות פון א דאָפּעלטען נאָמען. זיי קענען מיר נאָך אנהענגען א נאָמען פון דריי־איינינקייט אלס איינעם.

נור עפּעס אזוי א שעהנעם נאָמען פון אן אנשטענדיגען מענשען, און איך וועל איהם געוויס נוצען צו מיינע איבריגע ווערקע, וואָס איך געה דרוקען, ווי: דעם „עולם הגלגולים“ אָדער „דאָס אידישע לעבען אין אמעריקא“, „דער ליטוואַק אלס אמעריקאַנער מיליאָנער“, „דאָס פּוילישע מיידעל אין אמעריקא“, „דער ממזר“, „די וועטע פאר עלעקשאָן“ אָדער „וואָס קאָסט א טאָג אמת־זאָגען“, „ערפאַהרונגען פון א גרינעם שטודענט“ און „נאָוועלען“. איינסט־ווייליגען רעקאָמענדיר איך אייך מיינע „הומאָריסטישע שריפטען“ אונטער מיין אלטען נאָמען, און פערזיכער אייך, אז איהר וועט דאָ געפינען פיעלע אינטערעסאַנטע ארטיקלען, וואָס וועלען אייך מאַכען פערגעסען אייערע אייגענע צרות כאָטש זיי זיינען געשריעבען פון א

**תינקענדיגען שלימזל.**

# אינהאלטס־פערצייכנים.

## ערשטע סעריע.

### הומאָריסטישע פּאָרטרעגע איבער די מענשליכע גלידער:


דער מענש 1
די צונג 5
דאָס האַרץ 8
די אויגען 12
די נאָז 16
דאָס מויל 20
די הענד 24
די נעגעל 27
די האָר 33
די אויערען 40


## צווייטע סעריע.

### פערזאמלונגען:


טשאַריטי באָלל 3
אַ לאָדזשען מיטינג 8
די פינסטערע נעכט 15
בויל פויק 20
דער סדר 24
געוואַלד אַ מויז 29


## דריטע סעריע.

### די וועלט אויסבעסערונג:


מאַדאַם יוסטיציאַ 3
נייער טהעאַטער פּלאַן 7
נייער אַדווערטייזמענט פּלאַן 10
נייער חתונה פּלאַן 14


## פיערטע סעריע.

### צרות פון שרייבער און רעדאַקטערע:


אַ 12 יעהריגע אַלמנה 3
ניטאָ קיין פעליעטאָן 6
וויא מען מאַכט אַ פעליעטאָן 11
קאַפע ליטעראַטען 16
די קהל'שע סטופע 19
די קאַלאַבורדע 23
דער קוגעל 26
דעם דיכטערס קריוודע 30
דער קום 31
גרינער שוסטער אַלס מחבר 32
דער גדול בנים 35
אַן עקס רעדאַקטאָר 37
אַלטע צרות 41
דער רעפּאָרטער אין גיהנום 44


## פינפטע סעריע.

### בייזע חלומות:


טהעאַטער טיקעטס 3
„פּאָמפּאַדור” און די „קליאַטשע” 7
דער וועלט קאָרסעט 9
דער וואורסט סטאָר 12
עשרת הדברות 17


## זעקסטע סעריע.

### לכבוד יום טוב:


קיידים הגדה 3
הגדה של פסח 9

האַט איהר דעם שאָוי 14
שלח מנות 18
פורים קוילעטש 22
כפרות שלאָגען 26
יום-טוב-קריסמאס 29
מיין חמצ׳דיגע דרשה 31

זיעבעטע סעריע.
מאָנאָלאָגען:

שלאָף שוין 3
די סקעביבע 6
נאָך דיא עלעקשאָן 10
דער פאַנטאָפעל מאַן 14

אכטע סעריע.
דער קיבעצער:

יואל׳ס נשמה 3
דיא נויאָרקער אידישע אַרבייטער בעוועגונג 7
עקס געגאָסע 11
שלמה זלמן אין דער ח׳ 16
דער רעווערענד אויף יענער וועלט 20
דאָקטאָר אויסטער 25
דיא טיטעל מכּה 28
דער איד און דיא מצות 32
דער משכּיל 35
דיא ווילדע קאַטץ 38

ניינטע סעריע.
פוסטע פילאָזאָפיע:

ליבּע, לופט און וואַרימקייט 3
הינקענדיגע פילאָזאָפיע 7
צושמאָלצענע נערעבטינקייט 11
הומאָר און קאָפּ שמערצען 17
גייסט און גיפט 20

איין און אויס 24
שוואַרץ און ווייס 26
איך און גאָט 29
דער ערשטער נאַפּאָליאָן און צווייטער יקום פורקן 33
דיא חלי-רע 36
דער וועגעטאַריאַנער 39
וואָס הייסט „לעבען" 44
דיא עקספּאָזישאַן 49
דיא וועלט קעהרט זיך איבער 53
אַ ביין אין האַלז 57
דער סקעב 61
דער סטאָוו פּייפּ 64
געחאַפּט 68
געקענוועסט און געלעפּסט 70
בראָנזווילער פנקס 79
מען האָט מיך בע׳גנב׳ט 79
געפונען די אמונה 83

צעהנטע סעריע.
דיא ביאָגראַפיע פון אַ דאָללער:

דער דאָלער אַליין דערצעהלט זיין ביאָגראַפיע 3
דער פילאָזאָפישער גנב 6
די עלענדע אַלמנה 11
דער אידישער דיכטער 16
פּייטעל זיין פיהרער 22
דער חזן 28
דער אידישער רעפּאָרטער 33
דער אידישער פאַרמער 39

עלפטע סעריע.
צוויי דייטיגע סקיצען:

מיין ערשטע ליעבע 3
אָריגינעלער ראָמאַן 8

# אינהאַלטס־פערצייכניס


דער מערטירער 13

דער 9 יעהריגער עלוי 15

דאָס פאָר פאָלק 18

ער און זיא 22

דער ביגאַמיסט 26

דער הספד איבער א גדול 31


## צוועלפטע סעריע.

## געמישטע סקיצען:


ראַחמיסטריווקער לבנה 3

דער דבוק 10

שמע ישראל 17

דער אלבום 23

יאָסעלע מלאך 28

דער ממזר 32

קורץ און טרויעריג 37

פרישע לופט 42

זאָמער פלעזשור 48

דיוואיס ציג 55

א דראַמאַטישער קוימען 61

יעקעל מיט זיין פעקעל 66

מו"ט! דער טאַטע איז געלעגען געוואָרען 72

דיסמיסט! 77

מו"ט! זיא איז געשטאָרבען 82

מיין פאָטער! 87

דער אלטער בתור 92

געמופט 95

דיא טרייעל 100


## דרייצעהנטע סעריע.

## שפעטערע געדיכטע:


דיא וואהרהייט 3

דער איד האָט קיין צייט ניט 4

א גראַם צו פורים 5

וויא געלד צו מאַכען 7

מיר גראָבען 10

טאַפ פלאָר 11

איך מע־טע 12

ביים מאַשינע 13

ווען וועט זיין אַן ענדע 15

דיא נייע היימאַטה 16

דער זיידע 17

באַנקראָט 18

קייען שטרוי אין גן עדן 23

דער חלום 26

גאָר אונמעגליך 30

פערצווייפלונג 32

מלחמת נשים 33

אַן אָקס איז געפלויגען 36

זעהר פראַקטיש 37

דער נאַציאָנאַליסט 39

תפילה למאַסקיטאָס 40

## ערשטע סעריע.

# הומאָריסטישע פאָרטרעגע איבער די מענשליכע גליעדער

## I.

### דער מענש.

מען דאַרף נור ווערען אַ שרייבער, שרייבט מען זיך שוין איין. מען מעג גאָר ניט קענען און ניט וויסען פון פריהער, קיינע שפּראַכען, קיינע וויסענשאַפט, אַבי מען איז אַ שרייבער, קען מען שוין אַלעס.

אָט האָב איך אַליין, דאַכט זיך, אין מיין לעבען גאָר נישט געלערנט, נור קוים בין איך געוואָרען אַ זשאַרגאָן־שרייבער, קען איך אַלע שבעים לשון און אַלע שבע חכמות אויף די שפּיץ פינגער, און האָב פון העלער הויט גענומען שרייבען וויסענשאַפט.

נור אַזוי ווי איך האָב ניט „קיין גרענעץ" אין מיין שרייבען, וויל איך ניט שרייבען קיין געאָגראַפיע; אַזוי ווי איך וואוין ניט אויף „מילך־שטראַסע", שרייב איך ניט קיין אַסטראָנאָמיע; איך בין אויך ניט קיין „ליימענער גולם" צו שרייבען איבער מינעראַלאָגיע; איך בין אויך ניט קיין „אָקס" צו שרייבען איבער זאָאָלאָגיע, — נור אַזוי ווי איך בין נאָך אַ שטיקעל מענש, וועל איך פּשוט שרייבען איבער'ן מענשען, ד. ה., אַנטראָפּאָלאָגיע.

* * *

דער מענש — דאָס איז איינער פון די עלטעסטע ערפינדונגען, וואָס מענישען געדענקען. מאַנכע זאָגען, אַז דער מענש איז נאָך בעשאַפען געוואָרען

פאר דער וועלט, ווייל, ווען גאָט האָט בעשאַפען די וועלט, האָט ער באַלד געמאַכט אדם חוה׳ס מאַן בצלם אלקים, און גאָט האָט דאָך ניט קיין פאָרם, איז מן הסתם שוין אויפ׳ן הימעל געווען איין מענש, וואָס האָט געהייסען אלקים.

מאַנכע היסטאָריקער זאָגען, אז דעם מענשען האָט מען ערשט שפּעטער ערפונדען נאָך דער חתונה, ווייל ביז דער חתונה איז דער מענש נאָך גאָר קיין מענש ניט.

די פילזאָפיען בעהויפּטען אָבער, אז דער מענש האָט געמוזט ענט־שטעהען ערשט אין מיטעלאַלטער, ווייל מיר געפינען אין דער געשיכטע, אז דיאגנוס, א גריעכישער פילזאָף וואָס האָט געלעבט אין אַלטערטהום, האָט געזוכט בייטאָג מיט א לאַנטערנע א מענש און האָט איהם ניט געקענט געפינען.

איך אָבער בין ביי דער מיינונג, אז דעם מענשען האָט מען ערפונדען ערשט אין פאָריגען יאהרהונדערט, ווייל מיר געפינען אין ערגעץ ניט א מענשען עלטער פון הונדערט, העכסטענס הונדערט פינף און צוואַנציג יאהר.

פון וואַנען דער מענש קומט ארויס איז אין דער וויסענשאַפט נאָך ניט פעסטגעשטעלט. מאַנכע בעהויפּטען, אז דער מענש שטאַמט פון א קאַרטאָפעל, ווייל וואָס מעהר א מענש ליעגט אין דר׳ערד איז ער אַלץ מעהר פרה ורבה און האָט א סך קינדערלעך.

מאַנכע וויעדערום בעהויפּטען, אז דער מענש קומט ארויס פון א שנאַפּס, אָדער פון א סיגאַרעטעל, ווייל די מייסטע מענשען, וואָס האָבען ניט אזוי גיך א שנאַפּס אָדער א סיגאַרעטעל ווערען זיי באַלד „אויס מענש“.

איך האַלט אָבער מיט דאַרווין׳ס מיינונג, אז דער מענש קומט ארויס פון אַן אַף. א בעוויז, אז פיעלע מענשען ווייסען אַליין גאַרנישט וואָס אָנצוהעבען צו טהון, און טהוען נאָך וואָס אנדערע טהוען.

אויס וועלכען שטאָף דער מענש איז געבויט, איז אויך א גרויסער צווייפעל. אמאָל האָט מען געוואָלט בעהויפּטען, אז דער מענש בעשטעהט אויס א גוף מיט א נשמה. די נשמה איז אזא מין פייערל פון גאָט, און דער גוף פשוטער ליים. מען האָט זיך אָבער שפּעטער איבערצייגט, אז דער מענש האָט גאָר ווייניג פייער אין זיך, ווייל עס גיבט פיעלע מענשען, וואָס זיינען קאַלט ווי אייז און אויך איז זיין קערפּער ניט פון ליים, ווייל ליים ברעכט זיך

לייכט און עס גיעבט פיעלע טראָטצקעפּפע (עקשנים), וואָס עס איז זיי ניט צו ביינגען און ניט צו ברעכען.

פיעלע בעהויפּטען, אז דער מענש איז געמאכט פון א שניידער, ווייל שניידער מאכען קליידער און קליידער מאכען א מענשען.

דאָס איז אָבער נאָך גאָר קיין בעוויז ניט, ווייל טאקע אמת, קליידער מאכען מענשען, אבער פון וואָס פאר א מאטעריאל מאכען זיי איהם ? טאקע אמת אז עס זיינען דאָ פיעלע מענשען, וואָס זיינען שמאטעס, עס זיינען אויך דאָ פיעלע מענשען בלאָס ווי א טוך, עס זיינען אָבער אויך דאָ פיעלע מענשען, וואָס זיינען גרין ווי גראָז, געל ווי וואקס, רויט ווי א בוראק...

דארום בלייב איך ביי דער מיינונג, אז ניט אלע מענשען זיינען פון איין שטאָף —

עס גיבט מענשען פון שטאָהל, ווייל זיי זיינען שטארקער ווי אייזען, אז זיי קענען איבערטראָגען זייערע צרות.

שקלאפען, לייב־אייגענע און ארבייטער זיינען געמאכט פון לעדער, ווייל מען טרעט זיי מיט די פיס און זיי דולדען.

זשארגאָנישע ראָמאנען־לעזער זיינען געמאכט אויס ראָבער, מען ציהט זיי אויס ביז 100 העפטען און זיי רייסען זיך ניט אָב.

בן יחידים זיינען געמאכט אויס צימעס, ווייל זייערע עלטערן לעקען פון זיי די פינגער.

יונגע מיידלעך, רבנים און פארכעס זיינען געמאכט פון אייער־ביינעל, ווייל זיי ברעקלען זיך זעהר.

מאוסע ווייבער, שטיעפקינדער און אידען זיינען געמאכט פון שטיינער, ווייל מען ווארפט זיך מיט זיי.

זשארגאָנען שרייבער זיינען געמאכט פון ביינער, ווייל מען ווערגט זיך מיט זיי.

און ניט נור יעדער מענש איז פון פערשיעדענע שטאָפען, נור די גליעדער פון דעם איינעם און דעם זעלבען מענשען זיינען צוזאמענגעשטעלט פון פערשיעדענע שטאָפען :

ביי יעדער שווינגער האָט די שנור לוימענע הענד און בלייענע פיס.

גרויסע לומדים און פּאָליטיקער האָבען אייזערנע קעפּ.

לענדלאָרדס, טשאַריטי־מאַכערס און דאָקטוירים האָבען שטיינערנע הערצער.

אגענטען, נאַפּקעס און אקטערען האָבען גלעזערנע אויגען.

רעדנער, חזנים, בדחנים און שנאָרער האָבען קופּערנע שטערנס. ווי פיעל מען לאַכט זיי אויס, זיי ערשיינען ווייטער...

צו וואָס דער מענש נוצט, איז אויך גאַנץ פערשיעדען:

אַ פּאַנטאָפּעל־מאַן איז גוט מיט איהם דעם קוימען צו פערשטעקען.

מיט סאָלדאַטען איז גוט צו מיסטיגען פעלדער.

זשאַרגאָנען־שרייבער זיינען אַמאָל גוט אלס שלאָף־געטראַנק און אמאָל אלס ברעך־מיטעל.

רבנים, גלחים, פּאַקטערס, ספּאָרטען און זאָנסטיגע טויגעניכטסען טויגען אויף כפּרות...

עס זיינען פאַראַנען האַלבע מענשען, גאַנצע מענשען, שטיקלעך מענשען און גאָר קיינע מענשען. ווער עס האָט געלד, ווער עס קומט פון אַ ווייטע רייזע, ווערט אַ גאַנצער מענש.

אַ רב אָהן אַ ווייב, אַ שכור אָהן שנאַפּס, אַ שיינעץ אָהן אַ פּייפּעל, אַ רבי אָהן אַ גבאי און איך אָהן אַ צייטונג איז אַ האַלבער מענש.

אַ גרינער אַז ער אַמעריקאַניזירט זיך, אַ מלמד אַז ער ווערט אַ ביזנעס־מאַן, אַן עקטער אַז ער פערלאָזט דאָס טהעאַטער, אַ שרייבער די ליטעראַטור, אַן אָפּרייטאַר אַז ער האָט חתונה ווערט ער אַ שטיקעל מענש.

אַ איד אַז ער נעהמט אַ שנאַפּס, אַ מלמד אַז ער קומט פון מרחץ, אַן אָרימאַן אַז ער טהוט אָן אַ נייעם ראָק ווערט ער גאָר אַן אנדער מענש.

אַז איינער כאַפּט אַ פּסק פון זיין ווייב און ער שווייגט איהר, אַז מען נעהט אַריין אין אַ סאַלון און מען טרינקט ניט, דער וואָס קען ניט שפּיעלען אין קאָרטען, ווער עס לייענט ניט מיינע אַרטיקלען דער איז גאָר קיין מענש ניט.

דאָס זיינען די הויפּט־בעשרייבונגען פון דעם מענשען אין אַלגעמיין, און אַז איהר וועט זיין מענשען דאָס צו לעזען אויפמערקזאַם, וועל איך מיך שטעלען ווי אַ מענש און אייך שרייבען איבער פיעלע מענשליכע גליעדער בעזונדער.

---

## II.

### די צונג.

די וויסענשאַפט איבער דער צונג, מיינע ליעבע לעזער, וועלען פּראָסטע מענשען שווער פערשטעהען, דערצו מוז מען האָבען אַ געבּאָרענעם צונגוסט, אַ שטייגער אַ פּראָפעסאָר פון אַ סך צונגען (לשונות), אָדער אַ לאָדזשען־פּרעזידענט, וואָס בעזיצט די חכמה פון דער צונג, אָדער אַ פּלוידערזאַק, וואָס שטעקט איבעראַל זיין צונג.

און אזוי ווי מיין שרייבען איז דאָך בלויז פאַר פּראָסטע מענשען, וואָלט איך געמעגט מיין פּאָרטראַג בעהאַלטען, אבער אזוי ווי איך האָב אַ לאַנגע צונג, קען איך מיך ניט איינהאַלטען און מוז זאָגען אַלעס וואָס ליעגט מיר אויף דער שפּיץ צונג.

די צונג איז דער ווייכסטער און דער בעוועגליכסטער טהייל פון מענש־ליכען קערפּער און שטעקט מיט איין שפּיץ אין גאָרגעל און מיט'ן צווייטען שפּיץ צום עולם.

ווען מען האָט די צונג ערפונדען, קען די וויסענשאַפט גענוי ניט בעשטימען. די זולל וסובא אקאדעמיע וויל בעהויפּטען אז די צונג איז געבליעבען פון אברהם אבינו'ס מאָהלצייט פאַר די מלאכים, און וויל יענע דריי צונגען זיינען געוועען מיט זענפט, דערפאר געפינען מיר אַ סך הארבע צינגלעך, וואָס זוכען אייך אימער צו בעזענפטיגען.

איך מיין אבער, אז די צונג עקזיסטירט ערשט פון דער נייער צייט, זייט די אינדוסטריע האָט זיך ענטוויקעלט, וויל ערשט זייט דאמאלס האָט מען אָנגעהויבען זעהען ווי מענשען שטעקען אַרויס די צונג פאַר אַ שטיקעל ברויט.

יעדענפאלס אָבער האָט די צונג אַ מערקווירדיגע אייגענשאַפט. צוויי קאָנטראַסטען (הפכים) פעראייניגען זיך אין דיזען ווייכען שטיקעל פלייש.

החיים והמות ביד הלשון: טויט און לעבען הענגען אויף דער צונג. אבער ניט אימער אויף דער זעלבער צונג.

לעבען פון דער צונג לעבען נור רבנים, שפּיאָנען, פּרעדיגער, דעטעקטיווס, חזנים, אגענטען, פּרעזידענטען און פּאַפּעגייען... און שטאַרבען פון דער

צונג קען יעדער, ווער עס האָט אַ צו לאַנגען צונג און זאָגט מעהר וואָרהייט וויפיעל די וועלט קען פערטראָגען.

זאָגען זיי וועניגער וואָרהייט, שטעקען זיי אַרויס די צונג פאַר אַ שטיקעל ברויט; זאָגען זיי אין גאַנצען די וואָרהייט, הענגט מען זיי אויף פאַר דער צונג.

די צונג איז ענג פערבונדען מיט דער לונג, אבער ניט ביי יעדען, נור ביי אַ שכור, ביי אַ אידענע און ביי אַן אידעאַליסט. וואָס ביי זיי אויף דער לונג, דאָס איז אויף דער צונג.

אויב דאָס איז אַ חסרון אָדער אַ מעלה, קען די וויסענשאַפט ניט פעסט־שטעלען, ווייל עהרליכע מענשען רופען עס אויפריכטיג; וועלט־קלוגע רופען עס אַ פלוידערזאַק, און פּאָליטיקער רופען עס אַ פערברעכען.

צו וועלכער קלאַסע מען געהערט, אַזוי אורטהיילט מען דאַריבער.

עס גיבט אַלערליי צונגען: בייזע צינגער, גלאַטע צינגלעך, קיילעכדיגע צינגלעך, שפּיציגע צינגלעך, שאַרפע צינגלעך, אַ קורצע צונג. אַ לאַנגע צונג, אַ צונג אויף שרייפלעך און געבראָטענע צונג.

קיילעכדיגע צינגלעך האָבען ווייבער, וואָס לאַנגווייליען זיך אין הויז און זיצען אויף דעם סטופּ מיט זייערע שכנות, דאָרט דרעהען זיי די צינגלעך ווי רעדלעך און עס בלייבט אימער דאָס זעלבע.

גלאַטע צינגלעך האָבען דיענסטמיידלעך געגען דער מיסים; יונגע פרויען געגען זייערע אַלטע מענער און ליעבעס־העלדען געגען זייערע געליעבטע.

לאַנגע צונגען האָבען אָקסען און קענען קיין שופר בלאָזען, און נאָך לענגערע צונגען האָבען מאַנכע זשאַרגאָנישע ליטעראַטען, וואָס קענען קיין ספר ניט לעזען.

דאָך האָבען די אָקסען דעם פאָרצוג פון די זשאַרגאָן־ליטעראַטען. וועהרענד דער אָקס שטעקט זיין לאַנגע צונג נור אין זאַכען וואָס איז נאָהענט פון איהם, שטעקט דער זשאַרגאָניסט זיין צונג אין זאַכען, וואָס זיינען גאַנץ ווייט פון איהם. ער דרעהט מיט דער צונג אַהין און אַהער און קען די זאַך דאָך ניט דערגרייכען.

שפּיציגע צינגלעך האָבען די פּאָליטישע רעדנער אויף דער טריבונע. די צינגלעך זיינען אַזוי שפּיציג, אַז זיי מאַכען לעכער אין די פאַקעטס פון פּאָלק.

אַגענטען פון אינסטאָלמענט און לאיף אינשורענס ארבייטען נעבעך זעהר פיעל מיט זייערע צונגען, און זיי ווערען זעהר שנעל שטומפּף, דאָך מוזען זיי עס רעפּארירען מיט שרייפלעך. אבער די צונגען אויף שרייפלעך זיינען נאָך פיעל שערליכער אלס זייערע בייזע צינגלעך: פריהער שטעקען זיי ארויס די צונג ביז זיי רעדען יענעם איין עפּעס צו גענהמען, דערנאָך אָבער צאָהלט יענער ניט און שטעקט זיי ארויס אַ צונג.

די צונגען האָבען ניט אַלע איין גלייכע פונקציאָן: אנדערע שטעקען ארויס די צונג, אנדערע פערבייסען די צונג צווישען די ציין און אנדערע דרעהען מיט דער צונג.

און זאָגאר דאָס ארויסשטעקען די צונג איז ניט ביי יעדען גלייך. צום ביישפּיעל ווען ארבייטער שטעקען ארויס די צונג פאר אַ טאָג ארבייט צום באָס און קויפען איהם אויף קריסטמאס אַ גאָלדענעם רינג פאר זייערע לעצטע עטליכע סענט. נאָך קריסטמאס אָבער רייסט ער זיי נאָך מעהר ארונטער די פרייזען און שטעקט זיי ארויס אַ לאַנגע צונג.

האַלטען די צונג צווישען די ציין איז זעהר געזונד פאר'ן מאָגען, אבער זעהר אָפט אַ קריינק אין הארצען, און דארום איז עס ראטהזאם פאר די מענשען, וואָס דער מאָגען איז ביי זיי טהייערער פון זייער הארץ, אז זיי זאָלען אימער האַלטען די צונג צווישען די ציין.

אָם מייסטענס דרעהען מיט דער צונג די אידישע משכילים, ווען זיי ווילען אַלעס אָבלייקענען און דאָך מיט דער רעליגיאָן חלילה ניט טשעפּען, אַ דרעה אהער, אַ דרעה אהין, אַ לעק די זייט, אַ לעק יענע זייט, ביז פון זייער צונג ווערט אַ לעקער, און ווען דיזע לעקער־קראַנקהייט האַלט אָן חלילה אַ לאַנגע צייט, דאַן ווערט פון דעם גאַנצען משכיל, די שעה זאָל ניט זיין, אַ טעלער־לעקער, אבער מיט דיזער קראַנקהייט קען ער אָבלעבען ביז אין טויט אריין.

ניט־וועלענדיג זיך בעריהמען, מוז איך מיך דאָך פאר אייך פאָרשטעלען, אַז איך האָב די צונג־וויסענשאַפט זעהר גוט שטודירט, און דאָך זיינען מיר פון אַלע צונגען קיינער ניט געבּעלען, נור אָן אָבגעבראָטענער, אָדער אפילו אויך אָן אָבגעקאָכטער צונג, ווייל צו אזא צונג דארף איך ניט לערנען קיין גראַמאַטיק און קיין אויבער־החברות, איך שייל איינפאַך אָב די הויט און דאַן געניס איך ריינעס, ווייכעס, געשמאַקעס פליישׁ, מיט אָדער אָהן כריין

בלייבט זיך גליך, עס איז מיר נאָך אימער ליעב א קאלב־צונג אָדער אַן אָקסען־צונג, איידער חלילה לייטישע צינגער. דאָס איז נאָך טויזענד מאָל ערגער פון לייטישע מיילער.

אבער אייך צו ענטדעקען וואָס איך האָב זיך אין מיין לעבען אָנגעליטען איבער מיין לאַנגען צונג, וואָלט איך בעדאַרפט האָבען א לאַנגען צונג, ווי די מתים, וואָס פלעגען אַרויסשטעקען פאַרטאָג אין אונזערע פוילישע שולען, דאַרום וועל איך מיר ליעבער אָבבייסען די צונג און מיין צונג־וויסענשאַפט ענדיגען.

---

# III.

## דאַס האַרץ.

דאָס האַרץ, מיינע פריינדע, איז א גאַנץ אַלטע ערפינדונג, און מען ווייס נאָך ביז היינט ניט ווען און וואו מענשען האָבען עס געפונען. מאַנכע זאָגען, אז עס איז פון הימעל, געשטיצט אויפ׳ן פסוק עד לב השמים; מאַנכע זאָגען, אז עס איז פון ים, ווייל עס שטעהט: בלב ים. נור דאָס ווייס מען בעשטימט, אז ביז די ציוויליזאַציאָן איז ענטשטאַנען, האָבען זיך אַלע פעלקער בענוצט מיט׳ן האַרצען און פאַסט יעדער מענש האָט געהאַט א האַרץ, און עס האָט זאָגאַר געהערשט דער אבערגלויבען אז אָהן א האַרץ קען דער מענש גאָר ניט לעבען.

זיי פלעגען האָבען שטאַרקע, ברייטע, אָפענע הערצער און דאָרט פלעגען זיי האַלטען זייער בעלי־בתית׳קייט, ווי: רחמנות, יושר, ליעבע און נאָך אַזעלכע קלייניגקייטען, און וואָס ווייכער דאָס האַרץ איז געווען ביי א מענשען, אַלץ מעהר אַזעלכע זאַכען פלעגט ער דאָרט קענען האַלטען. מאַנכע פלעגען זאָגאַר בעהאַלטען אין האַרצען זייער פרוי, זייערע קינדער, זייער משפחה, זייער פאָלק און זאָגאַר די גאַנצע וועלט.

זייט אבער עס זיינען ענטשטאַנען די רעגיערונגס־סיסטעמען, די פּאָליטיק, די מאַשינערי, איז דאָס האַרץ געוואָרען אַלט־מאָדיש, און זעלטען ביי וועמען מען געפינט נאָך א האַרץ.

איבערהויפּט האָט די ענטדעקונג פון געלד זעהר פעררוקט דאָס האַרץ, אוןביידע צוזאַמען איז ביי קיינעם ניטאָ: ווער עס האָט אַ האַרץ האָט קיין געלד ניט, און ווער עס האָט געלד האָט קיין האַרץ ניט.

ביי די וואָס האָבען געלד איז ווירקליך דאָס האַרץ איבריג, ווייל זיי האָבען גאָרניט וואָס אין האַרצען צו האַלטען: קיין רחמנות, קיין יושר, קיין ליעבע — און אויף כפּרות דאַרפען זיי אַ האַרץ.

אויסער די דערמאָנטע בעלי־בתית'קייט זיינען דאָ מענשען וואָס האָבען גאָט אין האַרצען, און די גרעסטע אפּיקורסים זיינען מודה, אַז האָבען גאָט אין האַרצען איז בעסער ווי האָבען גאָט אין מויל און דעם טייפעל אין האַרצען, ווייל אחד בפּה ואחד בלב, דאָס הייסט אין האַרצען אַנדערש און מיט'ן מויל אַנדערש איז אַ זיטע פון יעזואיטען, פּאָליטיקער, צבוע'קעס און אַנדערע זאַגען, אַז דאָס איז דער מנהג צווישען מאַן און ווייב.

אָבער ביי מענשען, קינדער, דיכטער און משוגעים איז מיט וואָס זייער האַרץ איז פול, דאָס לויפט זיי איבער'ן מויל.

פון וועלכען שטאָף דאָס האַרץ איז פאַבריצירט, איז די וויסענשאַפט נאָך ניט אים שטאַנדע געווען צו געפינען, ווייל ביי פערשיעדענע מענשען איז דאָס האַרץ פון פערשיעדענעם שטאָף, צום ביישפּיעל: גבאים, פּרעזידענטען פון טשאַריטיס, שטיעפמוטערס, חברה קדישא־לייט, רעקרוטען, כאַפּער און באָסעס, האָבען שטיינערנע הערצער.

קעניגע, מערדער, ערצטע און סאָלדאַטען, האָבען אייזערנע הערצער.

וויבער, אַנאַרכיסטען און פערליעבטע האָבען גלעזערנע הערצער — ביי יעדער קלייניגקייט גענען זייער ווילען, פּלאַצט ביי זיי דאָס האַרץ.

צוקראָכענע פרויען און שלים־מזל'ניקעס האָבען צוקעריגע הערצער, און ביי יעדער זאַך צוגעהט זיי דאָס האַרץ.

מוזיק־ליעבענדע האָבען וואַקסענע הערצער, ווי זיי הערען נור מוזיק, ווערט זייער האַרץ צושמאָלצען.

ביי פרויען לאָזט זיך איבערהויפּט ניט פעסטשטעלען וואָס פאַר אַ האַרץ זיי האָבען, ווייל אַ פרוי קען אַמאָל האָבען 99 הערצער, אַזוי ווי 99 נשמות.

אָט האָט זי אַ געבראָכען האַרץ פון קינדער, און אָט האָט אָן אַגענט אַ קלאַפּ געטהאָן אין טהיר און דאָס האַרץ איז איהר אַרויסגעפלויגען פון

שרעק, און באַלד האָט זי שוין אַ גומלאַסטענע האַרץ, וואָס ווערט איהר פערקלעמט, וואָס זי האָט איהם ניט אַריינגעלאָזען.

אָהט האָט זי געהאַט אַ לאָקאָמאָטיוו אין האַרצען, און אַז דער מאַן האָט איהר ניט געוואָלט קויפען אַ נייעם העט האָט איהר האַרץ געקאָכט ווי אַ קעסעל און פאַר פערדרוס איז איהר דאָס האַרץ צושפּרונגען געוואָרען, און באַלד שרייט זי אַז עס חלש'ט איהר דאָס האַרץ, זי האָט שוין אַן אַנדער האַרץ אַ חלשות'דיגע.

אָט האָט זי אַ לייםענע האַרץ און דאָס האַרץ ברעכט איהר קוקענדיג ווי דער מאַן האָרעוועט, באַלד האָט זי אַ האַרץ פון קוועקזילבער און עס וואַרפט זיך אין איהר דאָס האַרץ פון קלעפּ, באַלד האָט זי ליעב אַ הויז דעם מאַן נאָך אַ צווייטען און איהר האַרץ איז צושפּאַלטען אויף צווייען, האָט זי צוויי האַלבע הערצער, באַלד בעקלאָגט זי זיך אַז די קינדער האָבען איהר אויפגעגעסען אַ האַלב האַרץ, האָט זי נור אַ האַלב האַרץ, און טאַקע באַלד האָט זי שוין פון צרות גאָר קיין האַרץ ניט, און זאָגט צו איהר געליעבטען אַז נור ער איז איהר האַרץ און וויל איהם אַריינזעצען אין האַרצען.

און ווירקליך איז דאָס פרויען־האַרץ אַ רעטזעל, אַ פּראָבלעם פאַר אַלע אַנאַטאָמיקער. שטעלט זיך פאָר, אַז אונטער'ן האַרצען קען זי נור טראָגען אַ פּיצעלע קינד און אין האַרצען טיעף האָט זי אַ היבשען פרעמדען יונגענמאַן און אַ הויז דעם אַ פול האַרץ מיט שטיינער אויף איהר אייגענעם מאַן, דערצו האָט זי נאָך גאָט אין האַרצען, וואָס זי צוברעכט איהם ניט דעם קאָפּ, פאַר די באָרדערקע טראָגט זי אום מעסערס אין האַרצען, און פון דער דיענסטמויד האָט זי אַ וועהטאָג אין האַרצען, און פון דער שכנה האָט זי וואונדען אין האַרצען... איהר הערט וואָס פאַר אַ באַגאַזש זי האָט אין האַרצען, און נאָך דעם אַלעם שרייט זי נאָך אַז עס ציהט איהר דאָס האַרץ און זוכט נאָך מיט וואָס צו ערקוויקען דאָס האַרץ, ווייל זי פיהלט גאָר דאָס האַרץ ניט.

אין נאָרד אַמעריקאַ האָב איך בעגעגענט מענשען גאָר אָהן הערצער, און דאָך האָט יעדער אַ האַרץ אויף זיין חבר; אַ מאַן אָהן אַ האַרץ האָט אַ האַרץ אויף זיין ווייב, אַ האַרצלאָזער פּובלישער האָט אַ האַרץ אויף זיינע קאָנקורענטען, אַ רעפאָרמירטער הערצלאָזער פּרעדיגער האָט אַ האַרץ אויף אָרטהאָדאָקסען...

נו, איז דאָס ניט אַ וואונדער, אַליין בלייבען אָהן אַ האַרץ און טראָגען אַ האַרץ אויף אַן אנדערען?...

„די אויגען זיינען די שפּיגעל פון האַרצען", זאָגט מען אַ שפּריכ־וואָרט. אבער דאָס זיינען קאָנקאַווע שפּיגעל (שקוע) וואָס ציינען תמיד די זייטען זאַכען, אבער ניט וואָס עס טהוט זיך אין מיטען.

אַ גליק איז נור וואָס עס איז ניטאָ קיין טהירעל און קיין פענסטער אין האַרצען, זאָנסט וואָלט קיין בעהעלטעניס פאַר געהיימניסע אויף דער וועלט ניט געוועזען און איינער וואָלט אריינגערוקט צום אַנדערען אין האַרצען; מאַנכע וואָלטען מיט קוקען אַליין נאָך ניט אָבגעקומען, נור זיי וואָלטען אריינגעקראָכען מיט די שטיוועל צו יענעם אין האַרצען אריין.

אין יאָהר 1875 האָט מען אויסגעפונען אין שניפּעשאָק אַ 16־יעהריגע מיידעל מיט אַ געבאַקענע האַרץ און אַן אולאַנער אָפּיציער איז איהר געוועזען איינגעבאַקען אין האַרצען. אבער ווי עס ווייזט אויס איז עס געוועזען איבער־געבאַקען און אַביסעל צוגעברענט, ווייל פריהער האָט זי איהם געשריען „מיין זיס האַרץ" און דערנאָך האָט זי בעקומען אַ ביטער האַרץ אויף איהם.

דער פּלאַץ וואו דאָס האַרץ געפינט זיך ביים מענשען לאָזט זיך נים בעשטימט זאָגען. מאַנכע האָבען דאָס האַרץ אין מאָגען, דען ווען דער מאָגען איז ביי זיי לעדיג און ווערט צוזאַמענגעשרומפּפען קלעמט זיי דאָס האַרץ, און מייסטענס קלעמט דער מאָגען אזוי פעסט צוזאַמען דאָס האַרץ, אַז זיי בעקומען צוויי הערצער. דערפון האָט מען שוין געוואוסט אין דער גמרא'ס צייטען, אַז אויפ'ן ניכטערן האַרצען האָט מען שני לבבות.

מאַנכע האָבען דאָס האַרץ אין קאָפּ, און ווען זיי נעהמען זיך עטוואָס צום האַרצען איבערלעגען זיי עס באַלד אין קאָפּ, אָדער ווען עס ווערט זיי שווער דאָס האַרץ פערליערען זיי דעם קאָפּ.

ביי קאַרגע איז דאָס האַרץ אין פּאַקעט: אַז זיי שטעקען נור די האַנד אין פּאַקעט, טרייסעלט זיך באַלד דאָס האַרץ.

ביי רוסישע בויערן איז דאָס האַרץ אין דער פּאַטילניצע, קוים זאָגט מען זיי עטוואָס וואָס בעריהרט זייער האַרץ, קראַצען זיי די פּאַטילניצע.

אבער דאָס איז אַן אירטהום אַז דאָס האַרץ איז אין דער ברוסט, ווי מען האָט געמיינט ביז איצטער, ווייל מיר געפינען פיעלע מענשען מיט אַ פולער

ברוסט און דאָך מיט א לעדיג הארץ, און פערקעהרט אנדערע וואָס האָבען גאָר קיין ברוסט ניט און האָבען דאָך א גוט הארץ.

ליעבע לעזער, מיין ארטיקעל איבער'ן הארץ זאָל אייך גאָר ניט אָנכאפּען ביים הארצען. איהר קענט עס גאנץ לאנגזאם זיך נעהמען צום הארצען, ווייל איך מיין עס גאנץ הערצליך, און אָבוואָהל איך גיס אויס פאר אייך תמיד מיין גאנץ הארץ, דאָך האָב איך נאָך א גוטע הארץ אויף אלע אידען און אויף אייך אויך.

---

# IV.

## די אויגען

מיינע ווערטהע ליידיס און דזשענטלמען! איך האָף אז מיינע וויסענשאפטליכע פאָרטרעגע איבער די „מענשליכע גליעדער" האָבען געפונען חן אין אייערע „אויגען", און דארום וויל איך אויס דאנקבארקייט צו אייערע גוטע אויגען אייך ערקלערען די וויסענשאפטען איבער „אויגען".

אויף דעם נאקעטען טהייל פון מענשליכען קערפּער, וואָס הייסט געזיכט, איז ערזיכטליך צוויי קליינע פענסטערלעך פוןביידע זייטען נאָז, וועלכע מען רופט „אויגען".

אָבער בעפאָר מיר רעדען איבער די „געזיכטס אויגען", בעטען מיר דעם ווערטהען פּובליקום ניט צו פערבייטען די „געזיכטס אויגען" מיט „היהנער אויגען" אָדער מיט פעטע „זופּען אויגען", ווייל היהנער־אויגען דריקען און מען ווינשט זיי צו האָבען וואָס ווענינער, זופּען־אויגען קוויקען און מען ווינשט זיי צו האָבען וואָס מעהר און געזיכטס־אויגען קוקען און מען ווינשט זיי צו האָבען נור צוויי, ווי פיעל מען האָט.

וואָס פאר א מין כלי דאָס אויג איז ווייס מען נאָך ביז היינט ניט. מאנכע זאָגען אז דאָס אויג איז א פענסטערל דורך וועלכען מען קוקט אריין אין דער זעעלע פון דעם מענשען, און דארום זיינען זיי אויך פערזעהען מיט לאָדען (שאָטעס) דער עהרליכער מאן זאָל זיי קענען פערמאכען, ווען ער בעגעגענט העסליכעס און בייזעס, און דער אונעהרליכער מאן זאָל זיי

קענען צומאַכען כדי אַן אַנדערע זאָל ניט קענען אַריינקוקען וואָס קומט פאָר אין זיין אינערע זעעלע

מאַנכע זאָגען, אַז דאָס אויג איז אַ שפּאַרקאַסטען אָהן אַ דעק, ווייל וויפיעל דאָס אויג זעהט ווערט עס קיין מאָל ניט זאַט; מאַנכע זאָגען אַז דאָס אויג איז אַ וואָגע, ווייל פיעל מענשען שטעכען דורך מיט די אויגען.

איך אָבער בעהויפּט, אַז דאָס אויג איז פּשוט אַ מויז, ווייל ביי פיעלע מענשען, ווען זיי זעהען אַז זייער שכן האָט וואָס צו עסען קריכט זיי ארוים די אויגען.

מיין זיידע עליו השלום האָט פּערזענליך גערעדט מיט'ן פּערפאַסער פון די אויגען, און ער האָט איהם געבּרעגט וואָרום ער האָט זיי געשטעלט פון ביידע זייטען נאָז. האָט ער איהם געענטפערט, אַז ער האָט עס געטהאָן דערפאַר, כדי די אויגען זאָלען זיך ניט אָנקוקען איינס דאָס אַנדערע, ווייל אַז איין אויג זאָל קענען אָנקוקען דאָס אַנדערע, וואָלט דער מענש געקענט זיך אַליין קוקען אין די אויגען, דאַן וואָלט ער תמיד געמוזט ענטוועדער לאַכען פון זיינע נאַרישע געדאַנקען, אָדער זיך שעהמען פאַר זיינע בייזע געדאַנקען.

די אויגען בעשטעהען אויס פערשיעדענע שטאָפען: אויס פייער, וואַסער, זאַמד, וויסעל, שוואַרצעל און ברעמען, ד. ה. אויגענלידער.

נור דאַרף דער לעזער ניט פערבייטען די אויגענלידער אויף טהעאַטער־לידער, ליעבעס־ליעדער, שימפּף־ליעדער, וואָס יעדער לידערליכער לודער אָדער לייַדער פאַר'ן פאָלק, ווייל יענע ליעדער ווערען געמאַכט פון פער־שטאָבענע אויגען, אום צו שיטען דעם פאָלק זאַמד אין די אויגען, און יעדער מענש מיט אָפענע אויגען מוז ביים לעזען אַזעלכע ליעדער אַראָבלאָזען זיינע אויגענלידער פאַר שאַנדע.

אלע די וואָס ווערען געבאָרען אין מזל מאדים, האָבען פייעריגע אויגען. צום ביישפּיעל: מערהדער, מוהלים, בוטשערס, שוחטים, פערד־מעקלערס און פּראָסטיטוטקעס. און דאָס פייער ווערט ניט פערלאָשען כאָטש שפּייט זיי אין פּנים, ווייל זיי מיינען עס געהט גאָר אַ רעגען.

וואַסערדיגע אויגען האָבען: יתומים, אלמנות, וויבער, גנבים, און אידען אום ימים נוראים, זיי גיסען מיט די אויגען און עס טריקענט קיין מאָל ניט אויס.

זאמד אין די אויגען האָט היינט יעדער, אַזוי זאָגען די פּראָפעסאָרען. און דאָס איינציגע מיטעל דערצו איז „לעקען“. דער איינציגער פעהלער דערביי איז, וואָס דיזעלבע מענשען וואָס שיטען דעם אונוויסענדען פאָלק זאמד אין די אויגען, אום זיי צו פערבלענדען די אויגען, זיינען זיי אַליין די לעקער און שמייכלער פון פאָלק, און ביים לעקען שיטען זיי ווייטער זאמד.

ביז נון האָט מען געמיינט, אַז די אויגען קענען נור זעהען. אין דער לעצטער צייט אָבער האָט מען ענטדעקט אַז אין ניו יאָרקער סטריטען געהען אום ביינאכט יונגע פרויען, וואָס קענען רעדען מיט די אויגען, און מיט אָפענע אויגען רעדען זיי פון שלאָף.

די אויגען רעדען אַלע שפּראַכען, און זיי ברויכען גאָר קיין לעהרער צו דיזער אויגען־שפּראַכע, ווייל די שלעכטע ערציהונג איז זייער לעהרער, די נויט איז זייער גראַמאַטיק און די שלעכטע געזעלשאַפט זייער ווערטערבוך.

דאָס טהייערסטע פון אַלע גליעדער איז ביים מענשען דאָס אויג, ווייל אַלעס וואָס איהם איז טהייער היט ער ווי דאָס אויג אין קאָפּ, דאָך זיינען דאָ אַזעלכע אויגען־קינסטלער וואָס גנב'ענען אַרויס דאָס ווייסעל פון דעם אויג.

אויסער די אויסגערעכענטע שטאָפען בעזיצט נאָך דאָס אויג „זוכט“ און „זיכט“.

טיראַנען, דעספּאָטען און פּאָליטיקער האָבען הערש־זוכט, גייסטליכע און שכורים האָבען טרונק־זוכט, קאַפּיטאַליסטען, מאָנאָפּאָליסטען און פּראָצענטניקעס האָבען געלד־זוכט, ארבייטער און אידישע ליטעראַטען האָבען געל־זוכט און די איינוואָהנער פון די טענעמענט־הייזער האָבען די שווינד־זוכט.

און דערביי האָט זיך יעדער זיין אַבזיכט און אויסזיכט זיין צוועק צו ערייכען, און איבערזיכט איבער אַלע מיטעל וואָס שטעהען צו זיינע דיענסטען, נור פעהלט זיי די ריקזיכט מיט זייערע מיט־מענשען און די איינזיכט אין דער וועלט־אָרדנונג.

ווען אַלע טיראַנען זאָלען בעקומען די סטאַרזוכט, וואָלטען מיר בעקומען אויף דער צוקונפט אַ גוטע אויסזיכט.

איין גרויסען וואונדער זעהט מען ביי די אויגען. מען זעהט אין די ניו יאָרקער סטריטען פיעלע לעדיגגעהער און אויך אונגליקליכע, וואָס האָבען

בלויז צוויי שוואַכע אויגען, און דאָך וואַרפען זיי אויף יעדער זאַך טויזענד אויגען.

איך האָב געזעהן ווי אַ טויגעניכטס האָט געוואָרפען אַן אויג אויף אַ פּאָאַר שוואַרצע אויגען, ער האָט פון איהר אַן אויג ניט אַראָבגעלאָזט, אַז עס זיינען איהם שיער די אויגען ניט אַרויסגעקראָכען, ביז ער האָט בעקומען אַ פּאָאַר בלויע אויגען פון אַ בלויען ראָק וואָס האָט פון איהם ניט אַראָבגעלאָזט די אויגען.

איך אַליין האָב געזעהן מיט מיינע אויגען, ווי אַן אָרימאַן איז געשטאַנען נעבען אַ רעסטאָראַנט און האָט געגעסען מיט די אויגען, נור דאָך איז ער נעבעך אוועקגעגאַנגען הונגעריג, ווייל די זופּען מיט די פעטע אויגען האָט אין דעם אויגענבליק אויפגעגעסען מיט'ן מויל אַ רייכער דזשענטלמאַן מיט אַן אויגען־גלאָז אויף דער נאָז.

עס גיבט פיעלע מענשען וואָס מאַכען צו אַן אויג אויף פיעלע זאַכען, דאָך האָבען זיי אָפענע אויגען און זעהען גאַנץ ווייט אין דער צוקונפט. דאַגעגען זיינען דאָ פיעלע מענשען וואָס אויגענשיינליך האַלטען זיי אָפען די אויגען און זעהען ניט וואָס אונטער זייער נאָז טהוט זיך.

מיר ווייסען, דאַכט זיך, אַז פייער לייכט, דאָך זיינען דאָ אַ סך מענשען מיט פייערדיגע אויגען און דאָך איז זיי נעבעך פינסטער אין די אויגען, און גראַד אַזעלכע וואָס האָבען וואַסעריגע אויגען האָבען אָפט זעהר ליכטיגע אויגען.

מיר ווייסען ווייעדער אַז גלאָז ברעכט זיך לייכט, לויט דעם דייטשען שפּריכוואָרט: „גליק אונד גלאַז, ווי לייכט בריכט דאַס"; דאָך זעהען מיר אַז גראַד די וואָס האָבען גלעזערנע אויגען איז זייער אויג קיין מאָל ניט נעבראָכען.

אַ קלוגער מענש האָט טיפע אויגען, און ווען מען קוקט אין זיי אַריין, זעהט מען דאָרט אַ גאַנצע וועלט, און אַלע איינוואָהנער פון דיזער וועלט זיינען וואַכענד, אַלע אַרבייטען, זיינען טהעטיג און עס געלוסט זיך נאָך ווייטער אַריינצוקוקען.

ביי דומע מענשען דאַגעגען זיינען די אויגען פערשטעלט מיט לאָדענס אָדער מיט טשאָלענט ברעטלעך און מען זעהט אַז אַלעס שלאָפט דאָרט,

אַלעס איז דאָרט טויט ווי אויף אַ בית עולם. אויף אַזעלכע אויגען גלוסט זיך צו וואַרפען קנאַבעל.

אַלע די וואָס האָבען גנב'ישע אויגען, קענען ניט קוקען קיין מענשען גלייך אין די אויגען, דאָרום מוזען גנבים, מיסיאָנערען און זונות ענטוועדער פינטלען מיט די אויגען אָדער פערגלאָצען אַרויף די אויגען.

צו אַזעלכע שלעכטע אויגען איז דאָ נור איין מיטעל, ווי צו היהנער־אויגען: ענטוועדער אויסצושניידען אָדער אויסצושטעכען.

ביי אַבערגלויבישע מענשען איז אַ „גוט אויג" פיעל שעדליכער איידער אַ שעדליך אויג, און דאָרום טהוט מיר זעהר לייד וואָס עס איז ניט דער־זעלבער פאַל ביי רעוואָלוציאָנערען און אַרבייטער, דען דאַן וואָלטען זיי געקענט לייכט זיך נוקם זיין אָן די דעספּאָטען און מאָנאָפּאָליסטען, זיי וואָלטען פערשפּאָרט די גאַנצע שיסעריי און וואָלטען איינפאַך געקענט זיי געבען אַ „גוט" אויג.

נור מיין יואל טרייסט מיך דערמיט אַז אַ גוט אויג (אָן עין הרע) וואָלט די וועלט־פיינדע אויך ניט געשאַדט, ווייל די גייסטליכע האַלטען מיט זיי און וואָלטען זיי באַלד אָבגעשפּראָכען אַ גוט אויג.

אייגענטליך וואָלט איך איבער'ן אויג געקענט נאָך פיעל אויגענבליקע ערקלערען, אַבער אין דעם אויגענבליק האָט מיר מיין אייגענע איין־איינציגע אויג אין קאָפּ אַנידערגעשטעלט אַ טעלער זופּ מיט פיעל פעטע אויגען פאַר די אויגען, און איך וואָלט עס שוין איינגעשלונגען מיט די אויגען. דאָרום מוז איך שליסען מיין לעהרע איבער די אויגען, וועלכע וועט געוויס געפינען חן און לייטזעליגקייט אין אייערע אויגען.

---

## V.

### די נאָז.

אויב די אויגען זיינען פּוזביידע זייטען נאָז, מוזען מיר על פּי חקירה זאָגען, אַז די נאָז זיצט אָדער ליעגט אָדער בעסער העננט צווישען די אויגען.

לויט די לעצטע עקספּערימענטע דער וויסענשאַפט, איז עס פּערכט־

געשטעלט, אַז די נאָז בעשטעהט אױס הױט און ביינער, אױס פלייש און
כראָמסקע און אױס זאָנסטיגע טראָקענע און נאַסע פליסיגקייטען.

אויף א מיקראָסקאָפּ, וואָס פערגרעסערט זאַכען 7000 מאָל, זעהט
אויס די נאָז ווי א קוימען פון אַן אָבגעברענטען דאַך, אָדער דער טהורם פון
מיכאילעווסקען פוילישען קלויסטער.

די נאָז בעזיצט אַלע זיעבען פארבען פון דעם רעגענבויגען: פון פראָסט
איז זי רויט, פון וױהיסקי — בלוי, פון שלעכטע ביזנעס — געל, פון א
שלעכטע מערכה — שווארץ, פון פּוידער — ווייס, פון אונגליקליכער ליעבע —
גרין, פון דער דראַמאַטישער קונסט — אַלע זעקס פארבען אינאיינעם, אָדער
גאָר אָהן א קאָליער.

די פילאָזאָפען, וואָס בעהויפּטען אַז די נאַטור שפּיעלט אויף א
הארמאָניע, אָדער, אַז אַן הארמאָניע שפּיעלט אויף דער נאַטור, דאָס הייסט,
אַז אַלעס וואָס עס איז דאָ אין דער נאַטור איז זעהר שעהן און הארמאָניש,
בעהויפּטען און מיר מוזען עס אויך צוגעבען, אַז עס איז זעהר שעהן וואָס
די נאָז שטעהט אויפ'ן מיטען פּנים גראָד.

ווייל, אַז ניט, זאָגען זיי, וואָלט דאָס פּנים אפילו לפנים ניט געהאַט קיין
פּנים פון א פּנים, הפנים אַז זיי האָבען געמיינט, אַז על כל פּנים וואָלט עס
געהאַט א פּנים, ווי א פּנים אָהן א נאָז.

דאַגעגען אָבער ווילען האָבען די עסטעטיקער (אַזעלכע מענשען וואָס
האָבען א געפיהל נור פאַר שעהנע און ערהאַבענע... נעזער), אַז עס איז
אבשייליך צו האַלטען אַן אָברייניגונגס־קאַנאַל גראַדע אויפ'ן פּנים, — זי
וואָלט געהאַט א פיעל פאַסענדערען פּלאַץ.

די רעפאָרמער האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען די אַלטמאָדישע נאָז,
וואָס זי שטעהט מיט די לעבער אראָב, גראַדע צום מויל, וואָס דאָס הינדערט
דאָס קוסען זיך מיט די אַסימילירטע פרויען, און ביים עסען פון שוויינען־
פלייש דערשמעקט זי באַלד מיט וואָס דיזעלבע האָבען זיך ערנעהרט ביים
לעבען (ניט די רעפאָרמער, נור די שווײנען. דער זעצער.), און זיי האָבען
געוואָלט די נאָז רעפאָרמירען, ווי זייערע תפילות, מיט די לעבער אַרויף.

צו דער זעלבער צייט איז אויפגעשטאַנען א צווייטע סעקטע מיט דעם
נאָמען „נארישע חתנים“, וואָס פלעגען ניט פערשטעהן אַזוי גיך ווי עס ווערט

פון אַ אינגעל אַ איד אין איין נאַכט און מען פּלעגט זיי ציהען ביי דער נאָז, האָבען זיי געוואָלט זי גענצליך מאַכען מופּען פון דעם פּנים.

ראַגעגען אָבער האָבען די אַנטראָפּאָלאָגען, איך אַליין אויך, פּראָטעסטירט געגען דיזען אונרעכט, ווייל מיר האָבען איינגעזעהען, אַז די נאָז איז דאָס נויטיגסטע גליעד ביים מענשען, און דאָס זי קען פערטרעטען אַלע איבריגע גליעדער.

אַ בעווייז אַז עס זיינען דאָ פיעלע מענשען וואָס הערען ניט, זעהען ניט און פערשטעהען קיין זאַך ניט, קוים אָבער שטעקען זיי נור אריין די נאָז אין וואָס־עס־איז, דערשמעקען זיי שוין אַלעסדינג.

זעלבסטפערשטענדליך איז אונזער פּאַרטיי געווען שטאַרקער און מיר האָבען געזיגט — די נאָז איז געבליעבען אויף דעם זעלבען פּלאַץ, אין דערזעלבער פּאָזיציאָן, ווי מען האָט זי ערפונדען.

די נאָז שטאַמט פון גאַנץ אַלטע צייטען. אין איהר פּרימיטיווע פאָרם האָט זי געהאַט אַ פּנים ווי אַ ציבּ, און דאָס בעווייזט דאַרווין, אַז די דומע מענשען וואָס האָבען מורא פאַר'ן פּראָגרעס לאָזען זיך נאָך ביז איצט פיהרען ביי דער נאָז ווי ביי אַ צוים.

ביי דער ציוויליזירטער וועלט האָט די נאָז שוין בעקומען די פאָרם פון אַ טערמאָמעטער.

ווען אַ מענש מאַכט גוטע ביזנעס און די וועלט איז איהם ווי אַ באָד און ער איז דער שמייסער, האַלט ער הויך די נאָז.

ווען ארבייטער פערליערען אַ סטרייק, לאָזען זיי אראָב די נאָז. דאַן אָבער פערדרייסען די באָסעס מיט דער נאָז.

אַ קאָרטענשפּיעלער ווען ער פערשפּיעלט, אַ שרייבער ווען מען בראַקירט אויס זיין אַרטיקעל, אַ פערליעבטער ווען ער דערהערט דעם „ניין", בעקומט אַ לאַנגע נאָז.

אַ מאַן ווען ער קומט שפּעט אהיים, אָדער ווען דאָס ווייב געפינט איהם קוכענדיג די באָדערקע, בעקומט אַ מיאוסע נאָז.

יעדאָך בלייבט די נאָז ניט אימער אין איהר געוועהנליכע פּאָזיציאָן, זי ענדערט זיך לויט די אומשטענדען: אַ מיידעל אַז מען זאָגט איהר, אַז זי איז ניט שעהן, אַ רעדאַקטאָר, אַז זיין צייטונג טויג ניט; אַן אַקטיאָר, אַז ער האָט זיין ראָלע שלעכט געשפּיעלט, פערדרעהען זיי מיט דער נאָז.

אַ קאַרגער, אַז מען בעט איהם אַ נדבה פערקרימט די נאָז.

אַז איינער לויבט זיך אַליין, מאַכט מען איהם אַ לאַנגע נאָז.

מיוחסים, משכילים, רוסישע פּאַטריאָטען, וואָס קומען נאָך אַמעריקאַ, לאָזען באַלד אראָב די נאָז.

עס גיבט פערשיעדענע נעזער:

דער איד האָט אַ אידישע אדלער־נאָז. די אדלער־נאָז איז די נאָז אַלער נעזער, ווייל שיר השירים איז דאָס ליעד פון אַלע ליעדער, און דאָרט שטעהט אויסדריקליך „אפּך כמגדל הלבנון", דיין נאָז איז ווי דוד'ס טהורם, און דאָס מיינט מען די נאָז פון כנסת ישראל, די אידישע נאָז.

עס גיבט אַ גריעכישע נאָז, האַלב רונד; אַ פראַנצויזישע נאָז, שפּיציג; אַ סלאַווישע נאָז, קורץ און גראָב; אַ כינעזישע נאָז, פלאַציג.

פון דעם אַליין ציהען די מעטאַפיזיקער דעם שלום, אַז די נאָז איז פון גאָט אַליין בעשאַפען געוואָרען נאָך קודם מתן תורה.

ווייל, זאָגען זיי, ווען דער איד זאָל חלילה געווען האָבען אַ סלאַווישע נאָז, וואָלט ער ניט געוואָלט מאַכען שבת־צו־נאַכט די ברכה בורא מיני בשמים.

ווען די פראַנצויזען זאָלען חלילה געווען האָבען אַ כינעזישע נאָז, פלאַציג, וואָלטען זיי קיינמאָל ניט געקענט קומען צו אַ שפּיציגען אייפעל־טהורם.

ווען די כינעזער זאָלען האָבען אַ שאַרפע ענגלישע נאָז, וואָלטען זיי אויך געמאַכט מיסיאָנען פאַר אידען זיי צו בעקעהרען צו זייער גאָט קאָנפוציוס.

עס גיבט אויך נעזער ווי אַן אתרוג, אָבער דאָך ערלויבען די רבני ארץ־ישראל ניט צו בענשען אתרוג מיט זיי סוכות, ווייל די אתרוגים־נעזער זיינען ניט גרין נור רויט, און ווייל זיי האָבען צופיעל פּטום'ס.

די הויפּט־פונקציאָן פון דער נאָז איז טאַבאַק צו שמעקען און אין פרעמדע ביזנעס זיך אריינצושטעקען, און ווייל די נאָז איז ניט נור אַ טערמאָ־מעטער נור אויך אַ ביזנעס מעטער, דאַרום איז אויך ניט מעהר ווי רעכט און ביליג צו היטען די נאָז פון פּיקפּאַקעטס.

און דאַרום איז מיר גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס גרויסע אַמעריקאַנער

סוהריב ווען זיי געהען דורך אין די ענגע גאַסען ווי העסטער, לודלאָוו, באַיארד האַלטען זיי די נאָז אין דער האַנד.

אין דער לעצטער צייט האָט מען אין אַמעריקא ערעפענט א נאָזען־שולע, פון וועלכע עס געהען אַרויס נאזיסטען, אזוי גוט ווי דענטיסטען.

אין קאנעל סטריט האָב איך שוין געלעזען דעם סיין פון אַן אויס־שטודירטען נאָזיסט.

דער בעריהמטער און בעליעבטער נאָזיסט מאַכט נאָז־אָפּעריציאָנען חצי חנם.

פאָנפעוואַטע און איינגעפאַלענע נעזער רעפּאַרירען אָדער מאַכען אנדערע — איין דאָלאַר.

אָנרייסען א נאָז, 50 סענט.

אָנדרעהען א נאָז, א קוואָדער.

פלאָמבירען מיט טאָבעקא אָדער טירקישען פעפער, צוויי שילינג.

קלינען א נאָז, ביי מיין אַסיסטענט, א ניקעל.

פאַר ארבייטער אומזיסט ביז נאָכ'ן סטרייק, מיט א שנאָל אין נאָז אַלס פרעמיום.

מיינע ליעב לעזער, עס נעהמט א ברענענדיגער פּראַסט און איך האָב מורא נאָך ווייטער ארויסצושטעקען מיין נאָז.

---

## VI.

### דאָס מויל.

ליעבע לעזער, איהר זאָלט ניט מיינען, אז מיין מויל־וויסענשאַפט איז חלילה ניט אין מויל צו נעהמען, ווייל אז איך עפען מיין מויל שיטען זיך ניט ווערטער, נור פערל פון מויל — דער בילינגסטער איז ווערטה 5 סענט.

איהר זאָלט וויסען, מיינע דאַמען און ליידיס, אַז די גרעסטע ערפינדונג אויף דער וועלט איז דאָס מויל. ווען מען זאָל ניט געווען ערפינדען דאָס מויל, וואָלטען מיר א גאַנצען טאָג ניט געקענט גאָרנישט אין מויל נעהמען, און כאָטש מיר וואָלטען געהאַט א פיל מויל דאגעגען צו פּראָטעסטירען, וואָלטען מיר ניט געטאָרט עפענען דאָס מויל א וואָרט צו רעדען.

מיר דאַרפֿען אָבער ניט קוקען אויף יענע אונוויסענדע מענשען, וואָס זאָגען: „אז ווען דאָס מויל וואָלט געלעגען אין דר'ערד, וואָלטען מיר אין גאָלד געגאַנגען", ווייל דאָס זאָגען נור די „אָרימע לייט" וואָס מוזען נעבעך אָבשפּאָרען פון זייער מויל אום עטוואָס זיך צו מאַכען, ווייל זיי פערדיענען נעבעך פון האַנד אין מויל אריין. אבער מיר „ציוויליזירטע" מענשען, וואָס מיר האָבען אַלעס וואָס אַ מויל קען אויסרעדען, און דאָך האָבען מיר אַ פול מויל — מיט טשו־טאָבעקאָ אָדער טשו־קענדי בלייבט זיך גלייך — דאַרפֿען מיר דעם ערפינדער פון דעם מויל שטעלען אַ גאָלדענעם מאָנומענט סאמע אין מיטען מארק.

דער בעכטער פּלאַץ וואָלט געוועזען דער חזיר־מאַרק, ווייל דאָרט נוצט מען דאָס מויל מעהר ווי איבעראַל. אַ גאַנצען טאָג פערמאַכט זיך זיי ניט דאָס מויל שרייענדיג, שילטענדיג, געגעצענדיג, קייענדיג און אזוי ווייטער.

ווען דאָס מויל איז ערפונדען געוואָרען, ווייסען מיר ניט גענוי. מאַנכע אסטראָנאָמען בעהויפּטען, אַז עס שטאַמט פון די מויל־העלדען, דאָס הייסט, אַזאַ מין חיה וואָס זיינע העלדענטהאַטען געהען איהם פון מויל ניט ארויס.

אַנדערע מחקרים, וויעדער, זאָגען, אַז דאָס מויל עקזיסטירט שוין פון גאַנץ אַלטע צייטען, זייט מענשען געדענקען, ווייל מיר געפינען שוין אין דער תורה ווי בלעם'ס עזעל האָט געעפענט דאָס מויל — דערפון האָבען זיך טאַקע אָנגעפאַנגען די „מויל־עזעל", דאָס איז אַזאַ מין פערשאָלטענער מענש, וואָס מען דערקענט איהם ערשט, ווען ער עפענט זיין מויל.

דאָס זיינען אָבער ניט די געוועהנליכע עזלען, ווייל די געוועהנליכע עזלען האָבען לאַנגע אויערן, פּאַר וועלכע יעדער מויל־העלד שלעפּט זיי ארום און זיי קענען קיין מויל ניט עפענען, און די מויל־עזעל, דאַגעגען, האָבען קיין מאָל ניט קיין אויערן צו הערען וואָס אַנדערע זאָגען, דערפאַר אָבער אַ גרויס מויל צו רעדען וואָס ער ווייס און ווייס ניט. יעדענפאַלס געהערען זיי צום זעלבען עזעל־געשלעכט.

אין דער לעצטע צייט אָבער האָט דער בעריהמטער מאַטעמאַטיקער, גענאָכע עמיל זאָלאַ ענטדעקט —איך האָב איהם דערצו צוגעהאָלפען— אַז דאָס מויל איז ערפונדען געוואָרען שפּעטער פון אַלע מענשליכע גליעדער, ווייל אז דאָס מויל זאָל געוועזען זיין פריהער פון דעם מענשען, וואָלט גאָט ברוך

הוא קיינמאָל ניט געקענט דעם מענשען בעשאַפען נאָך זיין פאָרם נאָך.

אַ שטייגער אַ מויל פון אַ פּרעזידענט וואָלט געפאָדערט, אַז גאָט זאָל איהם צוגעבען הערנער.

אַ מויל פון אַ ראָמאַנען־שרייבער וואָלט פערלאַנגט, מען זאָל איהם צוגעבען אַ לאַנגען עק, ער זאָל קענען די פליגען אָראָבטרייבען ווען ער שרייבט מיט ביידע הענד צוויי ראָמאַנען מיט איין מאָל.

אַ מויל פון אַ מוהל מומחה וואָלט פערלאַנגט, אַז יעדע פרוי זאָל האָבען ששה בבטן אחד, און יעדער בן זכר מיט 66 ערלות, און קיינער זאָל ניט זיין קיין נולד מהול.

אַ מויל פון אַן ארבייטער־באָס וואָלט פערלאַנגט, אַז זיינע ארבייטער זאָלען האָבען תרי"ג הענד צום אַרבייטען און קיין איינציגען מאָגען צום עסען, און ער אַליין זאָל האָבען טויזענד מיילער צום טרינקען און קיין האַרץ צו צאָהלען וויידזשעס.

אַ סאָציאַלדעמאָקראַטישער מויל וואָלט פערלאַנגט צו האָבען טויזענד ליפּען צו פייפען ווען אַנדערע רעדען, אבער קיין פּנים צו שעהמען זיך.

אַ פּובלישערס מויל וואָלט פערלאַנגט, אַז אַלע זיינע שרייבער זאָלען געבאָרען ווערען מיט גוטע פעדערן, אבער אָהן קעשענעס.

אַ מאַן וואָלט פערלאַנגט, אַז זיי ווייב זאָל געבאָרען ווערען אָהן אַ מויל.

אַ ווייב וואָלט פערלאַנגט, אַז דער מאַן זאָל געבוירען ווערען אָהן אויגען, און אַזוי ווייטער.

און אויף דער אַרט מוזען מיר שליסען, אַז דאָס מויל איז געבאָרען געוואָרען ווען דער גאַנצער מענש איז שוין בעשאַפען געוועזען, ווייל אַז ניט וואָלט די מענשליכע געזעלשאַפט אויסגעזעהן ווי אַ מענאַזשעריע.

מאַנכע גרויסע בראַנפען־פאָרשער האָבען געשטעלט די פראַגע, פאַר וואָס מען האָט דעם מויל איינגעפאסט אונטער'ן נאָז, אַז ווען זיי טרינקען זאָלען זיי דאַרפען פערררייסען דעם קאָפּ און דאָך בלייבט אַ ביסעל אין גלעזעל, אַ ביסעל רינט איבער'ן באָרד, איידער מען פערמאַכט דאָס מויל. עס וואָלט פיעל בעקוועמער געוועזען דאָס מויל זאָל זיין אויפ'ן שפּיץ קאָפּ, וואָלט מען געקענט אריינגיסען קיין טראָפּען זאָל פערלאָרען גערען.

דאַגעגען אָבער האָבען די לענדלאָרדס פּראָטעסטירט, ווייל, ווען זיי

וואָלטען געמאַהנט רענט, וואָלט דער טענענט געמיינט, אז מען מיינט ניט איהם, נור דעם ענגלייכטער.

די זולל וסובא'ס האָבען געמאַכט א פּאָרשלאַג, אז רעדען זאָל מען דורך דער נאָז, כדי דאָס מויל זאָל בלייבען פריי צום עסען און צום טרינקען. ווי קען איין זאַך טהון צוויי שליחות?

דאַגעגען האָבען ווידער פּראָטעסטירט אלע בדחנים, אקטיאָרען, פּאָליטישענס, מלמדים, רבנים, חזנים און אגיטאַטאָרס, ווייל זיי האָבען בעהויפּטעט, אז אָהן רעדען האָבען זיי ניט וואָס צו עסען, און ווען דאָס מויל וויל עסען איז עס ניט קראַנק צו פערדיענען דאָס עסען דורך רעדען.

עהרליכע לייט האָבען פערלאַנגט אז דאָס מויל זאָל זיין אין הארצען, כדי אז יעדעס מויל זאָל רעדען דאָס וואָס דאָס הארץ טראַכט.

דאַגעגען האָבען פּראָטעסטירט פּאָליטיקער, ביזנעס־לייט, דעמאַגאָגען און סתם שווינדלער מיט דער בעהויפּטונג, אז וואָס ווייטער דאָס מויל איז פון הארצען איז אלץ לייכטער דעם עולם דעם קאָפּ צו פערדרעהען א. ז. וו.

ענדליך איז אויפ'ן לעצטען וועלט־קאָנגרעס מיט א גרויסע מאַיאָריטעט בעשלאָסען געוואָרען, אז דער בעסטער פּלאַץ פאַר'ן מויל איז אונטער דער נאָז, ווייל אין דעם זיינען אלע איינשטימיג אז פון עסען האָבען אם מייסטען הנאה נור די וואויל־שמעקער, און וואו מען שטעקט נור אריין די נאָז זאָל מען באַלד עפּענען דאָס מויל, און אזוי איז דאָס געבליעבען.

דאָס מויל האָט ניט נור די ערהאבענע פונקציאָנען צו עסען, רעדען, לאַכען, געהנעצען, פּייפען א. ז. וו., זאָנדערן מען האָט ענטדעקט גאַנץ נייע קרעפטען און אייגענשאַפטען:

צום ביישפּיעל, פיעלע מענשען מאַכען פון זייער מויל א כאָליווע, מיט וועלכע מען קען קיין שטיוועל ניט מאַכען.

ביי סעדיכעס, פיש־הענדלער, מעקלערס, מגידים, שנאָרערס א. ז. וו. געהט שוועבעל און פעך פון דעם מויל.

דענטיסטען נוצען די מיילער פון די פּאַציענטען אלס סייף־קאַסטענס. זיי גיבען נור א דרעה מיט'ן שליסעל, נעהמען זיי ארויס א דאָלאַר.

אבער ניט אלע מיילער זיינען גלייך. עס גיבט „לעדיגע מיילער", וואָס ווילען קיין זאַך אין זיך ניט איינהאַלטען; עס גיבט דאַגעגען „בייזע מיילער" וואָס האַלטען אלעמען אין מויל.

ווען איינער פערשטעהט אונז ניט, וואָלטען מיר געוואָלט איהם „אריינ־לעגען“ אין מויל, און ווען איינער גיט אונז ניט, וואָלטען מיר איהם געריסען דעם ביסען פון מויל.

עס גיבט נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע מיילער, צום ביישפּיעל, ווען איינער לעגט זיך אַ גוטע זאַך אין מויל אריין געהט אונז די פּיענע פון דעם מויל ארויס.

די בעסטע מיילער זיינען די קלענסטע, ווייל אַ קליין פריי מויל איז ווי אַ קליין קינד און עס געלוסט זיך אַ קוּס צו טהון, און אַ גרויס מויל איז ווי אַ גרויסע מכה: וואָס דאָס מויל איז גרעבער רייכט זיך מעהר.

נור אַזוי ווי איך האָב נאָך אַ פּול מויל איבער די מויל־וויסענשאַפט, נור מיין אָפען מויל ברענגט מיר פיעל שאדען, ווייל איך ניט אריינפאַלען אין אייער מויל און וועל שוין בעסער האַלטען מויל.

---

# VII.

## די האַנד.

איינע פון די וויכטיגסטע ערפינדונגען פון דער נייער צייט אי אונ־בעדינגט די האַנד.

איך זאָג די „נייצייט“, ווייל די האַנד איז ניט לאַנג ערפונדן געוואָרען, דען לויט די דאַרווינישע סיסטעם איז די האַנד ערשט ערפונדען געוואָרען דאַן, ווען די אַפען (מאַנקים) האָבען זיך אָנגעהויבען איינצוזומענשלען, ווייל פריהער זיינען זיי געווען גאָר פיס, געוועהנליך די פאָדערסטע פיס.

איוב די האַנד איז אַ דומם אָדער אַ צומח, ד. ה., פון מינעראַל־שטאַם אָדער פון פלאַנצען־שטאַם קען מען נאָך ביז היינט ניט פעסטשטעלען.

מאַנכע זאָגען, אַז די האַנד איז אַ דומם, ווייל מיר געפינען זעהר פיעל „אייזערנע הענד“. צום ביישפּיעל, אַלע רעבכמי[illegible]ן האַלטען זייערע פעלקער אונטעריאָכט פעסט אונטער זייערע „אייזערנע הענד“.

שלאַכט־העלדען האַלטען דעם שווערד מיט „אייזערנע הענד“, פעלד־נזלנים האַלטען די האַק מיט „אייזערנער האַנד“, קאַראַבקע רבנים האַלטען די

טאקסע מיט „אייזערנער האנד“, גראָסמייכטער און פּרעזידענטען — דאָס „וואָהל און בעכטע“ אָדער „דעם האמער“ מיט אַן אייזערנער האנד.

דאגעגען בעהויפּטען די טעהאָלאָגען, אַז אייזערנע הענד הייסען גאָר ניט הענד, נור „טהיערישע לאפּעס“, און די האנד איז גאָר אַ צומח און זיי בעווייזען עס דערמיט, וואָס די האנד וואקסט —

ווייל פיעל גייסטליכע, וואָס האָבען געהאט קורצע הענד, קוים האָבען זיי נור בעקומען אַ געמיינדע אין זייערע הענד, האָבען זיי באלד בעקומען „לאנגע הענד“ אַז מיט איין האנד האָבען זיי געקענט דערלאנגען ביז אין הימעל, אויסצוטאפּען אַלעס וואָס עס טהוט זיך ביי גאָט, און מיט דער אנדערער האנד האָבען זיי דערלאנגט אין די קעשענעס פון זייערע גלויביגע ארויסצונעהמען דעם לעצטען סענט.

און נאָך מיין מיינונג האָבען זיי אויך רעכט, ווייל אין אמת׳ן האָט די האנד ווירקליך אַ פאָרם ווי אַ פלאנצע מיט קליינע צווייגלעך, וועלכע מען רופט פינגער און אויף די שפּיץ פינגער זעהט מען אָפט בליהען די נעגעל, און צוואר איז די האנד אַן אָריענטאלישע פלאנצע, ווייל די נעגעל בליהען ווינטער אזוי ווי זומער.

און ניט נור די האנד וואקסט, זאָנדערן די פינגער וואקסען אויך און ווען גאָט העלפט מיט לאנגע פינגער, דער איז זיכער צו ווערען אַ באָבע, אַ כלי־זמר, אָדער אַ קעשיער אין אַ באנק.

נור אַ קעשיער מוז האָבען צו זיינע „לאנגע פינגער“ אויך „לעפּקע פינגער“, אַז צו וואָס ער ריהרט זיך צו, זאָל זיך עפּעס צוקלעפּען.

אבער ניט ביי יעדען מענשען געראָטה דיזע פפלאנצע „האנד“ גלייך, זי זאָל ברענגען פריכטע.

די רייכע לייט, ביי וועמען עס פליהען געבראָטענע טויבען אין מויל אריין און וואָס שטעקען גראד קיין פינגער אין קאלטע וואסער ניט אריין, די קענען זיך אימער בעריהמען מיט די פרוכט פון זייערע הענד.

און די אָרימע, וואָס מוזען נעבעך לעבען פון דער האנד אין מויל אריין, וואקסט גראד ביי זיי די האנד אין דער גרעב און בלייבען דאָך אימער מיט לעדיגע הענד אָהן אירגענד וועלכע פריכטע.

אבער ניט אַלע לעדיגע מענד זייגען גלייך, עס גיבט פיעלע מענשען, וואָס קענען זיך צו קיין זאך ניט נעהמען, ווייל וואָס העבט מען אָן מיט

„לעדיגע הענד“? און דאגעגען זיינען דאָ „לעדיגע הענד“ וואָס מוזען אַלעס ריהרען און אַלעס נעהמען.

זייט מען האָט אָנגעפאנגען צו האַלטען קאסירער אין געשעפטען, האָט זיך אויך די האנד געשטעלט אַלס קאסירער ביים הארצען, און די האנד צאָהלט אויס ווען דאָס הארץ הייסט; אבער ניט אימער איז דיזער קאסירער „האנד“ געראָטהען אין זיין פרינציפּאַל „הארץ“.

עס גיבט מענשען, וואָס זייער הארץ איז אָפען פאר אַלע ליידען פון זייערע נעבען־מענשען און האָבען צוגלייך אויך אַן „אָפענע האנד“ פאר יעדען.

עס גיבט דאגעגען מענשען, וואָס זיינען זעהר „אָפענהערציג“ און גיבען גערן יעדען אַ גוט וואָרט, אבער זייער האנד האַלטען זיי פעסט פערשלאָסען.

אבער ניט אימער איז דאָס הארץ מיט דער האנד ענג פערבונדען: עס גיבט פיעלע דאמען, וואָס שענקען זייער האנד דעם מאַן אויף אייביג און זייער הארץ פערשענקען זיי גאָר דעם באָרדער, און דארום איז ביי זיי נעבעך אַזוי ווייט די האנד פון דעם הארצען, אַז זיי קענען קיינמאָל ניט ארויפ־לעגען די האנד אויפ'ן הארצען און מיט אַ ריינעם געוויסען זאָגען, אַז אַזאַ „האנד־ארבייט“ איז „הערצלאָז“.

דיזע פיינדשאפט צווישען האנד און הארץ עקזיסטירט אויך צווישען מענער: ווערענד זיי בעגעגענען פיעלע בעקאנטע וואָס זיי האסען זיי אין הארצען און דאָך דריקען זיי זיי פריינדליך די האנד.

יעדענפאַלס געהערט די האנד ניט צום לעבען, ווייל ווען יעמאנד געהט אונז „אַן דער האנד“, רעכענען מיר איהם פאר אַ פריינד, און ווער עס געהט אונז „אַן לעבען“ איז ער אונזער גרעסטער שונא.

עס גיבט פיעלע מענשען, וואָס האָבען גאָר נישט, ניט אין קאָפּ, ניט אין הארצען, דאָך האָבען זיי זעהר פיעל אין די הענד, און דאָס איז נור דערפאר, ווייל די וואָס האָבען געמיטה אין הערצען און פערשטאנד אין קאָפּ, האָבען מייסטענס קורצע הענד, אָדער זעהר אָפט נעבעך געבונדענע הענד.

די וואָס האָבען אַ כּח אין זייער האנד האָבען אָפט זעהר שווערע הענד און ווילען קיינעם צו הילף ניט קומען, אבער אויך אַ גרינגע האנד איז ניט אימער אַ מעלה, העכסטענס פאר אַ דענטיסט איז גוט אַ גרינגע האנד די ציין ארויסצורייסען, פאר אַ באָבע די אויערן אויסצושטעכען, פאר אַ מוהל צום אידישען...

אָבער עקטערס, טשאַריטי מאַכער, שול גבאים און בוטשאַרעס האָבען לייכטע הענד נור צום פּאַטשען זיך.

די האַנד אין פאָרם איז אימער אין געגענטהייל פון דעם מענשען זעלבסט:

ביי ווען מען זעהט אַ „הענטעלע" קליין, רונד, ווייס, שעהן געפּוצט, איז אַ בעוויז אז איהר בעזיצער איז אַ לעדיגגעהער, אַ טויגעניכטס.

זעהט מען אָבער ביי אימיצען אַ מוסקולעזע שווארצע האַנד מיט מאַזאָלעס איז אַ בעוויז אז איהר בעזיצער אין אַ ניצליכער ארבייטער פאַר זיך און נאָך מעהר פאַר אַנדערע.

פיעלע ארבייטער זיינען נעבעך בייז וואָס מען רופט זיי „הענד" אין אמעריקא; זיי פערגעסען אז אויך אין יוראָפּ איז דער טהועניכטס אָהן אַן ארבייטער ווי „אָהן אַ האַנד", און אפילו אַ קליינע ניינקעלע פון אכט יאהר איז ביי איהר בעל־הבית׳טע „לענגער ווי אַ האַנד".

ביז היינט וויים איך נאָך ניט וואָס עס איז בעסער אין מסחר צי אַ „האַנד־געלד" צי אַ „האַנד־שלאַג", נאָר אפילו מיר זאָלען שוין צוגעבען, אַז אַ האַנד־געלד איז בעסער ווי אַ האַנד־שלאַג, וועלען מיר דאָך מוזען מודה זיין אַז אַ „האַנד־שלאַג" איז נאָך אימער בעסער פון אַ „הערץ־שלאַג".

אָבוואָהל ארבייטער זיינען בייז אויף שעהנע הענדלעך, אבער שריפטזעצער בילדען אַן אויסנאַהמע פון דיזער רעגעל: זיי ווילען אַז די שרייבער זאָלען האָבען אַ „שעהנע האַנד", זיי זאָלען קענען שנעלער זעצען.

אזוי ווי איך האָב אבער אַ „מאוס׳ע האַנד", וויל איך מיין האַנד ניט האָבען אין דער גאַנצער זאַך, און וועל מיין „האַנד־ארבייט" אוועקמאַכען „אונטער דער האַנד", אבי „פון דער האַנד", אבער איהר לעזער זאָלט מיך ניט „אוועקמאַכען מיט דער האַנד" ווען איהר וועט בעקומען מיין ארטיקעל אין דער האַנד, זאָנסט גיב איך אייך די האַנד ניט מעהר די האַנד צו בעהאַנדלען.

---

## VIII.

### די נעגעל.

מיין לעצטער אנטראָפּאָלאָגישער פאָרטראַג איז געווען „די האַנד".

דאָרט האָב איך אויך דערמאָנט די פינגער; אבער אויך „די נעגעל" מוז מען מיט דער האַנד ניט אַוועקמאַכען, ווייל די נעגעל שפּיעלען ביים מענשען אַ גרויסע ראָלע.

אין וואָלאָזענער אַקאַדעמיע האָט מען נאָך אין פאָריגען האַלבען יאהר־הונדערט זיך געבראָכען דעם קאָפּ איבער'ן אורשפּרונג פון די נעגעל, ווייל אין די ישיבות, וואו אויף די קעפּ פון די סטודענטען פלעגט זיין ענטוויקעלט אַ גאַנצער טהיערגראַטען פיר קליינע מיקראָסקאָפּישע טהיערלעך (חיה'לעך) און אויף די הענד פלעגען פערשיעדענע באַצילען בויען זייערע רויטע, גרינע, ווייסע און געלבע געצעלטען, און ווי בעקאַנט זיינען די אַלע חיה'לעך בייסענדע, פלעגען דאַן די נעגעל שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע צום קראַצען זיך.

און אַזוי ווי מען האָט אימער געזוכט „האַרמאָניע אין דער נאַטור", געשטיצט אויף דעם פּסוק „כל מה דעביד רחמנא, לטב עבד" (וואָס גאָט האָט געמאַכט איז דאָס צו גוטען") האָט מען אויפגעוואָרפען די פראַגע:

אויב גאָט האָט פריהער בעשאַפען דאָס קראַצען זיך, און זיך קראַצענדיג זיינען די נעגעל ענטוויקעלט געוואָרען; אָדער גאָט האָט פריהער בעשאַפען די נעגעל און דאַן האָט ער פאַר זיי בעשטימט אַן אַרבייט, קראַצען זיך?

די פראַגע מוז זעלבסטפערשטענדליך ביז יעצט ליגען אין בוזים דער נאַטור־געהיימניסע, דאַגעגען אָבער האָבען זיך „די נעגעל" אליין און די „נעגעל־וויסענשאַפט" און די „נעגעל־קולטור" מיט ריעזענשריטע ענטוויקעלט ביז אויף דער ניי־צייט.

די נעגעל זיינען די ניצליכסטע אינסטרומענטען פאַר'ן מענשען, ווייל זיי פערברענגען נעבעך אַלע זייערע יאָהרען אין „טאַפּען" אין דער פינסטער און ווען ניט די נעגעל וואָלטען שוין די מענשען לאַנג געהאַט אָבגעריבען די גאַנצע הענד שאַפּענדיג, דאָ קומען אָבער די האַרטע נעגעל און שיצען די ווייכע פלייש אויף די שפּיצען פינגער, און דאָס גיט אונז האָפנונג, אַז די מענשען וועלען נאָך פערברענגען און טאַפּען טויזענדער יאהרען, ווייל די נעגעל האַלטען נאָך אין וואַקסען.

וואָס וואָלט נעבעך געוואָרען פון די הויזליכע רייכנליכקייט, ווען די מיסים זאָל ניט האָבען קיין נעגעל אַויסצוקראַצען דאָס אָנגעברענטע פיש פענדעל, דעם פערשמאָלצענעם לאָקישען־טאָפּ און דעם אָנגעטריקענטען טעלער?

וואָס וואָלט געוואָרען פון דעם גאַנצען יודענטהום, ווען דער שוחט זאָל

ניט געוועזן האָבען דעם גרויסען נאָגעל צו פּראָבירען די פּגימות אויפ׳ן חלף!
און דער מוהל זאָל ניט געוועזן האָבען די גרויסע נעגעל צו פּריעה?

וואָס וואָלט געוואָרען פון אונזער פאַמיליען־גליק און עהע־לעבען, ווען אונזערע צאַרטע פרויען זאָלען ניט געוועזן האָבען קיין נעגעל די מאַנען דאָס פּנים און די אויגען אויסצוקראַצען?

און ניט נור אַלס אינסטרומענט אַליין נוצען אונז די נעגעל, דען ביי די מייסטע מענשען דיענט דער געהיימער פּלאַץ צווישען די נעגעל און דעם פינגער־פלייש אַלס שאַטצקאַמער פאַר אַלעס, וואָס ער ערשפּאַרט אים לעבען.

ביי דער שיקאַגאָ׳ער וועלט־אויסשטעלונג האָט מען מיט א מיקראָסקאָפּ (פערגרעסערונגס־גלאָז) אונטערזוכט ביי א שוהל־פּרעזידענט אונטער די נעגעל דאָס שוואַרצע און מען האָט דאָרט אויסגעפונען א גאַנצע וועלט פון לעבעדיגע וועזען און אַן אוצר פון פערשיעדענע מאכלים:

72 ציבעלעס זאַמען, 58 יאַרד הויט פון הערינג, 200 קערנער פון זויער פּיקעלס, 18 גאַלאָן ביער עקסטראַקט, 46 טינט ווערטער מיט׳ן פּאַפּיער, א קליין ווערדעל מיט באָרד האָאַר, 10 פונט מענשען־פלייש און מיליאָנען באַצילען און זאָנסטיגע לעבעדיגע וועזען.

און דאָס רופט דער בלינדער מענש „בלאָטע אונטער די נעגעל!" מיר זאָגען געוועהנליך, אַז די אויגען זיינען די שפּיעגעל פון דער זעעלע, אבער דאָס איז פאַלש, ווייל וויסענשאַפטליך האָבען בעשטעטיגט כיראָמאַנטיקער (וואָס פערשטעהען חכמת היד) ציגיינער, מקובלים און פרויען, אַז די נעגעל זיינען די שפּיגעל פון דער זעעלע און האָבען פעסטגעשטעלט פאָלגענדע רעגעלען.

לאַנגע און שמאָלע נעגעל ציינען, אַז דיזער בעזיצער איז א טרוימער, א דיכטער, א ליגנער און א פוילענצער.

ברייטע און קורצע נעגעל בעדייטען אויף בייזקייט, שלעכטיגקייט און קריעגזוכט.

רויטע און גלאַטע נעגעל בעדייטען אויף געזונדהייט, מוטה, פרעהליכ־קייט און גרויסמוטהיגען כאַראַקטער.

גראָבע און צוריפּעטע נעגעל בעדייטען אויף גנבה, גזלה און טהיערישע ליידענשאַפט.

לאַנגע, געבויגענע נעגעל בעדייטען אויף פאַלשקייט און חניפה.

קורצע ביז אין פלייש אָבגעביסענע נעגעל צייגען אויף דומהייט, זינליכע
ליידענשאַפטען און לעריגגעהען.

רונדע און גלייך בעשניטענע נעגעל צייגען אויף קלוגהייט און ריינליכ־
קייט.

פערנאַכלעסיגטע נעגעל מיט בלאָטע ארום און אונטער זיי בעדייטען
אויף נאכלעסיגקייט, שמוציגען כאראַקטער און האבזוכט...

און אויסער די בעדייטונג אויף די אינערע זעעלע, דיענען נאָך די נעגעל
אַלס נביאים פאַר דעם מענשענס צוקונפט:

שוואַרצע פלעקען אויף די נעגעל, אז דער מענש וועט אין קורצען
שטאַרבען.

רויטע פלעקען, אז ער וועט באַנקראָטירען אָדער ער וועט זיך פער־
ליעבען.

ראָזע פאַרביגע נעגעל, אַז מען איז שוין פערליעבט.

ווייסע פלעקען, אז מען וועט זיך בענייען.

גרינע און געלע פלעקען, אַז מען וועט אין קורצען ווערען אַן אקטיאָר
אויף דער אידישער ביהנע.

און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

אַזוי ווייט שטעהט עס מיט די „נעגעל וויסענשאַפט“, וועלכע האָט
מעהר פאָרטשריט אין יוראָפּ.

די „נעגעל קולטור“ דאַגעגען האָט אין אמעריקא אַ גרעסערען פאָרט־
שריט און אַזוי ווי דאָ איז ענטוויקעלט דאָס „שטיוועל פוצען סיסטעם“, אַזוי
איז דאָ אויך ענטוויקעלט די „נעגעל פוצען סיסטעם“ און אַזוי ווי עס גיבט
אַ סך סיין שטוהלען אין באַרבער שעפּער אַזוי גיבט עס אויך „מעניקיור־
סאַלאָנען“.

דער ער אָדער זי קומט אַריין און ציהט זיך אויס אויף אַ ספּעציעלען
טישער, דער מעניקיור בעדעקט איהם מיט אַ ליילעך און פאַנגט אָן מיט זיינע
אינסטרומענטען צו בעאַרבייטען די נעגעל. עס ווערט געשאָבען מיט
מעסערלעך, געפּיילט מיט פּיילעבלעך, געבאָרשטען מיט בערשטלעך, געוואַשען
מיט וואַסערלעך, געשמירט מיט זאַלבען, געפּוידערט מיט פּוידער, געפאַרבט
מיט פאַרבען און אָבגעגלאַנצט מיט טיכעלעך, און דער קאָסטאָמער געהט

אַרום מיט צעהן נעגעל און פינגער שפּיצען, אַז ער מעג זיי באַלד אַריינ־שטעקען אין... זאָגען מיר אין אַ טעלער פלוימען־צימעס, אָדער לאָקשען־קוגעל.

די רייכע אַפּטאָנער דאַמען האָבען אין דיזער קולטור נאָך ווייטער פאַר־געשריטען און נאָך דיזער געוועהנליכער מעניקיורינג ווערען די נעגעל נאָך פערגאָלדעט מיט אַ ציעמליך פעסטען „גאָלד פּלייטעד“, וואָס האַלט אָן איייניגע וואָכען, ביז די גאָלד־נעגעל וואַקסען אַראָב און ווידער קומען צום פאַרשיין די נאַטירליכע נעגעל.

אַזאַ דאַמע שעהמט זיך מיט איהר האַלב־אָבגעוואַקסענע נעגעל, ווי זי שעהמט זיך מיט איהר האַלב־נאַקעטען אָדער גענצליך נאַקעטען קערפּער.

געפיהרט צו דיזער ערפינדונג האָט דאָס שפּריכוואָרט: „גאָלד געהט צו גאָלד“, און מיט אַזעלכע גאָלדענע נעגעל איז דער דאַמע געוויס לייכטער אויסצולעדיגען דאָס גאָלד פון די פּאַקעטס ביי לייכטזיניגע מענער, וואָס געהען אויף די שפּיץ נעגעל און בלאָזען אָב די נעגעל פון אַזעלכע גאָלדענע דאַמען.

די מעטהאָדע וועט געוויס באַלד פערברייטעט ווערען דאַון־טאַון אויך, אַזוי ווי מיט די גאָלדענע ציין, און אָרימע פרויען וועלען געוויס אנשטאַט גאָלדען די נעגעל, — זילבערן, קופּערן אָדער בלייען די נעגעל.

און אידישע פרויען ערב פּסח פון כשר׳קייט וועגען, וועלען בעזילבערען די גאַנצע הענד, און זי וועט זיי אויך פערשפּאָרען צו טובל׳ען, ווי זילבערנע לעפעל, ווייל זי וועט אָבקומען מיט איין טבילה, אַלס מלכה לכבוד פּסח.

אין פילאַדעלפיא איז לעצטעס יאהר די נעגעל־קולטור מיט נאָך איין נייער ערפינדונג רייכער געוואָרען: אַ רייכע דאַמע האָט קאָפּערייטעט און געעפענט אַ פאָטאָגראַפיע גאַלעריע, וואו זי נעהמט אַראָב פאָטאָגראַפיען אויף די נעגעל, און דאָס איז ווירקליך זעהר וויכטיג פאַר פערליעבטע די בילדער פון זייערע געליעבטע צו טראָגען פאַר די אויגען.

עס שטעלט זיך אָבער דערביי אַרויס די אונבעקוועמליכקייט פאַר די וואָס הייראַטהען און מוזען זייער צרה אימער טראָגען פאַר די אויגען, און פאַר דאַמען און הערען, וואָס האָבען מעהר אַלס צוואַנציג געליעבטע און האָבען דאָך ניט מעהר ווי צוואַנציג נעגעל.

די נעגעל־קולטור סאָסייעטי פון באָסטאָן האָט איצט אַ גאַנצע זאַמלונג פון נעגעל פּאַטענטס:

פאַר באַנקירס, פון דעם גרויסען נאָגעל צו מאַכען אַ שליסעל צום סייף באַקס, קיינער זאָל ניט קענען אַריינקוקען אין זייערע לעערע קאַסען.

פאַר פּיק־פּאַקעטס צו כאַפּען פון די טאַשען וועט עס זיין ווי אַ האַקען, און פאַר אידישע ליטעראַטען אַלס אַ פּען, פאַר פּרעזידענטען פון לאָדזשען ווי אַ האַמער צו אָרדער צו רופען, ער זאָל עטוואָס מעהר קענען ערשפּאַרען.

פאַר אונז אידען איז זעלבסטפערשטענדליך די נעגעל־קולטור אַ דאָרן אין אויג, ווי אַלע נייע ערפינדונגען, וואָס דורך זיי קענען חלילה צו גרונד געהען מיט'ן יודענטהום צוזאַמען, ווייל אין דער אידישער רעליגיאָן שפּיעלען די נעגעל אַ גרויסע ראָלע.

וואו וועלען רוהען די דריי הונדערט שדים פון יעדען נאָגעל ביי אַ קימפּעטאָרען און האַלב קימפּעטאָרען ?

ווי וועט נעבעך אַ מיידעל פאַר דער חתונה קענען פּטור ווערען פון איהר פריהצייטיגע ליעבעס־פּרוכט, ווען מען זאָל איהר ניט קענען אונטער־וואַרפען די אָבגעשניטענע נעגעל, זי זאָל מפּיל זיין ?

ווי וואָלט נעבעך אַ איד געקענט געהען נאָכ'ן טוידט אין טהעאַטער אריין, ווען ער זאָל ניט האָבען דעם לייכטען מיטעל, לעבעדיגערהייט אין טהעאַטער איבערצולאָזען די אָבגעשניטענע נעגעל און זאָל נאָכ'ן טויט זיין געצוואונגען זיי צו געהען זוכען אין טהעאַטער און אָהן אַ טיקעט זעהען די קאָמעדיע ?

ווי וואָלט אַן עהרליכער איד געקענט מקיים זיין די מצוה פון שניידען די נעגעל בסירוגין יעדען ערב שבת, ווען ער זאָל צום ביישפּיעל זיין אַ ליטעראַט, אַ פּרעזידענט, אַ פּיק־פּאַקעט און אַ באַנקיר צוזאַמען, און איין נאָגעל איז ביי איהם אַ שליסעל, דער צווייטען אַ פּען, דער דריטען אַ האַמער און דער פיערטער אַ האַקען ?

עס איז דאַהער ניט מעהר ווי רעכט מען זאָל פריהצייטיג איינרופען אַ גרויסען מאַסמיטינג, אום צו גרינדען אַן „אַנטי נעגעל־קולטור סאָסייעטי" מיט אַ קאַראָבקע אין אַ משגיח איבער כשרה נעגעל, און דאָס יודענטהום איז גערעטעט.

# IX.

## די האָאר.

דער, די, דאס האאר, מיינע פריינדע, איז א גאנץ אלטע ערפינדונג, און ווי די קאפּיטאליסטען בעהויפּטען, איז דאס האאר בעשאפען געוואָרען פריהער פאַר דער וועלט. זיי נעהמען עס פון דעם פּסוק: תולה ארץ על בלימה. דאָס הייסט, גאָט האָט אויפגעהאנגען די וועלט אויף א האָאר (ווייל פשוט אויף גאָר ניט קען דאָך א וועלט ניט הענגען). און דער גרויסער בעמיקער ר׳ לים שרה׳ס האָט בעוויזען, אז דיזע האאר איז געוועזען פון ספּאַלער זיידענס באָרד, וואָס ער האָט אריינגעלעגט אין א סדילקאָוועד זהר ערב יום כפּור און האָט דערביי געזאָגט: אמאָל הענגט די גאַנצע וועלט אויף א האָאר...

פון וואָס פאַר א שטאָף די האאר זיינען געמאַכט, איז מען נאָך אין דער געלעהרטער וועלט ביז היינט ניט איינשטימיג. מאַנכע זאָגען, אז די האאר זיינען געמאַכט פון האָליז, ווייל זיי שפּאַלטען זיך ווי האָליז, און מיר זעהען טאקע וויפיעל האָליז־העקער, ווי מעטאַפּיזיקער, פּאַרטייאיסטען און בעלי פּלפּול בעשעפטיגען זיך מיט האארשפּאלטעריי, און דארום איז אויך קיין וואונדער ניט, וואָס אין א וואַלד האָאר האַלטען זיך אויף חיות קטנות און פיעלע קלויזניקעס געהען דאָרט אויף יאגד...

מאַנכע ווייטער זאָגען, אז האאר זיינען געמאַכט פון קנאָבעל, ווייל אונזערע שוועסטער אין דער אלטער היים פלעגען זיך צוואָגען אלע ערב שבת די האָאר מיט באָרשטש, ווייל וואָס פאַר א טעם האָט קנאָבעל אָהן א באָרשטש? אזוי ווי באָרשטש אָהן קנאָבעל! און טאקע דארום געפינען פיעל געסט פון די כשרה רעסטאָראַנטס האָאר אין בראַטען אָדער אין די זופּ.

איך אָבער בעהויפּטע, אז די האָאר זיינען געמאַכט פון דעם זעלבען שטאָף, וואָס דאָס מענשליכע געהירן, און די אַנאַטאָמיכטען ערקלערען איינפאַך, אז אונטער׳ן שארבען פון מח און אויפ׳ן שארבען מוז זיין דערזעלבער שטאָף, נור די געהירן זיינען אין מח, האלטען זיי זיך פייכט און די האאר זיינען אויפ׳ן מח ווערען זיי פערטריקענט פון דער זון.

אויף דיזער נייער סיסטעם זיינען געגרינדעט פיעלע וועלט־פראַגען.

פאַר וואָס איז „לאַנגע האאר קורצער שכל“? — ווייל ווען עס געהט אַרויס מעהר שטאָף אויפ׳ן מח, בלייבט ווענינער שטאָף אונטער׳ן מח.

פאַר וואָס איז זעהר געזונד אַ קאַלטען? (צוזאַמענגעקלעפּטע האאר אין איין שטיק, וואָס ליטווישע עהרליכע אידען און אידענעס טראָגען עס פון געזונדהייטס וועגען, לויט דעם ראטה פון די דאָרטיגע דאָקטוירים) — ווייל יוסיף דעת יוסיף מכאוב, ד. ה., מעהר שכל, מעהר וועהטאָג. דאַרום גיט מען זיך מיה דער גאַנצער שכל — די געהירן — זאָל אריין אין די קאָלטענעס, מען זאָל זיין בעהיט פון וועהטאָג.

און דאַרום געהען טאַקע פרומע ווייבער ניט מיט אייגענע האאר, ווייל זיי געהען ניט מיט אייגענעם שכל.

מענער דאגעגען געהען פיעל מעהר מיט פרעמדען שכל, אלס מיט פרעמדע האָאר.

און דאַרום ווילען די פרומע ווייבער ניט ווייזען זייערע לאַנגע האָאר פאַר די מענער, די מענער זאָלען ניט ערפאַהרען פון זייער קורצען שכל.

דאַרום זוכען פרומע אידען אַ רב מיט אַ לאַנגען באָרד האאר, ווייל אַ רב דאַרף ניט זיין קלוג, לויט די גמרא: מוטב שאהיה שוטה כל ימי. עס איז בעסער צו זיין אַ נאַר דאָס גאַנצע לעבען.

דאַרום רייסען קלוגע תלמידים זייערע מלמדים ביים באָרד, ווייל זיי הייסען איהם קיין טפּש ניט זיין.

אזוי ווי די מענשען גלייכען זיך ניט אויס אין שכל, גלייכען זיי זיך ניט אויס אין דער פאָרם פון די האָאר: די אַמאָליגע פילאָזאָפען, פון פאָריגען יאהרהונדערט, האָבען געטראָגען לאַנגע פערגרייזעלטע לאָקען, אָנגעשאָטען מיט פוידער, ווייל זייערע ביכער זיינען אויך געווען לאַנגע מיט פערדרעהטע לאָגיק, פערפלאָנטערטע הקירות און אָנגעשאָטען מיט זאַמד אז עס האָט געקריצט אונטער די ציין.

די איצטיגע פילאָזאָפען געהען מייסטענס מיט האלב־לאַנגע האָאר פערקעמט אַרויף, ווייל זיי שטרעבען אימער פאָרווערטס צו נייע ערפינדונגען און ענטדעקונגען.

אַמאָליגע מיידלעך פלעגען געהען מיט נאָבגעלאָזטע לאַנגע צעפּ הינטען אַראָב, און הסידים מיט לאַנגע פאות, ווייל זייער שכל האָט זיי זיך אויך נאָכגעשלעפּט אָהן נוצען.

די הײנטיגע מײדלעך געהען פערדרעהט די האָאר אין א קופּקע און פערשטופּט מיט פערפּוצטע פּינס, װײל זײער שכל איז פערדרעהט נור אין פּוטץ זאכען. לײדיס פערדרעהען זיך קוירלס, װײל זײ פערדרעהען די הײנטיגע יונגע לײט דעם שכל.

מײסטע ארבײטער געהען אָנגעקלעבט די האָאר אויפ'ן שטערן, צו צײגען אז אויך זײן שכל איז פערקלעבט און האָבען מורא די האָאר פרײ צו לאָזען, װײל זײ פערשטעהען נאָך אלײן אויך די פרײהײט ניט.

אזוי װי דער מענש אלײן איז אָפט שטאַרקער פון אײזען, אזוי זײנען האָאר שטאַרקער פון קײטען, און ניט נור די װעלט הענגט אויף א האָאר, נאָר דאָס לעבען הענגט אָפט אויך אויף א האָאר.

בײ א מיסיאָנער אין כינא, בײ א אידען אין רוסלאַנד, בײ א גרינעם צװישען לויפער, בײ א שרײבער, װאָס שרײבט די װאַרהײט — הענגט דאָס לעבען אויף א האָאר.

בײ א כלה, װאָס האָט נאָך ניט דעם גאַנצען נדן, הענגט דער שידוך אויף א האָאר.

אין ניו יאָרק האַלטען זיך אַלע טענעמענט־הײזער אויף א האָאר.

אין גיהנום הענגען אַלע פרעהליבע מײדלעך אויף די האָאר.

אין בעציהונג פון די האָאר שטעהט א חזיר העכער פון דעם מענשען, װײל „א מענשענס גאָב כאָטש נעהם און בעגראָב", און „פון א חזיר איז א האָאר אויך גוט".

דאָך גיט עס אויך צײטען בײ מענשען, װאָס האָאר בעקומען א װערטה. װען שותפים האָבען א שלעכט יאָהר, דאַן רײסען זײ זיך בײ די האָאר.

װען א פּאָטער דערטאַפּט װי א געליעבטער גלעט זײן טאָכטער די האָאר, רײסט ער איהר דאַן די האָאר פון קאָפּ; אויך א כעסן רײסט זיך די האָאר פון קאָפּ.

בײ אָרימע בעלי בית'טעס איז האָאר טהײערער פון ברויט. זי בעקלאָגט זיך ניט אז זי האָט קײן ברויט ניט אויף שבת אָדער אויף פּורים, זי האַלט אָבער אין אײן שרײען, אז זי האָט ניט א האָאר אויף פּורים; זי האָט נאָך א האָר ניט אויף שבת.

װען א מאַן איז אויסגעלאַסען, געהט זײן װײב געװעהנליך מיט די האָאר.

ווען אבער די פרוי ווערט אויסגעלאסען, דאַן געהט ער ביי איהר מיט די האָאר.

און אזוי ווי אַלע זאכען, וואָס דער מענש האָט געשאפען אויף דער וועלט, האָבען איצט מעהר ווערטה ווי דער מענש אליין, אזוי שעצט מען די האָר ביי מעדכען מעהר אַלס זיי אליין, זי טראָגט דעם נאָמען פון די האָאר: א מיידעל מיט שווארצע אויגען ווען זי האָט נור העלע האָאר, רופט מען זי בלאָנדינקע, און גראד א גרין מיידעל מיט בלויע אויגען, קוים האָט זי נור שווארצע האָאר, הייסט זי א ברונעטקע.

די אסטראָלאָגען בעצייכענען דעם גאַנצען כאראקטער פון מענשען נאָך זיינע האָאר:

געלע האָאר, זאָגען זיי, הייסט א ממזר.

ריוטע האָאר, א רמאי, א פאַלשער מענש.

שווארצע האָאר, א שלעכטער מענש.

ווייסע האָאר האָבען נור גוי'שע קינדער.

גאָלדפארביגע לאָקען האָט נור אַן ענגעל און אַן אקטריסע אויף דער ביהנע.

בלאָנדע האָאר האָט א שעהן מיידעל.

ווער עס האָט ווייכע, דינע האָאר, איז א גוטער מענש.

מיט געדיכטע האָאר, איז א שטארקער מענש.

מיט שיטערע האָאר — א שוואכער מענש.

ווער עס האָט הארטע, דיקע האָאר, איז א כעסן, א בעל גאוה און א שלעכטער מענש.

און ווער עס וויל ניט נאָכטהון דער וועלט און האָט גאָר קיין האָאר ניט אויפ'ן קאָפּ, זאָגען זיי אז ער איז גאָר א פארך, אָדער פליך.

ווי מענשען בייטען זייערע אידעען און כאראקטער איז יעצט גאָר קיין פראגע ניט. ווי אבער האָאר בייטען זייערע פארבען, דארויף זוכט מען פערשיעדענע תירוצים.

מאנכע זאָגען, אז די האָאר ווערען גרוי, פון פיעל ווייִן טרינקען.

מאנכע — פון אַן אויסגעלאסענעם לעבען.

מאנכע — פון דעם וואָס מען שמיערט זיי מיט פּאָמאדען.

מאנכע ווידער זאָגען, אז די האָאר ווערען גרוי ווען מען האלט זיי ניט

ריין, די פּאָרען (לעכלעך) פון דער קאָפּ־הויט ווען זיי ווערען פערשטאָפּט מיט שמוץ, בעקומען די האָאר ניט די נויטיגע פייכטקייט פון קערפּער און זיי העבען אָן צו דארען.

איך אָבער בין איבערצייגט, אז די האָאר ווערען בלאָס אויף דער עלטער, איינפאַך פאַר שאַנדע, וואָס זיי זעהען אז זייער בעזיצער לעבט אזוי לאַנג און ווערט נאָך אלץ ניט קליגער.

נור, פרעגט מיך, וואָס האָב איך פון דעם האָאר־ארטיקעל, אָדער וואָס האָט איהר דערפון. זאָג איך, אסור א האָאר, נור איינפאַך איך וויל, אז אין מיין בוך זאָל אייך קיין האָאר ניט פעהלען און ביים לעזען זאָל אייך קיין האָאר ניט געקרימט ווערען. און ווייל איך בין אין דער האָרי צו קאָריגיערען מיינע ארטיקלען אָהן עין הרע, וועל איך קירצען מיינע האָאר־פראַזען און מאַכען אַן ענדע.

דאָס וועט זיין ריכטיג ווי א האָאר.



# X.

## די אויערען.

אַט דאָ מוז מען ווירקליך זיין אַ קינסטלער צו שרייבען איבער אזא ווישענשאַפט וואָס איז ווייניג פערברייטעט; אויגען־ערצטע, צאהן־ערצטע זעהט מען אין אַלע גאַסען, און די אויערן ווערען גלאַט פערנאַכלעסיגט, אין דאָס איז נור דערפאַר וואָס די אויגען, די צייהן, די נאָז ווערען גיכער אַבגעניצט, ווייל יעדער מענש האָט אַ טבע צו קוקען איבעראַל, אַלעס איבער־צוקייען מיט די צייהן, אימער אריינצושטעקען די נאָז, און די אויערן נוצט ער גאַנץ ווייניג, ער וויל גאָר ניט הערען ווען מען זאָגט איהם אַ גלייכע זאַך.

און טאַקע דארום בין איך געצוואונגען אַנשטאָט עטוואָס גוטעס איבער די אויערן צו זאָגען, צו שרייבען וויצען איבער די אוירען; דאָ וועט געוויס יעדר לעזער אויפשטעלען די אויערען.

די אויערען ביים מענשען בעשטעהען אויס מענשען־פלייש, ביי קעלבער אויס קאַלב־פלייש א. ז. וו. די חכמים זאָגען, אַז די אויערען ווערען צו־געוואַקסען ביים מענשען נאָך פריהער איידער דער קאָפּ. אַ בעווייז, אַז עס זיינען דאָ פיעלע מענשען אָהן קעפּ, אָדער מיט קליינע קעפּלעך, און דאָך האָבען זיי לאַנגע אויערען.

די אויערען האָבען די שעהנסטע פונקציאָן ביי די מענשען; זיי דיענען צום דרייען, צום רייסען, צום שושקען און צום שלעפּען.

דאָס דרייען ביי די אויערען מאַכט דעם מענשען פאַר אַ מוזיקאַלישען אינסטרומענט: אַנשטאָט וואָס אין אַמעריקאַ דרייען טרעמפּס אויף אַ קאַטע־רינקע... פערשיעדענע ליעדלעך... דרייען אידישע טרעמפּס, וואָס הייסען „מלמדים“, קינדער ביי די אויערען איבער „צדקה ממנו“ און „הבצעקתה“, נור מיט דעם אונטערשיעד, דאָס פון דער קאַטערינקע געהט אַ מאָל אַרויס אַ פרעהליך ניגונ׳דיל, פון די דרדקי קינדער אָבער געהט אַרויס אימער וויינענדיגעס...

רייסען די אויערען איז אין דער לעצטער צייט פערברייטעט געוואָרען אונטער אידען און האָט אַ גרויסען בייפאַל געפונען. פאָלגענדע פונקטען קענען דאָס איבערצייגען.

א געוויסער רב האָט מחבר געווען א תפילה צו גאָט, ער זאָל צושמעל־צען דאָס הארץ פון אידישע שונאים אויף אידען. איז דאָרט דאָ א לשון קודש נאָך ערגער, ווי „אין קוצק", אז עס רייסט פּשוט די אויערען.

אן אמעריקאנער רעווערענד־בדחן האָט אזוי לאנג אָנגעגרילצט די איסט סיידער אידען די אויערען און האָט זיי געזוכט אזוי פיעל טובות צו טהאָן, ביז זיינע לאנגע אויערען האָבען אזש געגרייכט אין שוויץ־באָד אריין...

דאָס שושקען אין די אויערען איז נאָך פיעל גאנגבארער:

מאכט א פרעזידענט פון א סאָסייעטי א פּאָרשלאג „דעם וויס־פּרעזי־דענט א מעדאל צו מאכען" און א מעמבער וויל פּראָטעסטירען דאגעגען, גיט איהם דער פּרעזידענט א שושקע אין אויער: „איהר וועט דערביי קיין שאדען ניט האָבען", און הויך פרעגט ער איהם — „האָט איהר עטוואָס דאגעגען?" — ענטפערט ער באלד: „ניכטסווירדיגער ברודער פּרעזידענט!"

זאָגט אן אקטיאָר אויפ'ן סטיידזש א נבול־פּה וויץ, און איינער גיט איהם א שושקע „סטייטש, וואָס זאָגסטו?" שושקעט ער איהם צוריק: „פאר משה „מרובצת" איז דאָס גוט".

אם גאנגבארסטען איז אָבער דאָס שלעפען ביי די אויערען און דאָס עבען לעזט אויף דאָס גרויסע רעטזעל פון דער נאטור, וואָרום דאָס פּאָלק האָט לאנגע אויערען?

אלע נאטור־פילאָזאָפען (אזעלכע וואָס האָבען א נאטור צו פילאָזאָ־פירען) בעהויפּטען, אז דער מענש שטאמט ניט פון א מאלפּע,ווי דארווין זאָגט, נור פון אן עזעל. דארום האָט ער לאנגע אויערען...

עס זיינען פאראנען מענשען וואָס האָבען געבויערטע אויערען, געשטאָ־כענע אויערען, לעבערדיגע אויערען און פערשטאָפּטע אויערען.

געבויערטע אויערען האָבען דעטעקטיווס, גלחים, רבנים, פּאָליטישענס, פּאָליסלייט און דזשאָדזשעס און זיי דערהערען באלד די תפילה בלחש „א דאָללאר.

געשטאָכענע אויערען האָבען די אינדיאנער דאמען, וואָס שטעקען אָן פעדערען אויף דעם קאָפּ און אוירינגלאך מיט שטיינער אין די אויערן, צו ווייזען די מענער אז זיי זיינען נאָך אין ווילדען צושטאנד און מען מעג זיי שושקען אין די אויערען און שלעפּען ביי די אויערען.

לעבערדיגע אויערען האָבען אלע וואָס געהען אויף פערזאמלונגען, הע־

רען פייערדיגע רעדען, און ווען זיי גערהען ארויס פון האָלל, איז אַלע פּער־
נינפטיגע ווערטער, וואָס זיינען דורך איין אויער אריין, געהען דורך דעם
אנדערען ארויס.

פערשטאָפּטע אויערען האָט אַ נגיד ווען מען בעט איהם הילפע, אַ
אידישער לענדלאָרד, ווען מען בעט איהם ער זאָל ניט העכערען קיין רענט;
די באָארד אָוו גארדיאן, ווען אַ ריכטיגער אָרעמאַן בעט שטיצע; און אַלע
מענשען, וואָס ווילען ניט הערען זייערע אייגענע פעהלערען.

גרויסע פּראָפעסאָרען האָבען ערשט אַ גאַנצע פּאָלעמיק (ויכוח) איבער
די אויערען: איין פּאַרטיי זאָגט, אַז מען דארף אָראָפּנעהמען פון פנים די
אויערען און איינזעצען זיי אויפ'ן בויך, ווייל יעדער מענש וויל נור דאָס
הערען, פון וואָס עס קומט איהם ארויס עטוואָס פיר זיין מאָגען. און אַ
טהייל זאָגען, אַז מען זאָל די אויערען טראָגען אין די קעשענעס, ווייל יעדער
הערט נאָר דאָס, וואָס ברייגגט איהם עפּעס אריין אין קעשענע.

יעדענפאַלס אָבער איז די גאַנצע פּאָלעמיק אומזיסט, ווייל עס איז אַ
סברה, אַז די אויערען זיינען פערבונדען דורך נערווען מיט דער צונג און אַז
מען וועט אָבשניידען די אויערען, ווערט שטום די צונג. אַ בעווייז דערפאַר
ליפערט מען, אַז דער וואָס האָט לאַנגע אויערען האָט אונבעדינגט אַ לאַנגע
צונג, און ווער עס האָט אַ לאַנגע צונג, דערקענט מען באַלד אַז ער האָט
לאַנגע אויערען.

און אַזוי ווי איצט איז גרויסע פרעסט און ביי יעדען זיינען געפראָרען
און אויפגערייצט די אויערען, וויל איך ניט מעהר גרילצען אין די אויערען.

# צווייטע סעריע.

---

# פערזאַמלונגען

---

## I.

### טשאַריטי באָלל.

גרענד עננועל טשאַריטי באָלל אָף דהי חברה „אסור לרחם“.

אזוי האָבען געלויטעט די ערשטע פּאָאר ליינס פון א טיקעט וואָס א קאָסטאָמער האָט מיר אריינגערוקט איבער געוואַלט, און א חוץ דעם קוואָדער, וואָס ער האָט ביי מיר צוגענומען, האָט ער מיך נאָך פערזענליך געבעטען, איך זאָל אונבעדינגט קומען צום באל ווייל עס וועט זיין „סאמטהינג גרענד“.

און איך בין ווירקליך געקומען צו דעם טשאַריטי באָלל, צו דעם אידיש-רוסישען טשאַריטי באָלל. צו דעם אידיש-רוסיש-פּויליש-אַמעריקאַנישען-חברה-אסור-לרחם-טשאַריטי-באָלל.

דער האָלל איז געווען געפּאַקט מיט אַלטע מענער, פרויען, אינגלעך, מיידלעך און איבערהויפּט מיט קליינע קינדער פון א מאָנאַט ביז צעהן יאהר אַלט.

די לופט אין האָל איז שוין געווען אזוי געדיכט אז קוים וואָס מען האָט שוין געזעהן די געז-לאַיטס און עס האָט עראינערט אָן א רוסישע שוויץ-באָד.

דער רויש און געפּילדער אין האָלל, איז געווען עהנליך צום רויש פון א בינשטאָק, פון א מיהל, פון א בערזע, פון א זעג-פעקטאָרי, אָדער פון אַלעם צוזאַמען מיט דעם רויש פון די ניאַגאַראַ וואַסער-פּאָלס.

און צווישען די פערשיעדענע קולות פון די סאָפּראַנאָס פון די אַלטע ווייבער, באַסען פון אַלטע מיידען, קוויטשערייען פון קליינע קינדער, האָט זיך אויך געלאָזט הערען די שטימע פון דעם פעסטרעדנער פון דעם רב ודרשן

פון דער חברה אסור לרהם, וועלכען זעהען האָט מען ניט געקענט, ווייל דאָס אויפמערקזאַמע פובליקום איז געשטאַנען אויף ביינק און אויף טישען.

עס מעג טאַקע קומען אַ מפלה אויף אַלע אַנטיסעמיטען, וואָס זאָגען, אַז אידען זיינען אַ רעגרעסיווּעס פאָלק, וועהרענד עס זיינען אפילו די גרעסטע אָרטהאָדאָקסען שוין מעהר פּראָגרעסיוו פון אַלע נאַציאָנען.

שטעלט זיך פאָר: אונזערע אבות, די מאָנקיס, קריכען נאָך אויף אַלע פיער; די טערקען זיצען נאָך אויף דער ערד, די פיס אונטער זיך; די אייראָפּעער זיצען נאָך אויף ביינקלעך, פערלעגט די פיס איינער אויפ'ן אַנדערען — און די אידען זיצען שוין גאָר ניט, נור זיי שטעהען, און ניט אויף דער ערד, נור אויף די טישען, און שטעלען שוין טשערס אויף די טישען, אום דאָרט ערשט צו שטעהען.

און מיינט ניט אַז דאָס איז חלילה צו הערען דעם פעסטרעדנער. אדרבה, זיי זיינען גאָר געשטאַנען מיט'ן פּנים צו דער טהיר, האָבען געגריזשעט עפּעל, געטרונקען סאָדאַ וואַסער און געשריען „העללאָ!“ צו יעדען ניי־אריינ־געקומענעם בעקאַנטען.

— סעי, אָדער, פּליז, ווערט דאָרט פערשטומט, לאָזט הערען דעם רעדנער! — האָבען מאַנכע אַלטע אידען געשריען.

— מען האָט אין דר'ערד דעם רעדנער. — האָט איינער גענטפּערט מיט אַ הייזעריגער שטימע — לייזען ביי דער באַר איז וויכטיגער. עס קאָסט אַזוי פיעל עקספּענציעס.

דאָס איז די שטימע פון איינעם פון דער אָרדנונגס קאָמיטע. וואָרום ווער האָט נאָך מעהר רעכט צו מאַכען אונאָרדנונג ווי די אָרדנונגס־קאָמיטע?

— העללאָ, ברודער שמעריל! — האָט די זעלבע שטימע באַלד אויס־געשריען צו אַ ניי־אריינגעקומענעם ברודער מיט זיין פאַמיליע — קודם־כל אַ טריט.

און אויף זיין וואונק האָבען זיך שוין אַ לאָז געטהאָן אַ גאַנצער מוראַשניק מיידלעך מיט אינגלעך מיט געשרייען:

— באַר טשעקס! טשעקס פאָר דהי באַר! — און דערביי אויס־געשטרעקט זייערע טיקעטס ביז שמעריל'ס שפּיץ נאָז.

שמעריל האָט נעבעך אַ צוטומעלטער מיט איין האַנד געקראַצט די פאַטילניצע און מיט דער צווייטער אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ לעבעדיגען

קוואָדער צו קויפען באַר־טשעקס, אָבער צו זיין אונגליק זעהט ער שוין אַ פּאָאר דאָזען פון זיינע ברידער מיט אָנגעגאָסענע ביער גלעזער איהם צושרייען:

— לחיים, ברודער שמעריל! מען זאָל דערלעבען איבער אַ יאהר, לחיים, אונזער חברה זאָל האָבען צוקצעס! — און דער באַר־טענדער מאָהנט איהם שוין אַ דאָלאַר מיט אַ קוואָדער איידער ער אַליין האָט נאָך עפּעס גענומען אין מויל, איידער ער האָט נאָך דערוואַרעמט זיך די פּיס.

שמעריל איז נעבעך געוואָרען בלאַס פון פערלעגענהייט, ער האָט דאַכט זיך מיטגענומען אַ פּאָאר דאָלאַר אויפ'ן באַלל, ניט חלילה צו פערספּענדען, אבער, אָט לאָז זיין אַ סענט אין פּאַקעט, און דאָ האָט ער שוין פון יענער זייט טהיר אוועקגעלעגט איין דאָלאַר מיט פערציג פאַר טיקעטס מיט העט־טשעקס, אַן פון דער זייט טהיר האָסטו שוין נאָך אַ דאָלאַר מיט אַ קוואָדער.

ער האָט נאָך געזוכט מיט די אויגען אַרום זיך, ווי אַ שיפסבריכיגער אום רעטונג, וואָס זיינער אַ בעקאַנטער האָט באַלד בעמערקט און אויסגעשריען:

— ר' שמעריל, איך פעהלט טשענדזש, נאַט, איך וועל אייך באָרגען אפילו צעהן דאָלאַר און דערביי אַרויסגענומען אַ האַרטען זילבערנעם דאָלאַר און איהם דערלאַנגט.

שמעריל האָט פריער אויפגעאָטהעמט, אָבער איידער ער האָט נאָך בעצאָהלט פאַר די טשעקס, האָט ער דערווייל בעמערקט, דאָ דעם פּרעזי־דענט, דאָ אַ שכן, וואָס ער כאַפּט ביי איהם אַמאָל אַ גמילות חסד, מען קען דאָך קיין חזיר ניט זיין, און די לעצטע פּאָאר סענט זיינען אויך פערשוואונדען.

—אָט האָסטו דיר — זאָגט ער צו זיין ווייב, מיט איהר זוכענדיג אַ ווינקעל זיך צו רעטען, — ניט געגעסען ניט געטרונקען און 3 דאָלאַר, פוי! —

— וואָס דען — זאָגט זי — איך זאָג תמיד אַז די בעלער זיינען נאַר פאַר די באַיעס מיט די מיידלעך צו כאַפּען אַ לוסטיגע מינוט, סטייטש, ווען דו גיסט מיר די 3 דאָלאַר אין הויז אריין, וואָלט איך דאָך אַ ביסעל בעלאַטעס די קינדער, עס געהט צו ווינטער, די האָט קיין העמדעל, דער איז באָרוועס, נאָר כאַר'ן רוח געפינט זיך, און זיך פערגינט מען דאָס לעבען ניט, מן הסתם וויל גאָט אזוי. —

פלוצלינג האָט אַ שרעקליכע סומאַטאָכע זייער דיאַלאָג איבערגעשלאָגען. דער רב ודרשן האָט נאָך צוויי שטונדען רעדען נעבעך געמוזט סטאַפּען אין

דער מיט און די טאַנצענדע יוגענד האָט זיך גענומען אויפראַמען די טישערס.

די טישערס פליהען ווי אויטאָמאָבילס, דאָס פּובליקום שטופּט זיך אין די ווינקעלעך, די מוזיק פערגרילצט די אויערען, די 3 פלאָאָר מענעדזשערס מיט די 3 מאָל 3 אסיסטענטס צורייסען די נערוועז מיט זייערע וויסטעלס און פון דיזען כאַאָס האָבען זיך ארויסגעדרעהט א 15 פּאָרלעך אין א ראַשען־קוואדריל־פּאָלקא.

אוי. פלעג איך הינקענדיגער שלימזל מקנא זיין די וואָס קענען טאַנצען, זיי לעבען, בעוועגען זיך, און איך זיץ ווי א ליימענער גולם און קוק, יעצט אָבער, זיך צוקוקענדיג צום טאַנצען אין כעוורא „אסור לרחם" אויפמערקזאם, זעה איך ערשט, אז טאַנצען איז גאָר קיין קונץ ניט.

יעדער זכר כאַפּט א נקבה, און מען שטעלט זיך אוים פּנים אל פּנים און אזוי ווי די מוזיק גיט א שפּיעל: כאַפּסטו מיין נקבה, כאַפּ איך דיינע, שלעפּסטו מיינע, שלעפּ איך דיינע, שלעפּסטו מיינע רעכטס, שלעפּ איך דיינע לינקס, כאַפּסטו א צוויטענס, כאַפּ איך א דריטענס, האָצקעט זי ארויף, האָצקע איך אראָפּ, לאָזטו אָב מיינע, לאָז איך אָפּ דיינע, בלייבסטו שטעהן, שטעה איך אויף, נו וואָס פאַר חכמות ליגט דאָ?

א פּנים אז די גאַנצע קונץ בעשטעהט אין דעם ווי צו דערקענען, וועלכע איז מיינע און וועלכע איז דיינע, ווייל שעהן זיינען זיי אלע גלייך, נאָר די האָט א לאַנגע נאָז מיט א ברייטען מויל, און די האָט א שמאָלען שטערען מיט א לאַנגען האלז, די האָט א רויטע קלייד מיט גרינע אויגען, און די האָט א לאַנגע שלעפּ מיט א קורצען שכל, די איז קליין געוואַקסען מיט א גרויסען יצר הרע, און די איז ברייט געוואַקסען און רעדט אויף ענגליש, אָבער חתונה האָבען און קענדי ליעבען זיי אלע גלייך.

פּלוצים א נייער שטורם, א רעש, אָבער אליין חלילה ניט קיין מאָרד, ניט קיין שרפה, נאָר א נייעם כקאָטיש — טו סטעפּס - גלייד - וואלץ אויפגע־שפּיעלט, און פּאָרלעך האָבען זיך א לאָז געטהאָן ווי אייז־קריעם פאַר פּסח אויף'ן טייך אָנשטויסענדיג איינער דעם אנדערען.

מילא טאַנצען האָב איך געזעהן איז קיין קונץ ניט, אָבער דאָס האַלטען זיך ביים טאַנצען, די פּאָזען, די גרימאַסען, דאָס מוז מען קענען.

דאָ האַלט איינער אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנד מיט זיין ליידים אין פראָנט, ווי דער דישעל פון א יאַנקאָווער בריקע (וואָגען), און מיט דעם

גראָבען פינגער פון דער לינקער האַנד שיינט עס אַז ער וויל בויערען אַ לאָך אין איהר פּלייצע, און זיין לענגליכע נאָז האַלט ער כמעט ביי איהר אין אויער, ווי ער וואָלט עס וועלען נוצען פאַר אַן אויער־לעפעלע.

אַ צווייטע פּאָאַרל האַלט די פראָנט הענד אַראָפּגעבויגען און די אויגען פערגלאָצט צום סילינג, ווי איינער פרעגט, מאַין יבוא עזרי? און זי האַלט דאָס קעפּעל געבויגען צו זיין נעקטיי און די אויגעלעך האַלב פערמאַכט און טרוימט פון דער עוויג שמעלצענדער ליעבע פון אַ פּלייט אייז־קרים.

אַ דריטע פּאָאַרל האַלט זיך שטאַרק צוזאַמענגעדריקט באַק צו באַק, און ווען ער קוקט אין דרום קוקט זי אין צפון, און אַזוי ווי זיי האַלטען ניט קיין גלייכע טריט, רייבט זיך איהר צאַרט בעקעלע אָן זיין געשייווטער מאָרדע און זי קווענט, דערווייל בעקומט זי פאַרב אין פּנים.

אַ פירטע פּאָאַרל האָצקעט זיך גאָר אָהן אַ טאַקט, די מוזיק הערען זיי ניט, ווייל זיי טאַנצען פיר אַ העכערען אידעאַל, פאַר אַ ליעבעס ערקלעהרונג, וועלכע מען דערקענט פון זייערע ליפּען, וואָס בעוועגען זיך קאָנוואולסיוו און פון די אָפּטע בליקען טיעף איינער אין דעם אַנדערענס אויגען.

אַ פינפטע פּאָאַרל געהט דער זכר מיט כונה ריקווערטס, ווי מען געהט אויס שמונה עשרה און זי שלעפּט זיך איהם נאָך מיט גרויס גדולה, אַז ביידע רייהען צייהן, די ביינערנע מיט די גילדערנע זעהען זיך אַרויס, ווייל זי פיהלט אויף איהר האַלב נאַקעטען נאַקען זיינע ביידע הענד מיט די שפּיצען פון זיינע ווייסע גלאָווס, וואָס הענגען נאָך ווי אויערלעך פון אַ פּודעל הינטעל.

דאַן לויפען נאָך כל הנערים פּאָאַרלעך, באָיעס מיט באָיעס, מיידלעך מיט מיידלעך, באָבעס מיט אייניקלעך סתם אַזוי לכבוד טשאַריטי.

פייף, קניאַק, שריי! יעצט קומט עטוואָס שרעקליכעס, עס קומט דער גרענד מאַרטש.

ווער עס האָט ניט געזעהן דעם גרענד מאַרטש פון דער כעוורא „אסור לרחם“ האָט ניט געזעהן קיין נחת אין זיין לעבען.

דאָס קאָמיטע לויפט אום זוכען דעם פּרעזידענט מיט דער פרעזידענ־טיכע, וועלכע קומען מיט בוקעטען אין פראָנט, נאָך זיי דאַרפען קומען די בעאַמטע מיט די בעאַמטיכעס נאָך זייער ראַנג נאָך, דערנאָך אַלע איבעריגע מיעמבערס מיט די מעמבעריכעס און דאַן קרובים, געסט און כל הנערים, אָבער ווער קוקט אויף דער אָרדנונג, יעדער פּאָאַרל שטופּט זיך אין פראָנט,

געלעכטער פון די טריאומפירענדע, פראָטעסטען פון די הינטערגעבליבענע, קולות פון די וואָס זוכען זייערע פּאָרלעך, פייפען און גרילצען פון די פלאָר מענעדזשערס פערטויבען פשוט די אויערען.

פּלוצים אַ קניאַק פון דעם באַראבאַן פון דאָבל אָרקעסטער און די מלחמה איז איינגענומען, דער מארטש הויבט זיך אָן.

ביים ערשטען ראַונד געהט עס נאָך ווי עס איז, יעדער געפינט נאָך זיין פּאָרל מיט מזל, ביים צווייטען אָבער געהט שוין שווערער, און דער זכר וואָס האָט פערלאָרען זיין בעשערטע כאַפּט אַ צווייטענס מיט דער האָפנונג ביי דער דריטער צו געפינען זיינע. ביי דער פיערטער אָבער ווערט אַ גרויסער חורבן ווי נאָך אַ פּאָגראָם. מענער פערלירען זייערע ווייבער, התנים זייערע כלות, מאַמעס זייערע קינדער. עס ווערט אַ זובעריי, אַ געפּילדער, די פלאָר מענעדזשערס גענעראַלעווען, רייבען זיך דעם גאָרגעל, די אַסיסטענס וויסען זיך דעם שוויים און עסען זיך לעבעדיג, די קינדער שרייען, די זייטעגע מענשען לאַכען, אַ פייף, אַ קניאַק מיט׳ן באַראבאַן און דער מארטש לייזט זיך אויף ניט געענדיגט.

— באַר טשעקס, טשעקס צו דער באַר! — ווערט ווייטער אַ געשריי צוזאַמענגעמישט מיט דעם געוויין פון די קליינע קינדער, וועלכע ווילען נעבעך געהן שלאָפען, פון פרויען, וואָס דערמאָנען די מענער אַז מאָרגען דאַרף מען אויפשטעהן פריה צו דער ארבייט און אויך די הייזעריגע שטימען פון דער קאָמיטע, וועלכע רעכענט זיך ביי דער באַר, און זעהט אַז מען האָט צוגעלעגט 6 דאָלאַר מיט 33 סענט, און צווישען מאַנכע אַנדערע וואָס האָבען זיך שטילערהייד אַרויסגערוקט פון האָלל, בין איך אויך אַרויס אונטער די בעגלייטונג פון דעם דאָבעל אָרקעסטער באַראבאַן, און די געשרייען, באַר טשעקס, טשעקס צו דער באַר!

---

## II.

### אַ לאָדזשען מיטינג.

מיין פריינד יואל פּלעגט מען אין דער היים רופען „סתם מקשן" ווייל

ער פלעגט אלץ פרעגען קשיות און אפילו אז מען האָט איהם געענטפערט א תירוץ, פלעגט ער אויף׳ן תירוץ פרעגען א קשיא.

ווען ער איז געקומען אהער אַלס גרינער, האָב איך איהם צוגערעדט, ער זאָל אַריין אין מיין לאָדזש.

— וואָס איז דאָס א לאָדזש ? — פרעגט יואל.

—א חברה.

— וואָס טהוט די חברה ? לערענט משניות, זאָגט תהלים ?

— ניין, זי מיטעט.

— וואָס הייסט מיטען ?

— מען פערהאַנדעלט ביזנעס, מען שלאָגט פאָר, מען אונטערשטיצט, מען בעשליסט, מען בעשטימט, מען אַמענדירט, מען פּראָטעסטירט, מען אפּעלירט, מען סוספּענדירט...

— זאָג ווייטער, ווייטער — כאַפּט מיר אונטער יואל — מען ראַבירט, מען קראַפּירט...

— האָסט טאַקע געטראָפען, אז מען קראַפּירט, בעגראָבט די חברה.

— און דער וואָס בעלאַנגט ניט צו קיין חברה מאכט מען פון איהם א קנאָבעל־בראָטען נאָך׳ן טויט ?

— יעס מען בעגראָבט שוין, אָבער דאָ גיט די חברה דיין ווייב 500 דאָל.

— איין איבערגעקעהרטע וועלט דאָס אמעריקא, מאַכען די קאָמעדיע ביים לעבען, און מען וועט בעצאָהלען מיין ווייב נאָך מיין טויט, מוחל, ביי מיר איז אויף׳ן היימישען אופן, קלאַפּ און צייל, אָבגעארבייט, בעצאָהל יאָסקע.

— ביים לעבען דיר צאָהלען, גאָר לא, כל זמן דו לעבסט מוזטו נאָך צוצאָהלען, וויניגסטענס 15 דאָלאַר א יאָהר.

— וואָס ! מאַכען די קאָמעדיע און זיי נאָך צוצאָהלען, דאָס הייסט יא, זאַפּלאַטי זא האָצקי, ניט פאַר מיר.

— וויצען אָן א זייט, הער נאָר מיט קאָפּ יואל, דו האָסט ליעב דיין ווייב, ווילסט זי ניט פערזאָרגען, ווען זי וועט חלילה בלייבען אן אלמנה ?

— דו מיינסט, איך זאָל קלייבען פאַר איהר נדן, זי זאָל נאָך מיין טויט קענען קריגען א געזונטען כלאָפּ ?

— אָבער וואָס וועלען טהאָן דיינע קינדער וואָס בלייבען יתומים ?

— די וועלען זיין פערזאָרגט, ווי איך בין געווען נאָך מיין טאטענס טויט.

— אָבער די חברה פערזאָרגט דיר א מצבה נאָך'ן טויט.

— ביזטו פעררירקט? איך ארבייט שווער און ביטער און קען מיר ביים לעבען ניט פערזאָרגען, ווילכטו איך זאָל מיר געהן פערזאָרגען נאָך'ן טויט.

— זיי פערזאָרגען ביין לעבען אויך. ביזטו קראנק, קריגסטו 5 דאָלאר א וואָך; זיצסטו שבעה, ווייטער 5 דאָלאר; אין א נויט, א מאָל 10 און נאָך מעהר.

— ווארט, וואָס זאָגסטו? איך קען קראנק זיין א 10 וואָכען איז 50 דאָלאר, זיצען שבעה א דריי וואָכען איז 65 דאָלאר, זיין אין דער נויט א פּאָאר וואָכען איז שוין 85 דאָלאר און איך דארף צאָהלען בלויז 15, דאָס שמעקט שוין מיט ביזנעס, שלעפּ מיך אריין.

אין א פּאָאר וואָכען ארום, ווען דער דאָקטאָר האָט זיין קאָנכאָפּשאָן ניט בעמערקט און די קאָמיטע האָט אויסגעפונען אז ער איז ניט קיין פּיק־פּאָקעט און האָבען איהם געמעלדעט גינסטיג, האָב איך איהם גענומען צור איינפיהרונג, און איך האָב איהם בעאָבאכטעט, וואָס פאר אַן איינדרוק עס וועט אויף איהם מאכען די „לאָדזש מיטינג".

שוין אין פראָנט רומקע האָט ער מיך א פרעג געטהאָן וואָס איז דאָס דאָרט פאר א קולות, אָבער באַלד איז ארויסגעקומען א קאָמיטע מיט'ן סעקרע־טער יואל האָט בעצאָהלט צער, רפוי, שבת ובושת, דריי קלעפּ אין דער טהיר און יואל פרעגט מיך ווייטער:

— הפנים נאָר וואָס געשפּיעלט אין ווילדע קוה, אַזוי זיינען די ביינקלעך צורוקט, אָנגערויכערט און אָנגעשטויבט, ווי אין קאָטצקער חסידישע שטיבעל.

ער האָט אָבער קיין צייט ניט געהאט ווייטער צו רעדען, ווייל ער איז געבליבען שטעהן פאר'ן פּרעזידענט, וועלכער האָט געגעבען דריי שטארקע קלעפּ מיט'ן האמער און אַלע ברידער האָבען זיך אויפגעשטעלט ווי פאר'ן רב אין קליינעם בית המדרש.

דער פּרעזידענט האָט אויפגעמייעט די קאָנסטיטושאָן און האָט זיך מאיעסטעטיש צורעקלאמירט אויף טייטש:

„ווערטהפאָלער קאנדידאט, היינטע אָט היר די ווירדיגע הערע הארייןן צו טרעטען אין די ווירדיגע אנשי פּדהצור בני קארפּיליסאָק לאָדזש פון דעם גראָסען האָרדער הינרעפּענדענט כאָנס אָף גיד הנשה, וועלכע זינדען געסטאָר

טעט וואָרדען צום עליקען צוועקע אונטערצושטיצען די איינצעלהייט מעמבערס פראָם אונזערע מיטע, ווי אויך עבענפאַלס צום שטאָלצער פראָם גאַנצען יודענ־טהום אין וואהרהאַפטיגקייט, גנעדיגקייט און אייטעלקייט, און אויב איהר זיינט נאָר אַ יהודי וועלכער וואָס איז האַריין גיקאָמען בבריתו של אברהם אבינו, אויב איהר גלויבט אין די מאָזייאַיִשע רעליגיאָן און איהר זיינט פערי־האָכצייטעט מיט אייערע ווערטע געמיינהלין נאָכען יודישען ריטמאַס, זינדען זי מיט אונז וועלקומען, זאָגט יעס".

— יעס — זאָגט יואל האלב קעלבערנעוואַטע, און דער פּרעזידענט זעצט פאָרט :

— לעגען זי איהרען לינקער האַנד צום ברוסט און איהרעס רעכטע האַנד צום רעכטען אויער און זאָגען זי מיר נאָך : „איך נאָמען און פאַרנאהמען שווערע אַלע געהיימניסע פון אונזער לאָדזשע ווי עבענפאַלס אויך פון אונזער האָרדער זאָלטע קיינמאָל ניט ניכט נאָך דעם טויטע צו בלייבען טרייהייט צו מיינען ברודערן אָהנע בעזעס ענטוועדער פערליימדונגען צו טהאָן וואר ארויף איך טהוא פערפפענדען מיין עהרענוואָרט אַ—מין.

אַ קלאַפּ מיט'ן האַמער און אַלע ברידער זעטצען זיך און דער פּרעזידענט שוויצט ווייטער אויף טייטש.

„זעהן זי דאָס האַמער, דאָס איז קיין האַמער זאָנדערן אַ גאַבעל, דעבען האָט מעהר מאַכט אין זינען פון דעם פּרעזידענט. צוויי קלאַפּען הויבט אויף די ביהאַמטען, דריי קלאַפּען דער גאַנצען לוידשע און היין קלאַפּ רופט צו האָרדער.

ווען היר קאָמט האַריין אין לאָקאַלע פון דעם ערשטען טהירע, גיבט איהר איינעם קלאַפּע און זאָגען אַ האַלבען פּאַסוואָרט „פּימפּער", קריגען זי היינלאַסע פון דער הייסערן וואָכע, קאָמען זי צום צווייטען טהירע, גיבען זי צוויי קלאַפּען, עפּענט זיך אַ לוקע, דערזעהן זי אַ נאָז, זאָגען זי דעם גאַנצען פּאַסוואָרט „פּימפּערנאָטער", און זיי קריגען די היינלאַסע פון הינערן וואַכע, זאָ מאַרשירען זי ביז דעם האַלטאַרע, זי לעגען דעם צייגע פינגער פון רעכטען האַנד צום לינקען הויגע און מיט דעם גראָבען פינגער און לאַנגען פינגער פון דער לינקער האַנד גרייפען זי דעם לעפּעל פון רעכטען הויער וואָך דאָס רינ־דייטען זאָלט, הערען זעהן און שוואַגען, און מיר האָבען נאָך געהיימע צייי־

כענס, וועט שוין דער ברודער וויים הינען ערקלעהרען. זי זינדען שוין אונ־זער ברודער, זי מאָגען פּלאַטצע נעהמען.

„ברודער סעקרעטער, וויטערע ביזנעס — און ער האָט זיך געווישט דעם שוויים פון די שווערע דייטשע עברי.

— ברודער קאַפּעל האָט זיך געמאָלדען קראַנק די דריטע וואָך — האָט דער סעקרעטער רעפּאָרטעט.

12 ברידער האָבען זיך געמעלדעט צום וואָרט.

— ברודער לעפּעש, איהר האָט דאָס וואָרט.

— אַקאָרדינג אונזערע קאָנסטיטושאָן זאָלטע ברודער קאַפּעל קיינע קראַנקען בענעפּיציע ניט בעקומען, ווייל ער איז שוין אין דער האריר פון 2 וואָכען.

— שאַנד און שפּאָט! — האָט ברודער ביינעש יעצט אויסגערופען — ברודער קאַפּעל בעלאַנגט שוין צו אונזער לאדזש 18 יאָהר, האָט קיין מאָהל א סענט נישט פּערלאַנגט, יעצט אין קריזיס, וואו ער ליגט קראַנק און האָט א הויז מיט קליינע קינדער, זוכט מען אויף פּאַקטען אין די קאָנסטיטושאָן איהם ניט צו געבען, שאַנדע!

— איך מאַך א מאָשאַל אַז מען זאָל ברודער ביינעש בעשטראָפען מיט 2 דאָלאַר, וואָס ער מאַכט חוזק פון אונזערע קאָנסטיטושאָן — האָט געשריען ברודער בערל.

— אונטערשטיצט! — האָט זיך א הייב געטהאָן זיין שוואָגער פּייוויל.

— צום אָפּשטימונג — שרייט זיין קאָזין גימפּעל.

— עס איז פּאָרגעשלאָגען און אונטערשטיצט אַז ברודער ביינישׁ זאָל בעשטראָפט ווערען מיט 2 דאָלאַר פאַר בעשימפּפען און בעשמוטצען הונ־זערע קאָנסטיטושאָן, ווער סע איז דאַפיר... —

— איך האָב שוין געבעטען 20 מאָל דאָס וואָרט און איהר גיט מיר ניט — האָט זיך ברודער פּנחס אויפגעשטעלט.

— נו, האָט איהר דאָס וואָרט.

— מיר זיינען אַלע ברידער. עס איז מעהר ניט ווי רעכט און ביליג אַז צום וואָהל און בעסטען פון דער לאָדשע זאָלטען מיר מיט פּערדאָפּעלטע קרעפּטען בעשירמען און בעשיטצען אונזערע שוועסטער אין ברידער פון שפּאָט און שאַנדע, מיר זאָלטען געהן האַנד אין האַנד, שאָלדער צו שאָלדער,

אַז קינד און קייט זאָלען זעהן און הערען, אַז מיר בליהען און וואַקסען... —

— טאָ וואָס זשע ווילט איהר? וואָס איז אייער מיינונג אין דער פראַגע? —

— אין דער פראַגע? וועלכע פראַגע? —

— סיט דאָן, אַז איהר ווייסט ניט, ווער עס איז דאַפיר זאָל געבען דעם צייכען, דאַגעגען קיינער, דאַמיט געטראָגען, ווייטערע ביזנעס.

— טעסטימאָני פאַר עקס פּרעזידענט ברודער יאָקעל — רעפּאָרטעט דער סעקרעטער.

— גיט מיר דעם פלאָאָר — האָט מיט אַ קוויטשיגע שטימעלע זיך אויפגעהויבען ברודער גימפעל — איך בין טאַקי ניט מעהר ווי אַ שוסטער, אָבער איך בין גוט אָהן די ביכער, און איך זאָג, אַז עס איז אונזער הייליגע פפליכט אונזער ברודער עקס פּרעזידענט אַ טעסטימאָניאַל פאַר 25 דאָלאַר. צוויי סידשענס האָט ער געפיהרט אונזער טשעיר, מיט זיין גאַנצע בלוט און פלייש איז ער געזעסען אויף אונזער טשעיר צום וואָהל און בעסטען פון דער סעמעטערי־קרקע און יאָהרעספּעבּט, וועהרענד זיין אייגענע פרוי פלעגט נע־ ביך ביז 12 אוהר זיטצען איינער אַליין מיט׳ן באָרדער אויף דעם הארטען סטופּ און ווארטען ביז דער מאַן פלעגט קומען אין דער היים, און ניט איין מאָל האָט ער געכאַפּט פון איהר אַלע טעלער אין קאָפּ און ער האָט עס כשר פערדינט — מיר זאָלען איהם געבען אַ טעסטימאָניאַל פאַר 25 דאָלאַר, און איך מאַך עס טאַקי צום פאָרשלאַג און אונטערשטיין...

— מיינע ברידער, עס איז פאָרגעשלאָגען און אונטערשטיצט אַז מיר זאָלען מאַכען אַ טעסטימאָני פאַר אונזער ווירדיגער ברודער עקס פּרעזידענט יאָקעל פון זיינע געטרייע דיענסטען, ווער עס איז דאַפיר זאָל געבען דעם ציי־ כען, דאַגעגען קיינער, דאַמיט געטראָגען, ווייטערע ביזנעס. —

— וואָס ווייטערע ביזנעס — האָט ווייטער ברודער בייניש פּראָטעס־ טירט, — איינער האָט פאָרגעשלאָגען און אַליין אונטערשטיצט, און איהר האָט אָפּגעמאָהלען „דאַגעגען קיינער און דאַמיט געטראָגען“. מיר זיינען אַלע דאַגעגען. אַזאַ אונרעכט איז נאָך ניט געהערט געוואָרען. דעם קראַנ־ קען ברודער קאַפּעל האָט מען ניט געוואָלט געבען זיין בענעפיט פאַר וועלכע ער צאָהלט שוין 18 יאָהר און פאַר עקס־פּרעזידענט יאָקעל, לאַ די וואָס מען האָט איהם גענעבען איין כבוד צו זיין פּרעזידענט, דאַרף מען איהם נאָך

געבען אַ כיבוד פון 25 דאָלאַר און מען זוכט גאָר ניט קיין פּונקט אין די קאָנסטיטושאָן און מען האָט גאָר קיין רחמנות ניט אויף די אָרימע סענטען פון די...

— סאַט דאַון ! — האָט זיך דער פּרעזידענט צושריען און אַלע זיינע אַנהענגער האָבען איהם צוגעהאָלפען — דאָ איז קיין סאָציאַליסטישער מי־טינג — איהר זיינט אויסער אָרדער, שוין בעשלאָסען און פּראַקטאַקאָלירט. מען וועט אייך ווייטער בעשטראָפען. עס ליגט ניט פאַר — סאַראַפּ — סאַ־דאַן — זאָל מען איהם עקספּעלען — סאַראַפּ !

— צום וואָהל און בעסטען ! — שרייט אויס דער פּרעזידענט.

— וואָס מיינט דאָס ? פרעגט מיר מיין יואל.

— דאָס מיינט, אַז יעדער קען עפּעס זאָגען, פרעגען צום נוטצען פון דער חברה.

— אויב אַזוי — זאָגט יואל — האָב איך אויך עטליכע קשיות.

איך האָב פערשטאַנען אַז פון יואל'ס קשיות וועט דער פּרעזידענט טרו־קען ניט אָפּשניידען און איך האָב פאַר איהם געבעטען דאָס וואָרט.

— מאַכעטויסע — האָט דער פּרעזידענט געזאָגט גנעדיג — דער נייער ברודער וויל אייך עפּעס זאָגען.

— פערשטעהט איהר מיך, — האָט יואל געזאָגט אין אַ נאַאיווען טאָן— איך בין נאָך אַ גרינער און אַ סך זאכען פערשטעה איך ניט גוט —

— מאַכעטויסע, פרעגט.

— די ערשטע קאַסע וועל איך אייך פרעגען, פאַר וואָס פערשליסט איהר די טהירען פאַר פרעמדע, אַז אייערע אייגענע ברידער ווילען ניט קומען ?

די צווייטע קאַסע איז וואָס פערשווערט אייערע ברידער זאָלען ניט אויסזאָגען אייערע סודות, אַז מען הערט אייערע קולות 3 סטריטס אַרום ?

דריטענס, וואָס דאַרפט איהר געהיימע פּאַסווערטער, אַז איהר זידעלט זיך מיט ווערטער וואָס פּאַסען גאָר ניט ?

פיערטענס, וואָס ברעכט איהר די צייהן אויף דייטש, אַז קוים וואָס איהר קענט אידיש רעדען ?

פינפטע קשיא איז, וואָס דאַרפט איהר נעמען זאַכען צום אָפּשטימונג,

אַז איהר קוקט גאָר ניט, ווער עס איז דאָפּיר אָדער דאַגעגען און בעשליסט וואָס איהר ווילט ?

זעקסטע קשיא, וואָס רופט איהר זיך ברידער, אַז איהר רייסט זיך ווי די הינט ?

זיבענטע קשיא...

— סטאָפּ ! שייגעץ ! כאַטדאַן ! סאַראָפּ — האָבען זיך איצט אַ שיט געטהאָן קולות פון פּרעזידענט און זיינע פריינד.

— זאָל מען איהם בעשטראָפען — זאָל מען איהם עקספּעלען ! ניין, סוספּענדירען ! — ניין, סאַראָפּ ! — איך מאַך אַ מָאָשאָל מען זאָל איהם אויסהאַקען די צייהן, — ניין, אַרויס פון האָלל, גרינע חיה — סאַטדאַון, סאַראַפּ, כטאָפּ !... — האָבען זיך געמישט פערשיעדענע קולות און מעהרערע ברידער האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן מיט די קולאַקעס צו יואל'ן, אייניגע האָבען זיך געשטעלט דאַגעגען !

פון די קולות און פּייטערייען איז אַרויפגעלאָפען דער האָלקיפּער און ניט זייענדיג אימשטאַנד זיי איינצושטילען, האָט ער אויסגעלאָשען די גאַז און אין דער פינסטער איז מיר געלונגען אַרויסצושלעפּען קוים אַ לעבעדיגען יואל'ן פון האָלל פון דער לאָדזש אנשי פּדהציר בני קאַראַפּילוסאָק פון אָרדער אינדעפּענדענט סאָנס אָף גיד הנשה.

---

# III

## די פינסטערע נעכט פאַר די שרעקליכע טעג.

אָט זיינען די ימים נוראים, ראש השנה און יום כפור, די שרעקליכע טעג. אָבער זייט איך בין אין אַמעריקאַ האָב איך פאַר די שרעקליכע נעכט מעהר מורא, אַלס פאַר די שרעקליכע טעג, ווייל ביי די שרעקליכע טעג זיינען אַלע שלאָגעכצען ווי איך וויל :

כפּרות שלאָג איך, דער האָהן שווייגט ; הושענות שלאָג איך, דאָס ריטעל שלאָגט ניט צוריק ; על חטא קלאַפּ איך אין הארצען אפילו מיר אליין, אָבער איך גיב אַזעלכע קלעפּ, אַז מיין געפּרעסטע העמד זאָל אפילו ניט צו־

קוועטשט ווערען; מלקות שלאָגט אפילו דער שמש מיר, ער ווייס אָבער, אַז איך דארף איהם בעצאָהלען דערפאר און שלאָגט אזוי אַז ער טרייבט מיר אפילו די פליגען ניט אראָב. אלזאָ, דיעזע שלאָגעכצען פון די שרעקליכע טעג, זיינען ניט אזוי שרעקליך; דערפאר אָבער זיינען די שרעקליכע נעכט געפעהרליך שרעקליך.

אָבער די מיטינגען פון מיינע חברות און סאָסייעטיס. דאָ ברידער זיינען די קלעפּ און די פעטש גאָר ניט ווי איך וויל.

דער פרעזידענט גיט א קלאפּ על הטא, בעקומט דער סעקרעטער בלויע אויגען; דער טרעזשורער גיט א שלאָג כפרות מיט דער חברה, גיט אפילו א האָהן ניט א קריי און דאָך ווייגט די גאנצע חברה נאָך די עטליכע דאָלאר; די טרוסטים שלאָגען א הושענה און דער טאָטער קען זיי אפילו ניט העלפען.

די מיטינגען פון די חברות פאר די שרעקליכע טעג, זיינען זעהר שרעקליכע נעכט! אָט הערט און שטוי'נט פון א מיטינג כאָטש פון איינע פון מיינע חברות:

שוין דריי יאָהר אַז איך בין א מעמבער פון דער חברה גיד הנשה פּועלי צדק אנשי קריינקאָווקע להתפלל ערב ובבוקר וצהרים שבתות וימים טובים וימים נוראים קראנקען אונטערשטיצונגס פעראיין, און א דאנק גאָט, איך טהייל זיך אימער ברידערליך מיט די קלעפּ, וואָס נעהמט זיך אָן אויף מיין חלק אין דער חברה, ווייל איך בין גוטשטעהענד, אָבער אַזעלכע קלעפּ ווי עס פאלען אין די שרעקליכע נעכט קען איך ניט אויסהאלטען.

דאָס קענט איהר זעהן פון מיין געסטריגען מיטינג.

עס איז שוין האלב נאָך אכט און עס זיינען מעהר ניטאָ ווי 7 מעמבערס.

— הערר פרעזידענט, האָב איך געמאכט א פאָרשלאג, אזוי ווי 7 מעמבערס זיינען א „קוואָרום“ (דאָס הייסט א כפרה, זיי קענען שוין כפרות־שלאָגען איינער מיט דעם אנדערען) מעגען מיר עפענען דעם מיטינג.

מיין פאָרשלאג איז אונטערשטיצט געוואָרען. דער פרעזידענט האָט געגעבען א קלאפּ מיט'ן האמער און דער מיטינג איז ערקלעהרט געוואָרען פאר געזעצליך ערעפענט.

פאר וואָס דאָס הייסט געזעצליך, איז איינפאך. ווייל וויפיעל איינער בעקומט זעץ, איז אלץ פערפאלען, דען א מיטינג אָהן זעץ איז איינפאך איין **אָטעץ.**

— ברודער סעקרעטער, לעזען זי פּאָר די פּראָטאָקאָל פון לעסט מיטינג.

— לעסט מיטינג אין זעלבען לאָקאל איז עטנשלאָסען געוואָרען אז אונזער חברה פעראיין דאַרף צום בענעפיט פון אונזער חברה דינגען א לאָקאַל מיט א חזן און קויפען איין אתרוג מיט א לולב מיט א מלקות־שלעגער מיט א בעל תוקע, מיט א שופר, מיט א בעל שחרית, מיט א גויע די ליכט צו פערלעשען, מיט אלע עקספּענזעס. טיקעטס פּרייז 2 דאָללאר און ווייבער 1 דאָללאר. קאָמיטע פאר חזן ברודער גימפּעלזאָהן. קאָמיטע פאַר לאָקאל, ברודער עזעלאָווסקי און טאחעלעווסקי. קאָמיטע פאר טיקעטס פּרינטען ברודער קלאטצקי, קאָמיטע פּאַר אלע איבעריגע זאכען, ברודער ביינעס און ברודער לייבאָוויטץ און ווייטער גאָר ניט.

— ברודער גימפּעלזאָהן, וואָס האָבען זי צו בעריכטען?

— איהר וועט מיר מוזען עקסקיוזען, ווייל מיין ווייב ליגט אין קימפּעט, האָב איך ניט געקענט אטענדען.

— ברודער קלאַטצקי, וואָס האָבען זי צו בעריכטען?

— איך האָב גראָד געמופּט, האָב איך אויך ניט אטענדעט.

— ברודרע טאחעלעווסקי, און איהר?

— ברודער עזעלעווסקי האָט מיט מיר אָבגערעדט מיר זאָלען ביידע געהן שאביסענאכט,, האָב איך אויף איהם געוואַרט און ער איז ניט געקומען.

— ברודער עזעלעווסקי, וואָס האָבען זי צו בעריכטען?

— ער איז ניט אנוועזענד — האָבען עטליכע ברידער מיט איינמאָל געענטפערט.

— סטייטש, עס איז שוין 3 וואָכען צו יו"ט און קיין זאך איז נאָך ניט פאָרבערייטעט — האָט דער פּרעזידענט געזאָגט מיט ערגערנים.

— איך מאך א פּאָרשלאג, אז מען זאָל מיין פּאָרשלאג אונטערשטיצען, אז מען זאָל אלע קאָמיטעס בעשטראָפען, אז מען גיט זיי א קאָמיטע זאָלען זיי אטענדען — האָט איינער פון די ברידער געזאָגט צום פּרעזידענט.

— וואָס האָט מען פון די שטראָפען — האָט איצט נאָך א מעמבער מיט גרויס אייפער געזאָגט — די שטראָפען העלפען גאָר ניט, איך וואָלט געזאָגט, אז מען זאָל מאכען א געזעץ, אז ווער עס האלט ניט די געזעצע פון אונזרע געזעצבוך, זאָל געזעצליך בעשטראָפט ווערען.

— און אז זיי וועלען דאָס געזעצבוך אויך ניט האלטען?

— זאָל מען זיי איינפאַך סוספּענדירען.

— וואָס ?

— סוספּענדרעס.

— ברודער גרינגעל, ערקלעהרען זיי זיך דייטליכער.

— דאַכט זיך איך ערקלעהר זיך גענוג דייטליך, נאָר קודם כל מאַך איך צום פאָרשלאַג אין שלאָג עס טאַקע פּאָר, אַז אַזוי ווי מיר אַלע ארבייטען צום וואָהל און בעסטען פון אונזער חברה זאָלען מיר האַנדלען ווי מענער און שיקען אַ קאָמיטע צו אַלע אַבוועזענדע קאָמיטע לייט זיי זאָלען נאָך הייטע אַטענדען זייערע קאָמיטעס, אַז ניט וועט מען זיי איינפאַך שטרייכען.

— איך פּראָטעסטירע ! — האָט זיך איצט אָבגערופען איין ברודער, וואָס איז נאָר וואָס אַריינגעקומען — ברודער פּרעזידענט ! איך וויל דאָס וואָרט. איך פּראָטעסטירע געגען ברודער גרינגעל, דאָ אַרבייטען מיר אַלע צום וואָהל און בעסטען פאַר דער חברה און מיר דאַרפען ניט זוכען קיין פּערזענליכקייטען, בייסער ברודער גרינגעל איז אין כעס אויף ברודער ביי־נים, וואָס ער האָט איהם איינגעדונגען דעם סטענד, וויל ער מען זאָל אַ גוט־שטעהענדען ברודער און אַ טהעטיגען ברודער דיר נישט מיר נישט שטריי־כען ? איך זאָג ניין און טויזענד מאָל ניין און מאַך עס טאַקע צום פאָרשלאַג.

— וואָס זשע מאַכט איהר צום פאָרשלאַג ?

— אַז ער דאַרף זיך דאָרט ניט קרימען, איך בין נאָך אויך אַזאַ גוטער שטעהענדיגער מעמבער, ווי ברודער גרינגעל, מוז ער זיך ניט נאָכקרימען און איך מאַך צום פאָרשלאַג, אַז כאָטש איך בין ניט געווען אין קאָמיטע, האָב איך פון דעסטוועגען צום וואָהל און בעסטען גערעדט מיט חיים שלמה דעם פעדלער וועגען מוספים, ער וויל בסך הכל 150 דאָלאַר מיט הושענה רבה אין איינעם.

— חיים שלמה דער פעדלער ! חא, חא, חא, ער קען אַ וואָרט עברי ניט — איז איהם ברודער גרינגעל אַריינגעפאַלען.

— ער קען קיין עברי ניט, הלואי זאָלען מיר מיינע קינדער אַזוי קענען. זיין מוטערס ברודער איז געווען ביי יאַנישקער רב שמש כל ימיו, אַזוי ווי איהר זעהט מיך אַ אידען, אַז פאַר אַ יאָהרען יום כפור צו נעילה, ווען ער האָט געדאַוונט ביי די חברה אנשי וואָלאָזשיצק און האָט זיך צופּיעשטשעט ביי ערשט הושו גושו, האָב איך פשוט געזעהן געגנזעלאַך פליהען, און אַז ער

גיט א געשריי „הנני העני“ זעהט מען א גאַנצען הקדש מיט אָרימע לייט, און אז ער...

— ברודער פּרעזידענט, ציהט איהם צוריק די וואָרט, עס איז ניט צו דער זאכע, מיר קענען אזא טהייערען חזן ניט האָבען, ווייל מיר דאַרפען צאָהלען פאַר דעם בייסמענט און א בעל שחרית...

— נישט צו דער זאכע, ברודער פּרעזידענט, איך וויל דאָס וואָרט, מיר קענען דעם בייסמענט ניט נעהמען, דאָרט איז געווען א נפקא בית.

— ברידער קומט צו אָרדער! רעדט ניט אַלע מיט א מאָל, פון וועלכען בייסמענט רעדט איהר, ברודער שטעמפּעל.

— פון וועלכען בייסמענט עס איז, איך ווייס, אז וואָס פאַר א בייסמענט ער וועט נעהמען, וועט זיין א נפקא בית, אונזער חברה איז אָרים, מיר קענען אזא טהייערען בייסמענט ניט נעהמען.

— ברודער שטעמפּעל, איהר האַלט זיך ניט אין דער אָרדנונג, איהר ווייסט נאָך גאָר ניט, וועלכען בייסמענט און וויפיעל מען וויל פאַר דעם בייסמענט און איהר פּראָטעסטירט.

— ברודער פּרעזידענט! איהר דאַרפט ניט זיין פּאַרטייאיש, איך בין אזא ברודער, ווי מר. ביינעס, איך פּערזעטין א משכן און צאָהל מיינע ביי־טרעגע און אז איך קלייב אויף א חזן דאַרפען מיר די ברידער אונטערשטי־צען, ניט ער זאָל מיר נאָכקרימען.

— מן הסתם גיט איהם דער חזן א 25־גער אין פּאַקעט.

— דאָס גיט מען אייך 25 דאָלאַר פון דעם נפקא בית, איך האָב פיינט גנב'ישע שטוקעס.

— אויפ'ן גנב ברענט דאָס היטעל.

— איך בין א גנב, א רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אריין, נאַ! — און דערביי האָט ברודער שטעמפּעל ארומגעשטעמפּעלט דעם ברודער גרינגעל צוויי פּייערדיגע פּעטש.

דער פּרעזידענט האָט געקלונגען מיט'ן גלעקעל און געקלאַפּט מיט'ן האַ־מער און אַלע האָבען איהם געהערט, ווי דעם קאָטער. ברודער גרינגעל איז אַרויפגעפאַלען ווערגען ברודער שטעמפּעל. מר. ביינוס האָט זיך אָנגענו־מען פאַר ברודער שטעמפּעל און האָט געשטורכעט ברודער גרינגעל. ברודער

זועלעוווסקי האָט געפּאַטשט ביינעס, ברודער גימפּעלסאָן האָט אויסגעלאָשען די גענז, דער ברודער סעקרעטער איז געלאָפען נאָך א פּאָליסמאַן.

דער פּרעזידענט האָט געקלאַפּט מיט'ן האַמער און געשריען אָרדער, ביז ער איז הייזעריג געוואָרען, און ווען אַלע מעמבערס זיינען געלעגען אויף איין קופּע און מען האָט זיך געפּאַטשט און געשלאָגען, געשאָלטען און גע־ליאַרעמט, האָט דער ברודער פּרעזידענט אין דער פינסטער ערקלעהרט דעם מיטינג פון דער הברה גיד הנשה פאַר געזעצליך געשלאָסען.

און דעוויל איז שוין יו"ט און מיר האָבען נאָך קיינעם ניט פון די כלי קודש, נאָר בלויע אויגען און ברוינע זייטען פון די שרעקליכע נעכט פאַר די שרעקליכע טעג.

---

## IV.

### בויל פּאָק.

לעצטע וואָך האָבען מיר געהאַט דאָ א שפּאַס אין הימעל, אז מיר האָ־בען געמיינט, מיר בלייבען אָהן זייטען.

איך ווייס ניט, ווי אזוי דאָס איז געקומען, וואָס די גאַנצע „ח ב ר ה־ ס אָ ס י י ט י ש ו נ א י ח ס ד, ע ו ש ה ע ו ל ה, ר ו ד פ י כ ב ו ד, מ כ ה ב ע ר ו ת ו, נ ע נ ע נ ז י י ט י ג ע ק ר א נ ק ע ן א ו נ ט ע ר ש ט י צ ו נ ג ס פ ע ר א י ן, א נ ש י י א ס צ ע ר ק ע ב ע נ ע פ י ש ע ל א ס אָ ס י א י י ש ע ן זיינען מיט אמאָל אַלע (פון דעם עקס־פּרעזידענט ביז דער אויסערע וואכע) אָנגעקומען אויף אונזער וועלט.

צי איז דאָרט ביי איין געווען הלילה א מגפה אָדער זיי האָבען זיך ביי איינעם פון זייערע מעמבערס פערגיפטעט מיט ניט פרישע ברית מילה וואורשט, אָדער זיי האָבען זיך פשוט אויף א מיטינג צום וואָהל און בעסטען איינער דעם אנדערן דער'הרג'עט, דער פאקט איז, אז זיי זיינען אלע גע־שטאָרבען און זיי זיינען אַלע דאָ.

זעלבסט פערשטענדליך, ווען די גאַנצע חברה סאָסייטי איז געקומען פאַר'ן בית־דין של מעלה, האָט זיך דער פּרעזידענט געשטופּט אפריהער.

ווי אַלט דער פּרעזידענט איז, קען מען בעשטימט ניט זאָגען, ווייל ער געהט געשייוועט די באָרד מיט די מאָסטייס צוזאמען, ווי אונזערע פּוילישע גלחים, און זאָגאר דער קאָפּ איז געווען גלאַט געהער־קאטעט מיט א מאשינ־דעל, אָבער דאָך האָט מען פערשטאַנען, אז ער דאַרף ניט זיין אינגער פון 20 יאָהר און ניט עלטער פון 50 יאָהר, עס הייסט אַלזאָ א יונגער־מאַנטשיק פון 20 ביז 50 יאָהר.

— מה שמך? — האָט איהם דער דעזשורני מלאך א פרעג געטהאָן.

— בויל פּאָק — האָט ער שטאָלץ גערענטפערט.

— ווי? — האָט דער מלאך געשטוינט

— בויל פּאָק.

— וואָס איז דאָס פאר א נאָמען, אָן אינדיאַנער?

— נא! — האָט דער פּראָטאָקאָל־סעקרעטער אונטערגעכאַפּט.

— דאָס איז איבערגעלעגט אויף ענגליש.

— אויף אידיש, וויל איך וויסען, ווי הייסט ער?

— אדוני מלאך! — האָט דער סעקרעטער ערקלעהרט — פערשטעהסטו מיך, אויף אידיש הייסט ער בערל פּאַרך, אָבער אין ענגליש א סגל פאר א ריש ווערט א חולם, און דער ר פּאַלט אראָפּ און עס ווערט פון בערל — בויל און א פּתח לייענט זיך אין ענגליש ווי א סגל מיט א שייווע צוזאמען אין אַזוי ווי די איירישע קענען קיין לאַנגע ך ניט אויסריידען, ווייל זיי האָבען רויטע נעזער....

— נא, נא! — האָט אונטערגעכאַפּט דער פוירסט טראָסטי, ווייל זיי קייען טשו טאָבעקא, קענען זיי קיין לאַנגע ך ניט זאָגען...

— אַלזאָ, ענדליך? — האָט דער מלאך אויסגעשריען.

— הייסט עס, אז פון אידישען „בערל פּארך" איז געוואָרען אָן איירי־שער „בויל פּאָק".

—יא, די פילאָלאָגי מעג שוין ריכטיג זיין, אָבער וואצו האָט ער גע־דאַרפט פערדרעהען זיין אידישען נאָמען?

— ווייל איך בין דער פּרעזידענט אין מיין סאָסייטי און עס קומען מיר קאָרעספּאָדענץ, קען דער לעטער־מאַן ניט זאָגען א אידיש ניים — האָט זיך דער פּרעזידענט פערטהיידיגט.

— וואָס ביזטו? — האָט דער מלאך געפרעגט.

— פרעזידענט.

— וואָס איז דאָס פאר א פראָפעסיאָן?

— דאָס הייסט א גבאי, הייליגער מלאך.

— וואו ביזטו גבאי?

— אין מיין סאָסייטי.

— וואָס הייסט דאָס?

— דאָס הייסט חברה.

— אהא, א גבאי אין א חברה, און ווי הייסט די חברה?

— שונאי חסד, עושי עולה, רודפי כבוד, מכה בערותו, געגענזייטיגע קראַנקען אונטערשטיצונגס פעראיין אנשי יאסצערקע בענעפישאל אסאָסי־איישאָן אָף....

— האלט, האלט! — האָט דער מלאך א געשריי געטהאָן — דו זאָגסט עס אין איין אָטהעם, ווי די עשרת בני המן, איך וויל וויסען קורץ, וואָס איז דער צוועק פון דיין חברה.

— געגענזייטיג זיך צו אונטער...

— שלאָגען די אויגען! — איז פלוצים ארייננעפאלען דער שטן אין פרע־זידענט'ס אנטוואָרט. — הערר קאָלעגא — האָט דער שטן ווייטער געזאָגט פאר דער הימלישער דזשורי — ווען דו ווילסט וויסען דעם צוועק פון די חברות, פרעג מיך, ווייל מיר קריבען זיי שוין פון דעם האלז, ווייל ביי יעדער מיטינג מוזען זיי מיך האָבען אין דער מיט, אָט לאָמיר טאקע נעהמען דיזע קיים: בערל פארך איז פון יאסצערקע צו הויז געוועזען א קלייט־משרת אין א ווינד־מיהל צו קאטשען קלעצער צום באָד, ווען ער האָט דאָ אין אמע־ריקא דערזעהן עטליכע לאנדסלייטע, האָט ער פאר זיי געוואָלט ווייזען זיין גרויסקייט און האָט זיי באלד צוזאמענגעשלעפט אין זיינע רומקעס און געסטאדעט א חברה און איז געוואָרען פרעזידענט. דאָס ערשטע, מיט וואָס די חברה האָט זיך אונטערשטיצט, איז געוועזן א שולכעל טאפ־פלאָר, אין א בעד־רום, דאָס צווייטע איז געוועזן קרקע, און דאָס דריטע זיך רייסען און שלאָגען ביי יעדער מיטינג צום וואָהל און בעסטען דער חברה און דאָס פיער־טע צו מאכען בענעפיטס....

— גענוג, הערר קאלעגא! — האָט דער פאָרזיצענדער געזאָגט צום שטן — דאָס קומט שפעטער, ווייל עס וועט צו לאנג נעהמען, פערגעס ניט,

אָהן עין הרע, וואָס פּאַר אַן עולם עס שטעהט און וואַרט חוץ איהם.

— איין שוואַרץ יאָהר, הערר קאָלעגא, דאָס זיינען אַלע מעמבערס פון זיין חברה טאַקע, איינער אַזי ניט בעסער פון דעם אַנדערען, אַלע האָבען זיך נאָר געריסען איבער'ן שטיקעל כבוד צו ווערען אַ קנאַקער און יעדער האָט געהאָפּט נאָר אויף כבוד, יעדער האָט געוואָלט נאָר נצחון, נאָר ער זאָל הערשען איבער אַלע, און דערפאַר טאַקע פלעגט ער כאַפּען די ערשטע פּעטש.

דאָס איז גאַנץ נאַטירליך — איז דער מלאך מיכאל אריינגעפאַלען אין שטן'ס רייד — דער רוסיש־פּוילישער איד איז אַטלאָפען פון דער קנוטע, פון דעספּאָטישען יאָך, און ווי זאָגט מען להבדיל: „פאַר אַ געשלאָגענעם הונד טאָר מען קיין שטעקען ניט ווייזען“. אַ דייטשער, ענגלישער איד וועט זיך גיכער אונטערגעבען דעם האַמער פון אַ פּרעזידענט, אָבער דער רוסישער איד קען דעם האמער ניט ליידען דאָ, אין אמעירקא, ער האָט פיינט די אוקאַזען.

— אָבער דאָך — האָט דער שטן פאָרטגעזעצט — ליגט אין יעדען רוסיש־פּוילישען אידען די שקלאַפען נאַטור צו בעהערשען אַנדערע, ער וויל קיין רב און קיין פּרעזידענט ניט פאָלגען און דאָך וויל ער אליין זיין רב און פּרעזידענט, אַנדערע זאָלען איהם פאָלגען.....

— גענוג, פריינדע! וואָצו יעצט די פילאָזאָפיע, אַלזאָ, ר' בערל פּאַרך....

— בויל פאָק! — האָט אונזער פּאַציענט אונטערגעכאַפּט.

— וואָס טויג מיר דאָרט אייער יענקישע שפּראַך? בויל פאָק, פּרעזידענט, סאָסייטי בענעפישאל א. ז. וו. זאָג אויף אידיש פּשוטו כמשמעו: „בערל פּאַרך, גבאי אי אַ שולכעל צו גענענזייטיגע רייסערייי“, און איך וויים שוין וואָס דו ביזט. אַלזאָ, וואָס פערלאַנגסטו?

— איך וויל אין גן עדן — האָט ר' בערל געענטפערט.

— אין גן עדן? — האָט דער פאָרזיצענדער מלאך זיך געוואונדערט — פאַר וואָס? פאַר דיינע וואָהלטהאַטען? האָסטו דיך ווירקליך געקימערט אין אונגליק פון דיינעם אַ ברודער? ער האָט געמעגט צאָהלען 5 יאָהר רעגעלמעסיג, טאָמער איז ער געווען איין קוואָדער אין דער ריער, האָט ער געמיגנט שטאַרבען פון הונגער און דו האָסט איהם אָבגעוויזען. דו האָסט איהם פערזאָרגט מיט אַ שולכעל, חאָטש דו אַליין קענסט ניט דאַוונען און פלעגסט

ניט געהן דאוונען, דו האָסט געגרינגערט קליינע שולכלאך, ווערענד די גרויסע שוהלען זיינען ליידיג און האָבען ניט גענוג מיטעל די שוהלען אויפ־צוהאַלטען. דו האָסט זיי פערזאָרגט מיט קרקע אויף נאָכ׳ן טוידט, ווערענד עס איז שוין אין יעדער שטאָדט דאָ חברה קדישה׳ס, וואו מען קען מ ט א פּאָאר סענט א וואָך זיך פערזאָרגען מיט׳ן לעצטען פּלאַץ. איז ניט איין כּאָנאָט רענט ביים לעבען פיעל וויכטיגער ווי דאָס שטיקעל ערד נאָכ׳ן טויט? ווייל לעבעדיגע פאַמיליען זעהט מען זעהר אָפט זיך וואַלגערן אויפ׳ן סטריט, ווערענד קיין טויטע מתים זעהט מען דאָך זיך ניט וואַלגערן אין די גאַסען.

אָבער דיין צוועק איז דאָך ניט געווען וואָהלטהאָט, דו האָסט בלויז גע־וואָלט כבוד, און דאָס האָסטו אַלס פּרעזידענט געהאַט מעהר, ווי דו ביסט ווערטה, דו האָסט אַלזאָ דיין גן עדן אָבגעניצט אויף יענער וועלט, געה פון דאַנען!

און דער מלאך האָט זיך געווענדעט צו די אויסערע מלאכי חבלה מיט שטרענגע ווערטער:

— נעהמט איהם זאָפאָרט אין גהינום אין דער אָבטהיילונג פון קרח מיט זיין געמיינדע, און אייך, טהייערע ברידער בעאַמטע און סתם ברידער, מוז מען נאָך פערהאַלטען צום וואַיטערען פּראָצעס.

---

## V

## דער סדר.

אין ניסן איז גוט צו שטאַרבען — פאַר הונגער מיינט מען, ווייל מען הונגערט מיט דער האָפנונג איה״ש פּסח זיך זאַט אָנצועסען. איבערהויפּט ערב פּסח שטאַרבט מען 5 מאָהל אין איין טאָג פאַר הונגער. דער חמץ איז שוין אויסגעראַמט, די מצות איז נאָך ניט אריינגעראַמט און ווען די מצות זאָל שוין אפילו זיין אריינגעראַמט, טאָר מען דען ערב פּסח עסען מצות! האָט דען דער טאַטע מיר ניט געזאָגט, אז עםען מצה פאַר פּסח איז אזא

עבירה ווי אַ כלה פאַר דער חתונה — מיין רבי פּלעגט דערביי זאָגען, הני מילא, די כלה איז זאָ דאַר און געשטופּעלט ווי די מצה...

געגנוג איך האָב דען גאַנצען ערב פּסח געהונגערט, אין אַ מרחץ מוז מען געהן. ווייטער צוקאָכט דאָס בלוט, אָנגעטהאָן דעם קיטעל, ארויפגע־קראָכען אויפ׳ן הסיבה־בעט און דער רוב כוס פון דעם ערשטען פון די ארבע כוסות האָט זיין ווירקונג אין מיין לעערען מאָגען־דוד ניט פערפעהלט און איך בין ווי בעטויבט פערזונקען אין געדאַנקען, גאַנץ טיעף אין טיעפע גע־דאַנקען.

דער לעטער קעריער רינגט די בעלל און דערלאַנגט מיר אַ לעטער מיט אַ שעהנעם הערב אויפ׳ן אינוועלאָפּ. איך רייס עס אויף (זאָגט קיינעם ניט אויס), און איך לייען אין הויך טייטש:

„ווירדיגער ברודער שלאמאזאל!

זי זינדען (יאַ, איך זינדיגער מענש זינדע אימער) אנגעלאדען (ווען איך שוין אַ מאָל אויסשיסען קאָנטע) אלס דעלעגאטען רעפּרעזענטאַנט אונ־זערע אם הערשטען דיוזען מאָנהאַט צו שטאַטפינדענדער 18 יעהרינגער קאָנ־ווענציאָן געפעלליגסט בייוואָהנען צו וואָללען...

ווידער אַ קאָנווענציאָן און איך שלמזל ווידער דעלעגאט! מען מוז אָבער פאָהרען. אַ קליינינקייט אַ קאָנווענציאָן!

נו און דער סדר?

וואָס איז שייך! קאָנווענציאָן, סדר, וועל איך אָפּריכטען ביידע צוזאַ־מען און איך שלימזל האָבע העריין געהונקען אין ברידערליכקייט, גערעכ־טיגקייט, ליעבע, האָפנונג, גלויבען, אייניגקייט און פּרוכפּערקייט אין דער קאָנווענציאָנס האללע:

היי — פּאַראַ דאַוויי! — דאַכט זיך ערשט מיט אַ פּאָאַר שטונדען צו־ריק בין איך געווען אין באָד און אָט האָסטו ווייטער אַ באָד... אויף דער אויבערשטער פּאָל פּאַרעט זיך דער גראָס־מייסטער, גראָס דעפּיוטי, גראָס אינקוויזיטאָר, אָבער שטאַלמייסטער און אלע עקזעקוטציעס ווי זיי הייסען דאָרטען, און אונטען פּאַרעט זיך דער געמיינער מאַטעריאַל, דער פּראָסטער סטאַק, אלע שרייען, אלע טאַנצען, אלע שימפּפען, אלע פּאָרשלאַגירען, אַמענ־דירען, פּראָטעסטירען, דעבאַטירען, קאָרעגירען און אלעס אויף האָך טייטש.

מה נשתנה ווארום רעדט איהר אַ גאַנץ יאָהר מאַמע לשון און די נאַכט פון קאָנוועגציאָן טייטש?

אָבער ווי קומט אין דיעזען וויר־וואר אַזעלכע הויכע פּראַזען? — היי־ליגער אידעאַל — שמעקט אַנאַרכיסטיש — וויר ארבייטען אין גלענצענדע צוקונפט ענטקעגען — שמעקט סאָציאַליסטיש — דער אַלמעכטיגער וועט אונז קרוינען מיט ערפאָלג — שמעקט מיט קירכע. — גאָר געזונטעס מאַטעריאַל — שמעקט עפּעס גאָר מיט האָלסייל בוטשעריי...

רבש״ע! דאכט זיך, ווי איך שלימזל פערשטעה דאָס אָרדענס וועזען, איז דאָס גאָר פּשוט — אַ ביזנעס פּלאַן, וואָס איז שייך צו מאַן און ווייב. כלאמר אז ביי אַ מאַן שטאַרבט דאָס ווייב, זאָל ער האָבען 500 דאָלאר צו באַפּען אַ געזונדע פּינישערין און אַז ביי אַ ווייב שטאַרבט דער מאַן, זאָל זי האָבען 500 דאָללאר פאַר אַ געזונדען אָפּעריטאָר. אַזאַ מין שדכנות, נאָ טאָ וואָס איז דאָס שייך אַזעלכע הויכע פּראַזען?

— שוויינ, שלימזל! — האָט מיר יואל געהיימניספּאָל געזאָגט — דיעזע פּראַזען געברויכען נאָר די וואָס לעקען אָפּ אַ ביינדעל פון דעם געמיינעם עולם, און זיי דאַרף מען האָבען, ווייל ווען עס זאָל ניט זיין אַ דאָללאר פאַר די קנאַקערס, וואָלט דער אָרדען איין יאָהר ניט עקזיסטירט.

— היתכן — פרעג איך.

— פּשוט — ענטפערט ער. ווען משה רבינו איז געווען אין הימעל ברייגגען די מענשען דעם שעהנסטען אידעאַל, איז צו דערזעלבער צייט אונטען פון זיין ברודער געמאַכט געוואָרען דער עגל הזהב און פון דאַמאָלס אָן, ליידער, געהען אַלע שעהנע אידעאַלען מיט'ן גאָלד־גאָט צוזאַמען, די עהרליכע וואָס מיינען דעם אידעאַל זיינען אָפּט צו שוואַך, אָבער די געלד־זוכער האַלטען איינע די אנדערע אויף פּעסט, אום דיזען קאַלב צו מעלקען און שערען.

אָבער רבונו של עולם! איך קען דאָך פיעלע פון דיעזע ווירדיגע רעפּ־רעזענטאַנטען דעלעגאַטען אין געוועהנליכען לעבען און זיי זיינען גאַנץ גע־שיידטע מענשען און דאָ זיינען זיי זאָ ווילד, זאָ דום, ווי אינדיאַנער, טשולו קאַפּערן?

— זעהסטו? — זאָגט צו מיר יואל — לערען וויכענשאַפט, וועסטו דאָס פרעגען!

עס גיבט אין דער נאַטור גאַנץ קליינע שרצים׳לעך, מילבעלעך, פליגע־לעך, באַצילען, מיקראָבען, וואָס מיט דעם געוועהנליכען אויג קען מען זיי ניט זעהען, האָבען די נאַטור פאָרשער ערפונדען מאַשינען, וואָס שלעפּען צו־זאַמען טויזענדער צוזאַמען, דאָס הייסט מען פּערדיכטעט זיי, דאַן זעהט מען אָהן א מיקראָסקאָפּ א באַרג באַצילען. דאָס זעלבע איז מיט די דומ־הייט פון די מענשען. איין אינדיווידיום מוזט גוט קענען לערנען ביז דו דערטאַפּסט זיין דומהייט: ווען אָבער די מענשען פּערדיכטען זיך אין דער אָרדענט מאַשין קאָנווענציאָן. דאָ ווערט אַזא גרויסער באַרג דומהייט, אַז עס איז שרעקליך.

און איך האָב א קוק געטהאָן אויפ׳ן גאַנצען האָלל, און א ריעזיגע, גע־דיכטע מאַסע דומהייט...

— יא, נא פילאָזאָפיע, און דער סדר?

— האָסט רעכט, יואל, איך פּראַווע דעם סדר נאָך דעם נוסח הארי ז״ל, 10 מצוות מוזען זיין.

1. דריי מצות — גראָס־מייסטער, גראָס סעקרעטער און גראָס שאַצ־מייסטער ליעגען אַלע אין איין קערה.

2. די קערה — דער רעזערוו־פאָנד. די מצות ליעגען פון אויבען און די שיסעל איז לעער.

3. דער מרור — ענדאָומענט שאַטצמייסטער,ביים קייען דאַכט זיך זיסליך, ביים שלינגען פערגעהט ער אין דער נאָז.

4. די זרוע — דער דעפּיוטי גרויסמייסטער, טאַקע אויף א גערגעלע, פלייש מיט ביין, אָבער ליעגט דאָך אומזיכט אויפ׳ן טיש.

5. די איי מיט זאַלץ־וואַסער, דער גראַס אַטאָרני עט לאָה, טאַקע אייער איז נויטיג צום בלוט, אָבער דאָס וואַסער מיט דעם זאַלץ מאַכט דאָך בויך־ווייטאָג.

6. דער כרפּס — דער טשערמאַן אָף שטאַנד דעם אָרדנעס, ער איז ווירקליך אַזוי נויטיג צום גאַנצען סדר ווי די ציבעלע צום אָרדען.

4. די חרוסת — דער טשערמאַן אָוו ריטועל. הער נאָר, מען נעהמט עסענדיגס און טרינקענדיגעס און מען מישט צוזאַמען און דאַן ערישט טינקט מען גראָז איין דאַרין און מען מאַכט מיט די ליפּען און מען זאָגט אַז עס האָט קיין טעם און קיין ריח ניט.

8. דער אפיקומן — דער גרויס קברות מאַן. טאַקע אויך דער, אָהן ואַלץ, אָבער ווען דו וועסט שוין זאָט זיין מיט'ן לעבען וועט ער דיר טהון דיין רעכט, אויב די אַלע האָבען דיר אפילו אונרעכט געטהאָן, אָבער שפּע־טער, ווען אַלעס וועט דיר קריכען פון דעם האַלדז.

9. דער כורך — דער טשערמאַן אָוו אפּילס. מען זוכט דאָס ביטערע אריינצולעגען צווישען 2 ברעטלאַך אום עס פיעלייכט זיסער צו מאַכען, אָבער חזרת פערגעהט דאָך צום הארצען און מען ליידעט ווייטער, ווייל עס בעלאַנגט דאָך אויך צו די 10 מצוות.

10. די ארבע כוסות, — אָט דאָס גיסט אָן יעדער לויפער אַלס קאַנ־דידאַט און דאָס איז נאָך דאָס איינציגע גוטע ביים גאַנצען סיידער (סדר), ווייל דערמיט פערגיסט מען די אויגען, מען בעטויבט די געהירען און מען פערדערבט דעם געשמאַק (חוש הטעם) אז מען זאָל די ביטערע קרייטעכער פערזיסען, פערטרייבען, פערטרינקען און פערגעסען און דערפאַר איז מען טאַקע מקיים 4 מאָהל 40 ארבע כוסות ביי יעדע קאָנוועגשאָן סדר...

נון, פערטיג דער סדר, ארויף מיט דער הגדה: כהא לחמא עניא, דאָס זעלבע ברויט האָבען דיר צוגענומען דעספּאָטען אין דיין אַלטער היימאַטה און דאָ מאַכסטו דיר אַליין דעספּאָטען אויף דיין קאָפּ, השתא הכא, יעצט ביזטו דאָ, לשנה הבאה בני חורין, וועט זיין א לעבעדיגער פּאַקעט ביי דיר, און א לעבערדיגע קאַסע אין אָרדען און דער טרעזשורער וועט זיין בארעא דישראל. און דער גרויסע מייכטער וועט דיר זאָגען דעם ישקני פון קליינעם שיר השירים, ווייל אָט די גאַנצע הגדה עקסיסטירט נור צוליעב דעם חד גדיא דעם דומען מעמבער, דזבין אבא, וואָס דער טאַטע פון דעם אָרדען בערקויפט בתריי זוזא, פאַר 2 גילדען, (דער טאַטע). יעדער קנאַקער בע־ריהמט זיך, אז ער איז דער טאַטע פון דעם אָרדען און צוליעב די פיעלע טאַטעס, מונקעלט מען, אז דאָס קינד איז א ניט כשרה'ס.

די הגדה צונעהמט מיך זעהר שטאַרק. איך וואָלט צו איהר אויסגע־באַטעלט אַלע בייזע חלומות, אָבער, יא, איך וויל נאָך כאָטש דאָס בעסטע שטיקעל פון דער הגדה אָפּזאָגען.

שפוך חמתך, רבינו של עולם — גיס אויס דיין גרימצאָרן על הגוים ועל הממלכות די גוים וואָס מאַכען אָט די נייע מלוכות כי אכל את יעקב עם פערצעהרט יאנקעלען והק"ב מצלינו מידם — אפילו א שפּרונג אָבער

גאָט מעג אונז ראַטעווען פון זיי, און דערצו אַ ביסעל שכל, יאַ — שכל, שכל.

שלימזל! האָט מיין יענטע אַ געשריי געטהאָן, אַריינקומענדיג פון קיך פון די קניידלאַך מאַכען — שטייטש דו שלאָפסט גאָר, זעה ביים נייבער האַלט מען דאָך שוין נאָך די עשרה מכות!

— שריי ניט, יענטע לעבען, מלכה מיינע, איך האַלט שוין אריבער די חמישים ומאות מכות און עס בלייבט נאָך אַלץ אַ וועלט מיט מכות אין טויזענדערליי פאָרמען אויסער הגדה. עס איז שוין שפעט פאר מיר, גיב אהער די קניידלאַך.

---

# VI.

## גוואַלד, אַ מויז!

(אַ מיטינג פון סופּרעדזשעטקעס פיר פרויען עמאַנסיפּאַציאָן)

— אַלזאָ, מיינע ווערטהע דאַמען! — איהר ווייסט צו וועלכען צוועק דיעזע מיטינג איז איינגערופען?

ערשטענס מוזען מיר פערדאַמען דעם רעדאַקטאָר פון דער פּרעסס, וואָס ער האָט זיך אַזוי שלעכט אויסגעשפּראָכען איבער די פרויען.

צווייטענס, מוזט איהר איינמאָל פאר אַלעמאָל זיך אין גאַנצען בע־פרייען פון די מענער.

איך בין טאַקע אַליין אויך אַ מאַן, אָבער איך בין אַ דאַמען־פריינד און קען שוין מעהר ניט צוזעהן דאָס אונרעכט, וואָס די מענער בעגעהען געגען די פרויען.

מילאַ אין יוראָפּ האָבען נעבעך די פרויען געמוזט ליידען פון די מענער, ווייל זיי האָבען אַליין קיין לעבען ניט געקענט מאַכען; אָבער דאָ אין אמע־ריקא קענען די פרויען גיכער קריגען ארבייט פאר די מענער.

פּראָטעסטירט, דעמאָנסטראַרירט, און איהר מוזט זיך גענצליך זעלבסט־שטענדיג מאַכען.

ווער וויל דאָס וואָרט אין דיעזער פראַגע?"

אזוי האָט אונטער אַנדערע זאַכען געשפּראָכען דער פּאָרזיצענדער דאַ־

מען־פריינד אויף אַ גרויסע פרויען־מיטינג וועגען עמאַנציפּאַציאָן דער פרויען.

אָבער אַלע פרויען האָבען צווישען זיך אין דער שטיל געגעבען רעכט דעם פּאָרזיצענדען און קיינע האָט ניט געוואַגט צו נעהמען דאָס וואָרט.

„אַלזאָ, מיינע ליעבע דאַמען, איך זאָג אייך נאָך אַ מאָהל, אַז די מענער וועלען אייך מעגען פּייניגען נאָך מעהר, ווען איהר וועט איצט ניט בעשליסען זיך אין גאַנצען צו בעפרייען פון די טיראַנישע מענער“.

וואָס דען, ער האָט ניט רעכט? — מיר פרויען קענען שוין אליין אונזער שטערטעל בעשטעהן. בעפרייען, בעפרייען — מיר דאַרפען זיי אויף כפרות, מיר זיינען געגוג העלדען אליין אַ לעבען צו מאַכען! — האָבען אַלע פרויען געשריען אין איין קול.

רעדט איינציגוויים, מיינע דאַמען, שרייט ניט אַלע מיט אַמאָל, זאָל יעדע נעהמען דאָס וואָרט, האָט דער דאַמען־פריינד געשריען און געקלאַפּט מיט׳ן האַמער, ביז אַלע פרויען האָבען זיך בערוהיגט און שטיל געבליבען. — נו, ווער וויל דאָס וואָרט?

אַלע פרויען זיצען שטיל און קוקען זיך אָן איינע די אַנדערע.

— נעהמט אימציער דאָס וואָרט! — שרייט ער ווייטער.

די פרויען שטורקען זיך איינע די אַנדערע, אַלעס שווייגט.

דער דאַמען־פריינד איז געפאַלען אויף אַ המצאה:

די שעהנסטע פון אייך זאָל נעהמען דאָס ערשטע וואָרט!

ווי פון אַ קאַנאָן האָבען אַלע גלייך אויסגעשאָסען:

נור בעפרייען, בפערייען! נידער מיט די מענער!

— אָבער מיינע ווערטהע דאַמען! — האָט דער פּאָרזיצענדער געשריען מיט אַלע קרעפטען, האַלט זיך אין אָרדנונג! ער איז געפאַלען אויף אַ צווייטע המצאה:

— זאָל די העסליכסטע פון אייך נעהמען דאָס וואָרט.

אין לאָקאַל איז געוואָרען שטיל, ווי אויף אַ בית עולם.

אַ דריטע המצאה:

— זאָל די אינגסטע פון אייך עטוואָס רעדען.

„נידער מיט די מענער! מאַנס געטרייקייט, הונדס געטרייקייט. אַ מאַן איז פאַלש ווי אַ קאַץ. מיר וועלען זיי ווייזען תרבות. אַמעריקא איז לויידיעס פויסט! — האָבען צעהנדליגע שטימען מיט אַ מאָל געשריען.

— אָבער אום גאָטעס ווילען, איהר וועט דאָך קיין מאָל צו קיין טאָלק ניט קומען. זאָל די עלטסטע פון אייך זאָגען איהר מיינונג.

און א טויטע שטילקייט האָט איינגעטרעטען אין לאָקאל.

— אלזאָ, ווען מיר היינט קומען צו אירגענד וועלכען בעשלום? איהר מעגט אייך שעהמען! פעהלט אייך דער מוטה צו מאַכען אירגענד וועלכען פאָרשלאַג? — האָט דער דאַמען־פריינד געזאָגט פערדריסליך און האָט ווייטער ערקלערט זייער לאַגע, אַז זיי זיינען גענוג זעלבסטשטענדיג זיך צו בעפרייען. אָבער אין דעם מאָמענט איז די סעקרעטערין ארויפגעשפרונגען אויפ׳ן טיש, בלאַס ווי א טויטע, און מיט א שרעקליכען געוואלד א געשריי געטהאָן: גוואלד, א מויז!

קיין סעקונדע האָט געדויערט און אַלע פרויען זיינען געשטאַנען אויף די ביינק און טישען, דער ליארעם: געוואלד, א מויז! האָט געגרייכט ביז אין הימעל. איינינע זיינען געפאַלען אין אָהנמאַכט, איינינע האָבען געוואָלט אנטלויפען. אָבער די סעקרעטערין איז געשטאַנען און געריכטעט איהר שטאַרען בליק צו דער טהיר, און קיין צווייפעל, אַז דאָרט האָט זי די מויז געזעהן און די פּאַניק איז געוואָרען אונגעהויער.

דער האָלל־קיפּער איז ניט טויט, ניט לעבעדיג, ארויפגעפלויגען פון דעם געשריי, ער האָט געמיינט א פייער, אָבער ווי ערשטוינט איז ער געבליבען, עפענענדיג די טהיר, ווען ער האָט דערזעהן די טויט־ערשראָקענע ווייבער אויף די טישען און ביינק און ערשט איצט האָט זיך ערהויבען די שטימע פון אַלע פרויען: רעטונג! גוואלד, א מויז!

אָבער בעפאָר ער האָט נאָך פערשטאַנען די סיטואציאָן, האָבען די העלדישע פרויען אויסגענוצט די אָפענע טהיר און זיינען אנטלאָפען, און איהם מיט׳ן פּאָרזיצענדען איז נור געבליבען צו מינטערן די גע׳חלש׳טע.

און אַזוי האָט זיך געענדיגט די עמאַנסיפּאַציאָנס־מיטינג.

# דריטע סעריע.

---

# די וועלט איסבעסערונג

---

## I.

### מאַדאַם יוסטיציאַ.

ווערטהע פריינדע! ווי אייך איז בעקאַנט, טראַג איך מיך ארום מיט דער פיקסער אידעע צו פיקסען די וועלט. געקומען בין איך צו דיעזער קראַנקהייט ווי אַלע קומען צו די מייסטע קראַנקהייטען, דורך פערקיהלונג און דורך דעם מאָגען.

נאָר מיינט ניט חלילה, אַז איך האָב מיך פערקיהלט אָדער איך לייד אויף מיין מאָגען. הלואי ווייטער, נור דורך די פערקיהלטע הערצער פון די רייכע, וועלכע האָבען פעראורזאַכט אַ מאָגען־פראַגע פאַר די אָרימע.

נאָר מיינט ניט חלילה, אַז איך בין אין גאַנצען פעררוקט און וויל די וועלט „איבערמאַכען“. חלילה! איך ווייס נאָך, אַז וואָס עס איז ניט גע־מאַכט, קען מען ניט איבערמאַכען; פעררוקט זיינען די, וואָס מאַכען פאַר־ווירפע יעדען, וואָס וויל עפּעס צופיקסען אין דער אָרדנונג, אַז ער וויל די וועלט איבערמאַכען. איך פערשטעה גאַנץ גוט, אַז די וועלט איז אַ צימליך שעהנע וועלטעל. אַי וואָס פיעלע בעקלאָגען זיך: „אַי אַ וועלט“, „ס'אַראַ מיאוס'ע וועלט מיר האָבען היינט“ א. ז. וו. דאָס מיינען זיי טאַקע אויף די שלעכטע איינפיהרונגען צווישען די מענשען.

און דאָס איז טאַקע וואָס איך האָב מיך אונטערנומען צו רעפאָרמירען.

יעצט האַלט איך אין איבערפיקסען מאַדאַם יוסטיציאַ.

נאָר דערשרעקט זיך ניט! מיינט ניט, אַז איך האָב דאָ צו טהאָן מיט איין אשת איש, אַן אַנשטענדיגע בעל־הבית'טע. חלילה, זי איז אין דער לעצטער צייט געוואָרען... נאָר לאָמיך בעסער שווייגען.

דיזע איטאַליענערקע איז געווען אין דער יוגענד א היבשע מיידעל מיט זעהר אַן אַנשטענדיגען גערעכטיגקייטס־געפיהל; רייזענדיג אָבער איבער דער גאַנצער וועלט, האָב זי זיך סקאָמפּאַניעוועט מיט פּרינצלעך, מיט קעניגע, מיט פּאָליטישענס פון אַלע סאָרטען, שפּיעלט ליעבעס מיט די רייכסטע מענשען פון לאַנד, טהוט ענוים קשים יעדען אָרימאַן, און דערפאַר האָבען איהר די רייכע בעהאַנגען מיט שמאַטעס איבער שמאַטעס פון זייד און פון אַטלאַס, האָבען זי בעהאַנגען מיט גאָלד און דיאַמאַנטען און האָבען זי ערקלעהרט פאַר א הייליגע, פאַר א געטין און פאָדערען, די גאַנצע וועלט זאָל דיענען צו איהר — איך מיין, די אָרימע וועלט, די רייכע הערען זי ווי די קאַץ...

אָבער צו וואָס דאָס לאַנגע ברייען, איך וויל אייך דאָ געבען איהר פאָטאָגראַפיע, ווי זי זעהט אויס, און דאַן מאַכען מיין פּלאַן, ווי זי צו פיקסען.

זי איז א שלאַנקע, שעהנע פּרויענצימער, מיט פערבונדענע אויגען, האַלט א וואָגשאָל אין דער לינקער האַנד און א לאַנגען שווערד אין דער רעכטער האַנד.

נו, פרעג איך אייך: איז דאָס ניט משוגע?

זי וועגט די גערעכטיגקייט מיט פערבונדענע אויגען און שטעכט אין דער פינסטער גערעכטע און אונגערעכטע.

דאָס איז שרעקליך! איבערצוגעבען דעם שיקזאַל פון מענשען, פון לעבען און טויט, צו א בלינדע נקבה!

איבערהויפּט א נקבה מיט פערבונדענע אויגען איז זעהר פערדעכטיג, אָדער זי מוז אין גאַנצען זיין בלינד, אָדער האָבען פערדאָרבענע אויגען. און ווי פערטרויט מען אזעלכע א וואָג־שאָל?

דאַן, ווי פּאַסט עס פאַר א ליידי, וואָס וועגט גערעכטיגקייט און האָט צו שאַפען רוהע פאַר מענשען, זאָל האַלטען א שווערד אין האַנד?

א מאָרד־וואַפע, וואָס פּאַסט פאַר רויבער און מערדער, פאַר אַרעליגע און סאָלדאַטען, ווי קומט עס צו מאַדאַם יוסטיציאַ?

דאַרום שלאָג איך פאָר, און איהר זאָלט עס אונטערשטיצען:

אז, ערשטענס, זאָל מען איהר אויפבינדען די אויגען; דאַן, ממה נפשך: איז זי טאַקע בלינד, האָט מען זי אין דער ערד, זאָל זי געהן אין האָספּיטאָל; האָט זי אָבער געזונדע אויגען, זאָל זי מיט אָפענע אויגען

אריינדרינגגען אין די מענשליכע הערצער, דאָרט צו ענטדעקען די געהיימניסע פון גערעכטיגקייט און אונגערעכטיגקייט.

צווייטנעס, אוועק מיט'ן וואָגשאָל! זאָל מען איהר אָנשטאָט דעם וואָג־שאָל צו וועגען רעכט און אונרעכט, בעסער געבען אין דער האַנד א בעזים, אָבצוקעהרען דעם שמוץ פון די פּלעצער, וואו עס געשעהט אונרעכט; אָהן אורזאכען וועט ניט זיין קיין פאָלגען פון אונרעכט; פאר אַן אנשטענדיגע פרוי איז א בעזים אימער נוצליכער אַלס א וואָג.

דריטענס, אויסרייסען ביי איהר דעם שווערט. וואָס עפּעס גראָד א שווערט, צו בעשטראָפען די אונגערעכטע? אָנשטאָט דעם שווערט גיט איהר א קאָרב בלומען אין דער האַנד, צו בעשענקען די גערעכטע.

איהר וועט דאָך אַלע צוגעבען, אז א בלומען־קאָרב פּאַסט פיעל שעהנער פאַר א גערעכטע פרוי, ווי א שווערד.

דען לאָמיר נור זעהן, וואָס איז איהר הויפּט־צוועק פון דעם וואָגשאָל מיט'ן שווערט? אַלעס נור אָבצושאַפען דאָס אונגערעכטע אויף דער וועלט; נון, זעהט איהר דאָך שוין, אז פון א פּאָר טויזענד יאָהר אָן האַלט זי דעם שווערט אין דער האַנד, האָט שוין בלינדערהייט געלעכערט מיליאָנען הער־צער, פון גערעכטע און אונגערעכטע דאָס לעבען גערויבט און עס העלפט ווי א טויטען באַנקעס. אומגעקעהרט, די פערברעכען וואקסען מיט יעדען יאָהר אַלץ מעהר; יעדעס לאַנד ברויכט יעצט מעהר קערקערס, מעהר הענ־קערס און אונטער איהר אייגענעם פארטוך ווערען בעגאַנגען די שענדליכ־סטע, די שרעקליכסטע פערברעכען.

און, ווי לאַנג נאָך שפּילען זיך אין בלענדעניש? בעסער זאָל זי מיט אָפענע אויגען איינדרינגען טיעף אין דער מענשליכער זעעלע און זעהן יעדען מענשען, וואָס טהוט גוטעס מיט זיך און מיט זיינע מיטמענשען, זאָל זי פון איהר בלומען־קאָרב יענעם אָנטהאָן א בלומען־קראַנץ.

דען, טאקע נאָך א מאָהל, די זאך איז דאָך פשוט, ס'הייסט איהר צוועק איז, אז די מענשען זאָלען קיין בעזעס ניט טהאָן, און צוגלייך זאָלען זיי גוטעס טהאָן, און ווען „שטראָפען פאר בייזעס טהאָן, שאפט ניט אָפּ דאָס בייזע, און פאָלגליך ברענגט עס אויך ניט דאָס גוטע, איז דאָך זעלבסט־פערשטענדליך, אז „בעלאָהנען פאר גוטעס" וועט ברענגען דאָס גוטע און פאָלגליך אָבשאפען דאָס בייזע.

זאָל מען אַ מאָל פּרואווען, שאַדען קען דאָך דאָס ניט, ווייל ערגער, ווי איצטער, קען דאָך שוין ניט זיין —

עס איז אַפילו איצטער אויך דאָ געוויסע בעלאָהנונגען, ווי פאַר פאַר־מער צו שיסען וועלף, פאַר באַלראַטען צו שיסען מענשען, פאַר פערברעכער צו פערראַטהען זייערע מיט־פערברעכער, פאַר שעריפּס צו שיסען סטרייקערס א. ז. וו. אָבער, עשטענס, איז דאָס קיין מיליאָנען טהייל ניט געגען די שטאָפּען פאַר פערברעכען און, צווייטענס, זיינען דאָך דיזע בעלאָהנונגען ניט פאַר אזעלכע גוטע זאַכען. אָבער געניג איז דער פאַקט, אז בעלאָהנונגען העלפען מהער ווי שטראַפען; מען האָט שוין באַלד אויסגעשאָסען אַלע וועלף, מען שיסט אויס אין יעדער שלאַכט טויזענדע סאָלדאַטען, טאָ לאָז מען טאָקע דאָס איינפיהרען ביי אַלע נויטיגע זאַכען.

לאָמיר געהן כסדר.

ר' יהודא החסיד זאָגט, אַז דעם מענשען'ס הארץ איז אויסגעפילט מיט צוויי געדאַנקען: — געלד און ווייב — און דיזע צוויי געדאַנקען צעראָזאַכען די גרעסטע טהייל פערברעכען אויף דער וועלט.

נון, גוט, וואָס דאַרף יוסטיציאַ, צום ביישפּיעל, געהן שעכטען איין אייפערזיכטיגען מאַן, וואָס איז בעגאַנגען אַ מאָרד, זאָל זי בעסער געהן בע־לוינען דעם מאַן, וואָס זיין ווייב טהוט איהם אָן ענוים קשים דעם גאַנצען לעבען און ער ליידעט געדולדיג, ווי איין ענגעל —

וואָס דאַרף זי פערקערקערען דעם מאַן, וואָס האָט עובר געוועזען אויפ'ן הרם דרבנו גרשון און גענומען צוויי ווייבער, זאָל זי בעסער געבען אַ בלוּ־מען־קראַנץ דעם מאַן, וואָס האָט אַ קראַנקע פרוי און ער פערקויפט דאָס לעצטע, אום זי צו קורירען...

וואָס דאַרף זי פערשוועניגען...

וואָס דאַרף זי פעראורטהיילען דעם מענשען, וואָס האָט געמאַכט פאַל־שע געלד, זאָל זי בעסער ערהויבען די מענשען, וואָס ארבייטען שווער און ביטער און שאַפען נוצליכע זאַכען פאַר עטליכע סענט דאָס לעבען צו דער־האַלטען.

וואָס דאַרף זי פער'משפּט'ן אַ מענשען, וואָס האָט בעליידיגט איהר מאַיעסטעט אין שריפט אָדער וואָרט, בעסער זאָל זי קרוינען די מיוזענדע־מענשען, וואָס שרייבען מיט בלוט פון הארצען צום וואוהל דער גאַנצער מענשהייט.

וואָצו די טויזענדע ריכטער, מיט עדות, מיט לאָיערס, ווען איינער האָט עטוואָס גוטעס געטהאָן, וועט ער זיך אַליין מודה זיין און מען וועט פערשפּאָרען צו פערברענגען מאָנאַטען צייט און טויזענדער געלד, און דאָס עריטש וואָס טהוט עטוואָס פאַר די מענשהייט, זאָל לויט זיין טהאַט ערען פערניט וויסען, נאָר שטעכען אין דער פינסטער.

וואָצו די טויזענדע דעטעקטיווס און פּאָליציסטען? איינער וויל ניט קומען נעהמען זיין לאָהן פאַר אַ גוטע טהאַט, איז ער אַ נאַר. ער וועט עלטער ווערען, וועט ער ווערען קליגער.

וואָצו די טויזענדער ריעזיגע קערקער (געפענגניסע), שטראָף־אינזלען? זאָל מען אָנשטאָט דעם בעסער בויען עפענטליכע טהעאַטערע מיט דינערע ווענט, מיט גרעסערע פענסטער און אָהן וועכטער מיט וואָפען, און יעדער, וואָס טהוט עטוואָס פאַר די מענשהייט, זאָל לויט זיין טהאַט ווערען פערורטהיילט אויף אַ יאָהר, אויף 10, אָדער לעבענסלענגליך צו עסען און טרינקען, צו שטודירען און פערגניגען האָבען. אַי ער וועט אַנטלויפען, וועט ער ניט אַנטלויפען; אַי טאָמער יא, טאָ זאָל ער.

מילא איך קען דאָך ניט אויסרעכענען אַלע קלייניגקייטען, אָבער איך בין זיכער, אַז איהר פערשטעהט מיין פּלאַן, און אַזוי ווי איך קען אַליין דיעזע פּאַטשינקע ניט אונטערנעהמען, דאָס הייסט, יוסטיציא׳ן דערלאַנגען דעם בעזים וואָלט איך אַפילו געקענט, און עפענען איהר די אויגען וואָלט איך אויך צוגעהאָלפען, אָבער רייסען פון איהר דעם שווערד האָב איך פשוט מורא, איך וועל כאַפּען אַ שטאָך. דאַרום וואָלט איך אייך געבעטען מיר אין דיעזער רעפּעירינג צו העלפען און וואָס גיכער, ווייל עס איז דאָ נאָך זעהר פיעל צו פיקסען אין דיעזע אָבשייליך שהענע וועלטעל, ווי איהר וועט זעהן אין מיין ווייטערען פּלאַן פון דער „וועלט רעפּעריישאָן“.

---

## II.

### דער נייער טהעאַטער פּלאַן.

ערשטענס זאָל מען דאָס טהעאַטער בויען אין דער ברייט, אַז אַלע סיטס זאָלען אויסקומען אין איין רייהע „איי“, אַז יעדעו זאָל פאַר זיינע פּאָר

סעגט זיצען אויבען־אָן, ניט מען זאָל דאַרפען צוצאָהלען דעם אָשער פאַר א העכערען סיט.

צוױיטענס, זאָל דער סטיידזש אויסקומען פון הינטען און די „הינטער די קוליסען" צום פובליקום, װייל הינטער די קוליסען איז פאַר'ן פובליקום פיעל אינטערעסאַנטער אלס דער סטיידזש.

ביי יעדען סיט זאָל זיין צוגעשלאָגען פון פאָרענט א באָקסעל — אויטאָמאַטיק, אַז מען װאַרפט אריין א פעני, זאָל ארויסקומען א בעג פינאַטס מיט קענדי.

ביי יעדען סיט דאַרף הייננען א פייפעל פאַר בכבוד'יגע בעלי בתים מיט בעלי בית'טעס, װאָס קענען ניט פייפען מיט'ן מויל.

די אָשערס מוזען זיין פרויען, װאָס קענען געהן ארום קליינע קינדער.

אונטער יעדען סיט דאַרף שטעהן א נאַכט־געשיר, די פרויען זאָלען זיך ניט דאַפען טראָבלען מיט די קינדערלעך אין מיטען אַקט.

א גרויסע װיעג אויף א לאַנגען שטאַנג דאַרף הענגען איבער'ן סטיידזש, װאו די קינדער צו פערשלעפערען אַז די עקטערס װאָס האָבען קיין רעפליק אין שטעהען פערלעגען, זאָלען דערװייל פערװיגען די קינדער.

דעם אָרקעסטער, װאו די מוזיק זיצט דאַרף מען אויף כפּרות, װייל במילא האָט קיינער קיין געדולד ניט צו הערען די מוזיק. אויף דעם אָרט זאָל בעסער זיין א טיש מיט פרי לאָנטש, װאָס דאָס איז זעהר װיכטיג פאַר אַלע געסט װאָס קומען נעבאַך אָהן סאַפּער.

אַזוי װי די גאַנצע עקזיסטענץ פון אונזערע טהעאַטערע זיינען נאָר די בענעפיטע, װאָס פערקויפען די טיקעטס אין באָד און אין שול, זאָ איז די באַקס־אָפיס גאַנץ איבעריג. אויף דעם אָרט זאָל מען בעסער מאַכען א גראָסערי מיט א בוטשער־סטאָר, אַז די פרויען װאָס זיצען נעבאַך ביז 2 אוהר אין טהעאַטער, זאָלען קענען מיטנעהמען אַלעס נויטיגע אויף מאָרגענדיגען דינער, זאָנסט קענען זיי חלילה פערלירען די בעסטע באָרדערס.

דאַן זאָל פערבאָטען זיין פאַר די עקטערס אויפ'ן סטיידזש צו שרייען מיט דער האַמלעט שפּראַכע, נאָר זיי זאָלען ריידען גאַנץ שטיל. עס זאָל זיין פערבאָטען צו שיסען, נאָר צו שטעכען, װייל מיט זייער שרייען אין שיסען שטערען זיי נור דעם פובליקום, די פערליעבטע אין זייערע ליעבעס־ערקלעהרונגען, די לאַנדסלייטע אין זייערע געשפּרעכען, די טהעאַטער פּאַט־

ראַנייזער אין זייער שלאָף און אַ חוץ דעם אַלעם דערשרעקען זיי די קליינע קינדער.

דער שופלער זאָל זיצען מיט'ן פּנים צום פּובליקום, ווייל ערשטענס הערט מען איהם בעסער ווי די עקטערס, און צווייטענס, זאָגט ער דאָך ווי אין פּסוק שטעהט און די עקטערס היפען איבער מעהר ווי די העלפט.

אַזוי ווי כמעט אַלע שטיקער הויבען זיך אָן מיט די כאָריסטען און לאָזען זיך אויס מיט די כאָריסטען, זיינען די עקטערס גענצליך איבעריג און מען דאַרף קיין אַקטאָרען ניט, נאָר כאָריסטען די שטיקער צו שפּיעלען.

צוואַר וועט מען דערמיט קיין געלד ניט שפּאָרען, ווייל די כאָריסטען קאָסטען דעם טהעאַטער טהייערער, אַלס די אַקטיאָרען, מען וועט אָבער דער־מיט געווינען, וואָס מען וועט קענען שפּיעלען נאָר היסטאָרישע אָפּעראָס.

קיין אויטאָרן (פּערפאַסער) דאַרף מען מעהר ניט האָבען, ווייל אַלע נעכט זיינען פּערקויפט צו די בענעפיציאַנטען און מען קען יעדער וואָך שפּיע־לען די זעלבע שטיקער.

נאָר מען מוז זעהן, אַז יעדרע שטיק זאָל האָבען אַ גאַנצען סיוזשעט, דאָס הייסט אַ גאַנצע מעשה, און אַזוי ווי אַ רב אַליין איז ערשט אַ האַלבע מעשה, אַ רביצין אַליין גאָר קיין מעשה ניט, נאָר אַ רב מיט אַ רביצין איז אַ גאַנצע מעשה, דאַרום מוז יעדע שטיק האָבען אַ פּאָר.

מאָנטאַג זאָל געהן „דער אידישער רב מיט דער רביצין", דינסטאַג — „דער אידישער גלח מיט דער גלח'טע", מיטוואָך — „דער אידישער פּרינץ מיט דער פּרינצעסין", דאָנערסטאַג — „דער אידישער איד מיט דער אידע־נע", פרייטאָג — „דער אידישער גוי מיט דער גויה", שבת — „די אידישע יארמולקע מיט'ן שטערן טיכעל", שבת מאַטינע זאָל געהן די טראַגישע קאָ־מעדיע „דער אידישער באָק", איין אָפּעראַ אין 6 אַקטען, צוזאַמענגעשטעלט צו איין אַקט פון אַלע וואָכעדיגע שטיקער.

אַזוי ווי דאָס פּובליקום בעשטעהט פון פערשיעדענע קלאַסען און ווען עס רעדט צווישען די אַקטען אַ סאָציאַליסט, זיינען די אָרטהאָדאָקסען אונ־צופריעדען, דאַרום איז עס ניט מעהר ווי רעכט און ביליג, מען זאָל אַלע קלאַסען צופריעדען שטעלען. צווישען ערשטען און צווייטען אַקט זאָל זאָ־גען אַ מגיד, צווישען צווייטען און דריטען אַקט זאָל פּרעדיגען אַ פּרעדיגער,

צווישען הריטען אין בערטען זאל רעדען א רעדנער, און צווישען פיערטען און פינפטען זאל כפיטשען א פאליטישער שפיטצ־בובע.

דאן, אזוי ווי עס איז זעהר נויטיג פאר'ן אידישען פובליקום אין אמעריקא לעבענב שטיקער פון אמעריקאנער אודישען לעבען און אזעלכע שטיקער זיינען נאך ניטא, איז דערהוויל זעהר וויכטיג מען זאל גענצליך...

אבער איך קען ניט פערנעהמען דעם גאנצען פלאן מיט טהעאטער אליין, ווייל מיר האבען נאך פיעלע ביזנעס צו רעפערירען, אפערירען און רעפארמירען, זא לאז איך איבער פלאן פאר אנדערע ערפאהרענע מענשען צו מיין פארשלאג אמענדעמענטס צו מאכען און איך וויל איבערגעהן צו אנדעער ביזנעס רעפעריישענס.

---

# III.

## דער נייער אדווערטייזמענט פלאן.

אלע ווייסען יעצט וואס פאר א וויכטיגע ראלע די אדווערטייזמענטס שפיעלען אין געשעפטס־לעבען. אין דער לעצטער צייט זיינען די אדווערטייזמענטס שוין אזוי פיעל אין די צייטונגען אז זיי פערליערען זיך ווי פיש אין ים.

מען האט אלזא אנגעפאנגען צושטעלען אדווערטייזמענטס אין די קארס, אויף די קארס, אויף די ווענט, אויף די דעכער, אויף פעלדער און וועלדער, אויף מיסט בארלעך און אויף די שטיינער פון דער סטריט, אויף דענסינגבראגראמס און וואטער קלאזעטס, אויף עלעקטריק בילדער און איל־קלאטה מאנטעלס...

מיט איין ווארט, עס איז הימעל און ערד און אדווערטייזמענטס. עס שווינדעלט שוין אוש פאר די אויגען און דאך קען נאך קיין געשעפטס־מאן ארויפלעגען די האנד אויפ'ן הארצען און זאגען מיט ריינעם געוויסען, אז ער האט גענוג אדווערטייזט זיינע ביזנעס. און דאס איז איינפאך, ווייל די געשעפטען פערמעהרען זיך אלע טאג, די קאנקורענץ ווערט מיט יעדען טאג גרעסער און אויך די אדווערטייזמענטס מוזען האבען רעפעריישען, רעפארם

און אפעריישען, און דארום האלט איך עס פיר מיין היילינע פפליכט איין נייען אדווערטייזמענט פלאן פאר דער וועלט צו פערעפענטליכען.

די דאמען טראגען העטס מיט פלעדערוויישען, קאטשקעס, רויזען, עפעל, וועווערקעס.... ווארום זאלען דארט אויבען אויך ניט זיין קיין אנאנסען? מען שטעקט דארט איינפאך אריין א פליגעל מיט דער אויפשרפיט:

„מאנטאג, דעם 26טען דעצעמבער, ווערט געשפיעלט די בעריהמטע אפערא „רחב הזונה“, איין היסטארישע דראמא פון אידישען לעבען אין 5 אקטען, 47 בילדער, מוזיק ספעציעל פערפאסט פון בעריהמטען שמאטע־הענדלער חיים בערקעס, קאסטיומען עקסטרא קאמפאנירט פון דר. פארק־הוסט, דעקאראציאנען ספעציעל צו דיעזעם שטיק פון דעם בעריהמטען לי־טגראט בלק בן צפור. טיקעטס היער צו בעקומען מיט געזענגע און טענצע

אויף די זיידענע קליידער מיט די כאמעט מאנטלען פון אלע אנ־שטענדיגע פרויען זאלען אויסגענייט ווערען מיט רויזען זייד און געלע פלי־טערלעך:

„הייטע אבענדס וועט שטאטפינדען די אונטערהאלטונג פון די חברה „חובבי בנות ציון“ צו גונסטען פון איין נייער רייניגקייט מיט פריי לאנטש. איינטריט 25 סענט. פיר לאנדסלייטע פריי מוזיק...

אויף די באסקעטלעך, מיט וועלכע די פרויען געהען אין סטריט איינ־קויפען זייערע שאר ירקות זאל זיך פאמיעסטשען די אדווערטייזמענט:

„רעווערענד יעקב קנאט, שוחט ומוהל עופות, מסדר קדושין ומוכר גיטין אין אינסטאלמענט, 411 מצרים סטריט, אין בייסמענט.

אבער יעדע זאך פראגרעסירט. מיט שרייבען אליין דארף מען זיך נאך ניט בעגניגען, מען מוז זיך אויך אין רעדען און זאגען אדווערטייזען אין שוהלען, להבדיל אין קלויסטערס, אין טהעאטערס און אין האללס.

דער חזן קאסט יעדען מעמבער גענוג געלד, און ער מעג זיי ביים אויפ־רופען אדווערטייזען:

„יעמוד מורנו ר' שרגא פייבוש בר' קלונמיוס קלמן מוכר בשר כשר בסיין דאגודת הקהלות מפטיר. מי שברך אבותינו... הוא יברך את ר' שרגא קלינומוס, 00 קעטהרין סטריט, קארנער מארקעט, שיזכה לעלות...“

דער מיסיאנער אין זיין דרשה פאר די גרינע טויגעניכטסען און לוידינ־געהער:

„...אונד צו יענער צייט איז געגאַנגען יעזוס דער זאָהן גאָטעס מיט זיינע דריי תלמידים אין דער מדבר און זיי זיינען געוואָרען שרעקליך הונ־געריג אַזן ער האָט געהאַט נאָר 3 הונדערט ברויט, און זיי האָבען אַלע געגעסען און זיי זיינען געוואָרען זאַט און עס איז נאָך געבליבען. פער־שטעהט איהר, מיינע ליעבע קינדער, דיעזען וואונדער גאָטטעס, ווייל די ברויט זיינען געוועזן פון די זעלבע, וואָס ווערט געבאַקען פון מיכל מייער'ס פרייסישע בעקערי, 388 קרה עוועניו, וואָס ווערט געבאַקען אויף סטים אַון ווערען פערקויפט מיט 50 פּראָצענט ביליגער ווי ביי דעם שמוציגען יודען אין ס. למך סטריט, דאַרום רייניגט אייערע זעעלען, ערהעבט אייער גייסט...

דער העלדען ראָליסט אין זיין מאָנאָלאָג פון האַמלעט:

„...זיין אָדער ניכט זיין? אָט דאָס איז די פראַגע! אויב זיין איז דאָס בעסטע צו זיין ביי מאַנדעלפּעלד אין קאַפּע־הויז ביז 6 אוהר מאָרגענס, וואָס איז אָפּען טאָג און נאַכט מיט אינטעליגענטע בעלייכטונג און עלעקטרישע געזעלשאַפט; און אויב ניט זיין, איז דאָס בעסטע צו אַנטלויפען נאָך יוראָפּ מיט א ביליגען שיפס־טיקעט פון שאַבער־מאַכער עט קאָמפּאַניע, 25,000 כרמל סטריט"...

דער רב אין זיין דרשה צו תקיעת שופר:

„...דאַרום רבותי מוזען מיר זאָגען, אז די פרה אדומה האָט יאָ א שייכות מיט חמץ שעבר עליו הפסח, מחמת איין שווארצע האָאר פסל'ט די פרה אדומה אזוי ווי דער קלענסטער שאור שבעיסה און מיר קענען פון גלות ניט אויסגעלעזט ווערען ביז מיר זאָלען זיך ניט רייניגען פון דעם חמץ, דאָס מיינט מען דעם יצר הרע, און אום זיך צו רייניגען, איז דער בעסטער פּלאַץ די מקוה כשרה לכל בנות ישראל פון בייניש ווילקאָוויסקער מארמאָר־וואַנעס הייס און קאַלט וואַסער 15 סענט, 588 ירוחם סטריט, און טהרת הגוף העלפט צו טהרת הנשמה, ובזכות זה וועט אייער תקיעה ארויפגעהן בטהרה צום מלאך פּצפּצפּציאל און בעל תוקע בלאָזט"...

דער קאָמיקער אין דעם קופּלעט:

„דאָרט געהט א מיידעל איבער דער גאַס,
די בעקלאַך רויט, דאָס נעזעל בלאַס.
זי לאַכט אויף מיט חנ'דעלעך,
און ווייזט אויף די ציינדעלעך.

וויסט איהר וואו זי וואוינט,
איך איהר קוקט און שטוינט?! —
ביי מר. דזייקלוירי לוירי בויערי, בים"...

דער פּרעדיגער אין טעמפּעל:

„...אלזא איז אונזער הייליגער פּראָפעט עליאס פערשוואונדען אין הימעל מיט זיין פייעריגען וואגען און דאָס שטימט גאנץ איבער־איין מיט די ערפינדונגען פון דער נייער צייט, דאָס איז די נייע ערעפּענטע לודלאָוו ריילראָוד קאָמפּאַניע, וועסען אקציען שטעהען מיט 20 פּראָצענט העכער, אלס אנדערע און זייער פייער־וואגען פאהרען שנעל, ווי בליטשע אם הימעל. מיר מוסען אלזא וואהרען די הייליגע געזעצע דער עטהיק און נור זייערע אקציען קויפען אום אונזער נאציאָנאלען פערבאנד ענגער צו שליסען"...

דער שמש אויפ'ן וואנד פון דער שוהל:

„אָסור להשתין על הכותל, רק אצל חיים בער פּאלאק ביער סאלאָן ענד לאָנטש רום, 3 סענט א סקונער ביער און 2 סענט א שנאפּס, און משתין בחנם.

א לענדלאָרד אויף זיין מסיט־בארעל:

„היער זינד צו פעררענטען 3 און 4 רומס צו 15 און 18 דאָלאר מיט פריי חיה'לעך, געשטיקטע לופט, פייער געפאהר, חשך מצרים און אלע אי־בעריגע אימפּרואוומענטס"...

דער דאָקטאָר אין זיין פּאטריאָטישען לייט־ארטיקעל:

„...און דאהער מיינע שוועסטער און ברידער, לעדים און ארבייטער, דאָס איינציגע, וואָס אונז האלט נאָך צוזאמען, ווי א רייף א פאס, ווי א שטריקעל די ריטלעך פון א בעזים, דאָס איז דער פּאטריאָטיזמוס, דער הייליגער פונק פון קאָלאָניזאציאָן אין פּאלעסטינא, און עס ברעכט ווירקליך דאָס הערץ פון יעדען עהרליך דענקענדען יהודי, ווען מען איז ניט אויפמערק־זאם אויף די ניי־ערעפּענטע רוסיש־טירקישע אפּאָטהעקע פון אונזער בע־ריהמטען פּאטריאָט ר' שמעון קוואקזאלבאָווסקי, 369 חברון סטריט, וואו אלעס ווערט צוזאמענגעמישט אים העהערען נאציאָנאליזמוס, פּאטריאָטיז־מוס, און פילאנטראָפּיזמוס, און איך אליין פיגוריר דאָרט 2 מאָהל מאָנאַט־ליך אלס דיספּענסערי פיר אָרימע ארבייטער"...

דער מוהל אין הרחמן הוא'ס אויף א ברית:

„הרחמן הוא יברך את אבי הילד ר׳ בערעל שטיין מחזיק אידישע לאַנ־דרי אין פּויטיפּרע סטריט, 5 סענט א כתונת, 1 סענט א קאָלער, וכל הירא ורך הלבב עבודתו פּסולה ונאמר אָמן.

---

# IV.

## דער נייער חתונה פּלאַן.

אַלזאָ, נאָר ניט בייז זיין, מיינע שוועסטער און ברידער, וואָס איך האָב מיך גענומען אייך דאָס פאַמיליען־לעבען צו רעפּערירען. טאַקע אמת, מיר זאָגען אַלע, אַז דאָס פאַמיליען לעבען איז זעהר שעהן, אָהן פאַמיליען לעבען וואָלט אויך קיין געזעלשאַפט לעבען ניט געווען, אָהן פאַמיליען־לעבען וואָלט אויך קיין שטאַאַטס־לעבען, קיין פּאָליטישעס לעבען און איבערהויפּט גאָר קיין לעבען ניט געווען און די וועלט וואָלט חרוב געוואָרען.

אָבער מיר זאָלען זיך נאָר ניט אָבנאַרען, וועלען מיר אַלע מוזען צוגע־בען, אַז אַלע צרות אין לעבען קומט אַרויס פון פאַמיליען־לעבען. עס האַלט שוין מיט אונזער פאַמיליען לעבען זאָ ווייט, אַז מען פערשילט ניט נאָר דעם טאָג, וואָס מען האָט חתונה געהאַט, נאָר מען פערשילט אויך דעם טאָג וואָס מען איז גאָר געבאָרען געוואָרען. מען האַלט שוין זאָ ווייט דאָס דער מאַן האָט שוין זיין אייגען ווייב פיינטער אַלס פרעמדע ווייבער, און ביי איהם איז שוין רעכט אַ פרעמדע, אַבי ניט זיין אייגענע, „לאָז זיין אַן ערגערע, אַבי אַן אַנדערע.“ נאָך ווייטער, עס איז שוין כמעט אַ געזעץ, אַז צווישען טויזענד ווייבער איז איינע אַ רעכטע ניטאָ און ניט נאָר ביים מאַן, וואָס ער איז פון שטאַרקען געשלעכט, נאָר אַפילו ביים ווייב, וואָס זי איז דאָך פון שוואַכען געשלעכט, זי ציהט אויך פּאָר אַ ווילד־פרעמדען באָרדער אַלס איהר אייגענעם מאַן, און עס איז ביי איהר צום שפּריכוואָרט געמאַכט גע־וואָרען: „מאַנס געטרייקייט, הונדס געטרייקייט“. ביז ענדליך דאָס פאַ־מיליען־לעבען איז שוין אַזוי ווייט געקומען, אַז מען וואַרט שוין איינער אויף דעם אנדערענס טויט.

און אָנשטאָט פאַמיליען־לעבען, קען מען עס היינט שוין רופען „פאַמי־ליען טויט“.

עס זיינען נאָך אפילו דאָ לייטע וואָס האָבען הנאה פון פאַמיליען־לעבען, אָבער דאָס איז נאָר אָבגענאַרט, ענטוועדער זיי נאַרען נאָר אָב אַנ־דערע, אָדער זיי נאַרען אָב איינער דעם אַנדערען, אָדער זיי נאַרען זיך אַליין אָפּ און די שטערן־זעהער זאָגען שוין נביאות, אַז דאָס פאַמיליען־לעבען וועט חלילה וחס, די שעה זאָל ניט זיין, גאָר אין גאַנצען בטל ווערען, און דאַן — אדיע די גאַנצע וועלט.

דאַרום רעכען איך פאַר מיין הייליגע פפליכט אין מיין „וועלט רעפּע־ריישען" אויף דאָס פאַמיליען־לעבען צו רעפּאָרמירען, ביז ווי לאַנג עס איז נאָך דאָ צייט און איך האָף אַז אַלע עהרליך־דענקענדע מאַמעס און טאַטעס וועלען מיר איינשטימיג אונטערשטיצען.

ערשטענס, אַזוי ווי אַלע צרות פון פאַמיליען־לעבען קומען אַרויס פון חתונה האָבען, דאָס הייסט, מען רייסט זיך הויב און שלייער נאָך דער חתונה און פאַר דער חתונה לעבען אַלע פּאָאָר פּאָלקען גוט, זאָ זאָל קיין פּאָרעל ניט חתונה האָבען פאַר'ן עהע לעבען, נאָר נאָכ'ן עהע לעבען, אַזוי ווי מען בענשט נאָכ'ן עסען, דאַן וואָלט עס אויך געהאַט אַ זין. מען האָט אָפּגעלעבט אַ 50 ביז 60 יאָהר, מען זעהט אַז דער שידוך איז מן השמים, אַז עס איז אַ בעשערט פאָר האָט מען חתונה מיט ריינעם געוויסען.

צווייטענס, זאָל אין שטוב ניט זיין קיין אויווענס און קיין בעטען, וועט דער מאַן ניט האָבען קיין טענה צו דער פרוי, אַז זי האָט איהם שלעכט גע־קאָכט און די פרוי וועט ניט האָבען קיין טענה צום מאַן, אַז די קינדער פערקירצען איהר די יאָהרען.

מען קען לייכט אויספיהרען, אַז עסען זאָל מען זיך ברייננגען פון אַ רעס־טאָראַנט און מיט קינדער האָבען קען מען איינריכטען, אַז אי דער מאַן אי די פרוי זאָלען אַנטהייל נעהמעןביידע גלייך, ניט די פרוי אַליין זאָל זיך דאַרפען פּלאָגען מיט טראָגען און האָבען.

זאָגדערן אַ מיידעל האָבען זאָל געהערען צו דער פרוי און אַ אינגעל האָבען זאָל געהערען צום מאַן.

אויף דעם פּלאַן בין איך שוין געפּאַלען ווען איך בין אַלט געוועזן 5 יאָהר.

און דאָס איז אויך לייכט מעגליך. אַנשטאָט, וואָס יעצט טראָגט מען קינדער, זאָל מען בעסער אויסברהיען קינדער, ווי די פויגעל טהוען עס, דאַן

קען זיך דער מאַן מיט'ן ווייב איינטהיילען, אַ טאָג ער, אַ טאָג זי, אָדער וואָכען־ווייז...

און אַזוי ווי אַלע צרות אין עהע־לעבען קומען מייסטענס פון אייפער־זוכט, וואָס דער מאַן קוקט אויף אַנדערע ווייבער, און דעם מאַן ווערט ביטער דאָס לעבען פון דעם ווייב'ס קללות, זאָ זאָל יעדע פרוי זיין שטום, זי זאָל ניט קענען שילטען, און דער מאַן זאָל זיין בלינד, ער זאָל ניט קוקען אויף אַנדערע.

און די מעננער, וואָס האָבען נאָך אַ טבע צו שלאָגען די ווייבער, זאָלען זיי זיין פשוט אָהן הענד.

מיט דער פרנסה זאָל אויך איינגעפיהרט זיין, אַז דאָס ווייב זאָל ניט דאַרפען אָנקומען צום מאַנ'ס לאַבקע מיט עטליכע סענט, עס זאָל איהר זיין ווייניג וויפיעל מען גיט איהר און ער זאָל איהר צאַפּען דאָס בלוט פאַר יעדער פעני, זאָנדערןביידע זאָלען גלייך פערדיענען:

דעם טאָג וואָס ער למשל בריהט די קינדערלעך זאָל זי קנעלען מיט'ן חדר, און דעם טאָג וואָס זי זיצט אויפ'ן שערעלעם, זאָל ער וואַשען וועש, דאַן וועלען ביידע זיין גלייכע מיוחסים.

דאָס גרעסטע איבעל און צרות אין פאַמיליען־לעבען קומט מייסטענס ארויס דערפון, וואָס דער מאַן פערקעהרט תמיד מיט דער אויסערער וועלט און די פרוי בלייבט צו הויז. דערפאַר מאַכט ער תמיד פאָרטשריטע. ער ווערט קליגער, ערפאַהרענער, געזינדטער, און די פרוי לעבען די קינדערלעך ווערט אימער נאַרישער, שוואַכער, פאַנאַטישער, אָבוואָהל צו דער חתונה זיינען זיי געווען ביידע גלייך געזונד און קלוג. געוועהנליך קוקט זיך דער מאַן ארום דערנאָך, אַז זיין ווייב פּאַסט איהם ניט און זוכט זיך זיין גלייכען.

דאַרום איז זעהר נאָטהווענדיג איינצופיהרען איין רייהען אָרדנונג, ווי אין דער „שריפטזעצער יוניאָן". איין טאָג זאָל דער מאַן געהן זוכען אַ דזשאַב און זי זאָל בלייבען צו הויז, דעם אַנדערען טאָג זאָל זי נעהן אויפ'ן דזשאַב און ער זאָל בלייבען אין דער היים. איין נאַכט זאָל ער געהן אין קאַפע־הויז, די אַנדערע נאַכט — זי, און אויף דער אַרט קענען זיי יאָהרען אָבלעבען און זאָלען בלייבען ביידע גלייך.

דיעזע רעפאָרמען וואָלט אויך געווען אַ גוטער מיטעל צו דער אַמע־ריקאַנער צרה, וואָס פיעלע מיסיסען אַנטלויפען מיט די באָרדערס, ווייל ווען

אַ מיסים וועט אין איהרע טעג אַנטלויפען מיט'ן באָרדער, וועט ער אין זיין טאָג צו הויזע זיין אַנטלויפען מיט דער באָרדערקע, און ווייטער וועלען זיי זיין ביידע גלייך און די פאַמיליען־הארמאָניע וועט קענען אָנגעהאַלטען ווערען אויף דאָס גאַנצע לעבען.

אזוי ווי אין אמעריקא קומען ארויס גרויסע צרות פון דעם בריטש אָף פּראָמיס, פון דעם סופּאָרט מיט'ן אויפנעהמען, ווייל די אמעריקאַנער געזעצע נעהמען מעהר אין שוץ די פרויען, ווי די מענער, און דער מאַן קען אַלץ ניט זיין גלייך מיט דער פרוי, זאָ זאָל איינגעפיהרט ווערען, אַז אַ מאַן זאָל חתונה האָבען מיט אַ מאַן, און אַ פרוי מיט אַ פרוי, דאַן וועט מען אויך פאר אמע־ריקאַנער געזעצליכען שוץ געשיצט זיין.

און נאָך ווייטער, אזוי ווי אמעריקא אַנערקענט אַלע קדושין, אַלע חתונות פון אַלע לענדער און פון אַלע רעליגיאָנען און אַ גט איז קיינער ניט גילטיג, נור פון איהרע אייגענע דזשאַדזשעס, זאָ זאָל די חתונה צערעמאָניע ניט זיין מיט מקדש זיין, נור מען זאָל חתונה האָבען מיט אַ גט: אָנשטאָט וואָס מען זאָגט „הרי את מקודשת“ און מען טהוט אָן דער כלה אַ רינג, זאָל מען זאָגען „הרי את מגורשת“ און מען זאָל דער כלה אַ שפּיי טהאָן אין פּנים, און אזוי ווי אַ גט איז אין אמעריקא ניט גילטיג, זאָ וועט מען אימער זיין זיכער מיט דער צווייטער העלפט.

ביז ווי לאַנג אָבער די פרויען וועלען טראָגען קאָרסעטס, היטעלעך מיט פעדערן, קליידער מיט שפּיצען א. ז. וו. און דער מאַן וועט אַלץ בלייבען ביי זיין ראָק, וועסט, הויזען, קענען זיי אַלץ ניט ווערען גלייך, זאָ איז עס זעהר נויטווענדיג, ענטוועדער אז אַלע פרויען זאָלען זיך אָנטהאָן ווי די מענער, אין ראָק, וועסט, הויזען, און אַלע ווילדע פרויען־קאָסטיומען זאָל מען פערברענען אין חמץ, אָדער אַלע מענער זאָלען אראָפּוואַרפען די הויזען, ראָק, וועסט און אָנטהאָן באָבעלס, קאָרסעטס, בענדער און פעדערן, אַבי נור צוצוהאַלטען די הארמאָניע צווישען ביידע געשלעכטער.

אזוי ווי אַלע רעפאָרמען קענען נאָך אַלץ ניט גלייך מאַכען דעם מאַן מיט דער פרוי, ווייל די פרוי איז שוין אוים דער נאַטור שוואַכער און איז מעהר ווי די העלפט פון איהרע יאָהרען קראַנק און ערגערליך, דער מאַן גע־זונד און פרעהליך, זאָ קענען זיי איבערהויפּט ניט שטימען אויף איין וועלט, דאָרום איז עס ניט מעהר ווי רעכט און ביליג, אַז איינער פון די ביידע גע־

שלעכטער זאָל בערלאָזען דעם ערד־קוגעל און מאַכען אַ מאַרש אויפ'ן שטערן מאַרס, דאַן וועט זיך יעדער לעבען אויף אַ בעזונדער וועלט און די האַר־מאָניע וועט הערגעשטעלט ווערען.

ביז אָבער די לופט באַלאָנען וועלען זיך אַזוי ענטוויקלען, אַז אַזאַ עמיגריישען נאָכ'ן מאַרס זאָל קענען שטאַטפינדען, מוזען מיר דערווייל אָנ־נעהמען דעם ראַטה פון גרויסען דיכטער לומפּאַציוס וואַגאַבונדוס:

גאָט האָט אונז געגעבען אַ גרויסע מתנה,
דאָס איז די פרוי וואָס שטעהט אונז ענטקעגען!
זי בעלייכט אונז, אזוי ווי די לבנה,
אלע אונזערע פינסטערע וועגען.
אָבער נאָך ליעבער אלס יעצט זיי זיינען
וואָלט אונז געווען דיזע מתנה,
אז נור אבענדס זאָל די פרוי אונז ערשיינען
און פערשווינדען פאַרטאָג אַזוי ווי די לבנה.

זאָלען זיי דאַרויף אויך ניט וועלען איינגעהן, זאַ מוז נאָך דערווייל בלייבען ווי עס איז.

---

# פּירטע סעריע.

# צרות פון שרייבער און רעדאַקטערע

## I.

### אַ צוועלף־יעהריגע אלמנה.

ווען איך בין אַ געבאָרענער פּראָנצויז, וואָלט עס זיכער געקומען צו אַ דועל צווישען מיר און מיין רעדאַקטאָר, מיין טויט אָדער זיין טויט, בלוט וואָלט געמוזט אָבוואַשען אַזאַ בעליידיגונג. הערט אַ מעשה: איך ברענג איהם היינט אַ פעליעטאָן, זאָגט ער מיר:

— ליידער, אַ פעליעטאָן האָב איך שוין, וואָס מיר פעהלט נאָך איז אַ ביסעל „נייעס" —

— אָה! נייעס, אויך מיר אַ קונץ, דאָס קען דאָך יעדער שרייבען, אָט כאַפּ איך אַן ענגלישע צייטונג און איבערזעץ אייך וויפיעל איהר ווילט, אַזוי ווי די ניו יאָרקער צייטונגען טהוען.

— איהר קענט עס ניט, הערר שלים־מזל. —

— איך קען עס ניט, איך, אַ שרייבער קאַטאָרי, וועלכער, וואָס, אַ בע־ליידיגונג! אַ דועל, בלוט!...

אָבער מען איז דאָך ניט מעהר ווי אַ איד, פערלאָז איך מיר אויף בוררים און וויל אייך, ווערטהעס פריינד, נעהמען פאַר מיינע בוררים, איך גלויב איהר וועט קיין חאָבאר ניט נעהמען מצד השני. —

און אויף דעם סמך זעץ איך מיר שוין אַניעדער און שרייב, און מיין רעדאַקטאָר שטעלט זיך הינטער מיינע פּלייצעס זעהן, וואָס דאָ וועט ארוים.

„די 13 יעהריגע אנא פון ווירדזשיניא האָט זיך אריינגעשאָפען אַ קוגעל אין קאָפּ..."

— אָה, דאָס איז דאָך געווען נעכטען — זאָגט מיין רעדאקטאָר — נור זי האָט געהייסען פעני —

„דער 12 יעהריגער דזשאהן האָט זיך פערליעבט אין דער 8 יעהריגער בעקי. זיי זיינען אנטלאָפען און חתונה...“

— אָה, דאָס איז דאָך געווען אייערנעכטען, נור זי האָט געהייסען דאָרא און ער איז בלויז 7 יאָהר אַלט געווען און האָבען נאָך פריהער חתונה גע־האט און דערנאָך אנטלאָפען. —

„א שרעקליכער פייער פּאניק האָט געטראָפען היינטע מאָרגען אין האָ־טעל קווייקער, וואו א פּיערטעל מיליאָן געסט זיינען ארויסגעלאָפען נאַקעט אויפ'ן שנעע...“

— אָה, גענוג שוין, שלים־מזל, דאָס איז דאָך געווען זונטאג און ווי קען אין איין האָטעל זיין א פערטיל מיליאָן געסט? סיי, שלים־מזל, אויב דו ווילסט שרייבען, טאָ מאך עס מיט טעם און מיט ריח און עפּעס אינטערע־סאנטעס. —

„די 12 יעהריגע אלמנה מיסעס יאָנטעל איז געפאָהרען אויף א בייסי־קעל צו איהר גאָטזעליגען מאַן אויף קבר אבות, איז אָנגעלאָפען די פּענסיל־ווייניא טריין און אָה, שרעק און שוידער, ווען די טריין איז פאָראיבער, האָט מען געפונען צוויי שטיקער...“

— אָה, זעהסטו! — זאָגט מיין רעדאקטאָר — דאָס איז שוין עפּעס וויכטיגעס, צו 12 יאָהר אַן אלמנה, צוויי שטיקער, אָבער דאָס דארף מען צושמירען, סענזאציאָנירען, קעפּלירען... —

אָה, איך פערשטעה, ווארט נור, „די 12 יעהריגע אלמנה, אָה, א קלאָג צו דיר, פערפלוכטע סיסטעמע, וואָס דו פּראָדוצירסט 12 יעהריגע אלמנות און מיט דיינע קאָרופּטע אייזענבאהנען און פערדאמטע טראלי קארס פער־שפּרייטסטו א נעץ איבער'ן גאנצען ערד־קוגעל צו טויטען, מאָרדען, ברענען, פערניכטען מיליאָנען אונשולדיגע אלמנות, אָבער ווארט, ווען דער רעבעלי־שער גייסט וועט ערוואכען...“

— האלט! האלט! — שרייט מיין רעדאקטאָר — וואָס? שרייבסט א תפילה זכה?

— אָה, איך פערשטעה, איהר מיינט עס איז א ביסעל אנארכיסטיש, אָט מאך איך עס שוין אנדערש:

„די 12 יעהריגע אלמנה איז געפאַהרען צום מאַן אויף קבר אבות, צו אַ טויטען מאַן, ווען זי זאָל אָבער געווען פאַהרען צו די לעבעדיגע מענער און זיי עפּענען די אויגען, אז מיר מוזען האָבען אין פּארלאַמענט א קאנדידאַט „איז נאשיך"....

— סטאָפּ! סטאָפּ! מאכסט אַ סטאָמפּ ספּיטש פאַר'ן קאמפּיין, וואָס —

— אָה, איך זעה, איהר מיינט עס איז צופיעל סאָציאַליסטיש. אָט מאַך איך עס שוין אנדערש:

„די 12 יעהריגע אלמנה איז געפאַהרען אויף א בייסיקעל, אָט דאָ איז טאַקע די צרה מיט אונזערע אידען, וואָס ביי 12 יאָהר לאָזט מען אַ יונגע אלמנה פאַהרען רייטענדיג, ווען זי זאָל אָבער נאָך געווען געהן אין שפה קדושה סקוהל און זויגען אין זיך דעם נאַציאָנאַלען גייסט, אז דיזע גלות אלמנה זאָל בעסער אגיטירען פאַר בלעם אבינו'ס קבר..."

— פּעררּיקט! שלים־מזל! וואו קריכסטו?

— אָה, איך וויים שוין, איהר מיינט עס איז צופיעל ציוניסטיש, אָט מאַך איך עס שוין אנדרעש:

„די 12 יעהריגע אלמנה מיסעס יאַנטעל איז געפאַהרען אויף קבר אבות צו איהר גאָטזעליגען מאַן, און ווי אונזער רעפּאָרטער מעלדעט אונז, האָט זי שוין געהאַט אַ זעקס אנדערע מענער און אלע האָט זי פערגיפטעט אום אָב־צונעהמען די אינשורענס און אויף דעם בית עולם איז זי געפאַהרען אויף אַ ראַנדאָוואו מיט 24 געליעבטע פון די בעריהמטעסטע פּרייז־פייטערס פון אַמעריקא און בראָנזוויל, וועלכע האָבען זיך פערליעבט אין איהר אלע אין איין מאָמענט זיצענדיג אויף אַ טריין וואָס איז געלאָפען 100 מייל אַ סע־קונדע און ווי זיי האָבען זי דערזעהען אויפ'ן בייסיקעל, זיינען זיי אלע 24 ארונטערגעשפּרונגען מיט איין „שמע ישראל" פון דער טריין אויף איהר בייסיקעל און דאָס זיינען זיי געפאַהרען צוזאמען דועלירען...

—— איך שטאַרב! אזוי זיך פערבלאָפען, הער איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען. —

— אָה, איך האָב דעם פּוינט, איהר מיינט, עס איז אַ ביסעל צו פיעל אַמעריקאניש, אָט מאַך איך דאָס באַלד אנדערש:

— אנדערש אהין, אנדערש אהער, עס וועט היינט ניט זיין קיין נייעס,

ווילסטו שרייבען, מוז עס זיין קורץ און שאַרף און פונקט ווי עס האָט גע־טראָפען, קיינע ליגענס. —

— פונקט ווי עס האָט געטראָפען, קיינע ליגענס? וואָרום האָט איהר עס מיר פריהער ניט געזאָגט, דאָס איז דאָך גאָר קיין חכמה ניט. אָט האָט איהר עס ווי עס האָט געטראָפען:

„די 65 יעהריגע מיסעס יאַנטעל, וואָס איז שוין 12 יאָהר אַן אלמנה, איז געפאָהרען צום מאַן אויף קבר אבות אין דעם וואָגען פון דער חברה קדישא, איז אָנגעלאָפען די פענסילווייניא טריין און פון דעם פייף פון דער טריין האָט זיך מיסעס יאַנטעל דערשראָקען און אַזוי ווי זי האָט געהאַלטען אין גריזשען אַ שטיק ברויט, איז ווען די טריין איז פאָראיבער, האָט מען גע־פונען צוויי שטיקער, אין איין זייט די שטיק ברויט און אין דער אַנדערער זייט די שטיק אלמנה.“

— וואָס, די אלמנה איז ניט אַלט געוועזן 12 יאָהר און ניט געפאָהרען אויף אַ בייסיקעל און ניט צוריסען געוואָרען אויף צוויי שטיקער? וואָס האָט געזאָלט זיין מיר און מיין צייטונג.... אָט דאָס רופסטו נייעס? אוי, שלים־מזל! —

— נו, אויב דער אמת געפעהלט אייך ניט אַלס נייעס, טאָ לאָזט עס דאָס מאָל געהן אַלס פעליעטאָן.

---

## II.

### ניטאָ קיין פעליטאָן.

ליעבע רעדאקטערע!

עס איז פון אייך אַ גרויסער אונרעכט! גראַדע פון מיר פערלאַנגט איהר פעליעטאָנען, דערצו נאָך וויציגע פעליעטאָנען, וואָס! מיך האָט איהר אויסגעפונען פאַר יעקעלע נאַר, אַז איך זאָל שרייבען פעליעטאָנען? אַלע שרייבער האָט איהר איינגעטהיילט לייכטע חלקים: דעם אַ לייט־ארטיקעל, דעם אַ געדיכט, דעם אַן עדיטאָריעל, דעם אַן ארטיקעל, דעם אַ ראָמאַן, דעם נייאיגקייט, דעם אדווערטייזמענטס, אַלעס לייכטע זאַכען, און מיר האָט איהר

איבערגעלאָזט דאָס שווערסטע—אַ פּעליעטאָן! ניין! נישטאָ קיין פּעליעטאָן!

פּרובירט גיט מיר נור די זעלבע 25 דאָלער א וואָך פאר א לייט אר־טיקעל, וועט איהר זעהען, ווי שנעל און ווי גוט איך וועל עס מאכען; אדרבה, נאט אייך א פּראָבע: —

---

## אנטיסעמיטיזמוס און שול־טיקעטס.

אָה, שטירצט, איהר בערג, זינקט איין, איהר טהאלען, פאלט איין, איהר מויערען, טרויער, דו לבנה, גיסט א באך מיט טרערען, איהר וואָלקען, שפּאלט אייך, איהר זיבען הימלען, טראסקעט, טהראָנען, פּיקעט מלכים; דען די גאנצע געהנעדיגע וועלט איז אין טרויער, די זון געהט דעם קאָפּ אראָפּגע־לאָזט, די שטערען וואלגערן זיך ווי יתומים, ציון טראָגט א קויטיג לייבעל, דער הר המוריה פּייפט מיט בוימעל, בלעם אבינו האָט אָנגעגורט א זאק אויף זיינע לענדען אויף דעם חורבן פון זיין איין איינציגען בן יחיד פּוטיפר הצדיק וואָס בעקלאָגט זיין מוטער רחל די לעבעדיגע אלמנה פון פּאלעסטינעס באק־סאָרען, צוקוקענדיג זיך ווי דער ניעדערטרעכטיגער מיסיאָנער גרינשפּאַן מיט דעם רעפאָרם ראבינער חלאוונע מיט דעם רב הכולל, מיט שטעקער, מיט אלעקסאנדער מיט דער גאנצער חברה גיד הנשה האָבען געמאכט איין האנד צו פערטיליגען, פערניכטען, פּערדארבען, פּערזינקען און בעשמוצען די היי־ליגע אידעע פון כפּרות שלאָגען, פאר וועלכע עס איז פערגאָסען געוואָרען טייכען בלוט און אויסגעפּליקט געוואָרען מיליאָנען פּעדערען און טויזענדע יונגע אונשולדיגע קרבנות זיינען געפאלען אונטער'ן שלאכט־מעסער. אָה, וועה געשריען! דרום, אידען בני רחמנים, אין וועמעס אָדערען עס פליסט נאָך האָטש א טראָפּען שמן זית פון שמשון הגבור'ס לחי החמור, ביי וועמען עס איז נאָך ניט אויסגעלאָשען געוואָרען דער לעצטער פונק פון דעם נר תמיד, ווער עס בעזיצט נאָך דעם לעצטען, קליינצינקען פינטעלע איד, דער זאָל זיך בעאיילען צו קומען צום גבאי פון דער חברה מחזיקי „הדאס" אנשי יהופּץ להתפּלל רה"ש ש"ש וזאת חנוכה אונטערשטיצונג פעראיין, וועלכע קעמפּפט פיר דען הייליגען צוועק פון אנטיסעמיטיזמוס און זיך פערזעהען מיט א קוואָדערדיגען טיקעט, אמן.

---

ווער רעדט מאַכען אַ געריכט, דאָס געהט ביי מיר ווי א האָר פון מילך.

### דער קוס און די לבנה.

זאָג, מיין, בייבע, מיט שויבעלע,
וואָס בעדייט דיין שמייבעלע,
ווילסטו קיסען ווי צוקער זיס
מיך אין דען מונד אויך אַ קיס,
אָדער פערשטעהסט דו און עין הרע'נע,
ווי אידעלעך געשוואָרענע,
פעראירטע, פערלאָרענע,
ווערען געשאָרענע,
פון שווינדלער געבאָרענע,
מיט שאָקלען מיט בלאָזען,
דאַלערלעך לאָזען,
פאר מלקות, פאר מפטיר,
פאר לייתן א קלאַפטער,
פאר פתיחת הארון,
פאר עסען ניט מאָרען,
פאר עליות און תפילות,
פאר הוצאות הקהלות,
דערפון ווילסטו לאַכען,
פון אידישקייט חוזק מאַכען,
ווילסט ביזנעס פערדארבען,
אויב אזוי, מוסטו שטאַרבען,
געה קוס די לבנה,
וייל איצט איז פאַר ראש השנה.

---

היינט ווער שמועסט פון נייאינקייטען איז דאָך גאָר קיין מלאכה נים. איך נעהם א צייטונג און איבערזעץ וואָרט אין וואָרט.

### נייעס פון איבעראל.

אין צפת, טעקסאם-לאָטרינגען

האָט אַ פרעזידענט פון בנות ציון געבאָרען א צווילינג, א בתולה פון 16 יאָהר און א בחור פון מיטלער וואוקס, צוויי מאָל אויסגעשאָסען פון א פינף לויפע־

דיגען רעוואָלוועד מיט א דינאַמיט באָמבע דעם פּאָליציי־שעף פון דעם צענ־טראל קאָנגרעגיישען טעמפּעל פאר בריטש אָף פּראַמים, וואביי עס זיינען געפאלען 16 טויטע און 17 פערוואונדעטע. די מוטער איז אריינגעשפּרונ־גען אין ריוועד און האָט זיך פערגיפטעט, און איהר עלטערער ברודער איז פערהאלטען געגען 2000$ בייל, ביז די הונגער־דעמאָנסטראציאָן וועט פאָר־איבער זיין. די פראנצויזישע זשורנאליסטען מיינען, אז די אורזאכע איז פון דעם צופיעל שנאַפּס פון די רוסישע בויערען, אָבער רעווערענד קליפמאן און אינספּעקטאָר בוירנס זאָגען, אז עס מוז זיין גרויסע מלחמות צווישען פּאלעסטינא און דער טירקיי. אונזער מיינונג איבער'ן קריזיס וועלען מיר געי־בען די נעכסטע וואָכע.

---

ביי וויסענשאַפט מוז איך אפילו א ביסעל צושוויצען, אָבער נאָך אַל'ן א כּפּרה פאר א פּעליעטאָן.

ד י ח ע מ י ש ע ק אָ ס מ אָ פּ אָ ל אָ ג י א ו ן א י ה ר ע
פ אָ ל ג ע ן א ו י ף ד י ז אָ צ י א ל ע ר ע ו ו אָ ל ו צ י אָ ן.

ווען מיר שטעלען זיך אנידער עקספּערעמענטאליש אונטער'ן טעלעסקאָפּ פּראָספּעקטיוו צו בעטראכטען די אטאָמען פון די באַציליען־פּערמיגע אזיא־טישע קאָסמאָפּאָלאָגען; ווען מיר אנאליזירען פּשעכאָלאָגיש און טעכניש די צערטזעצונג פון די אנטראָפּאָלאָגישע סובסטאנצען, וועלכע דיענען נענא־טיף און פּאָזיטיף אין פערהעלטנים צו רעליגיאָן און וויסענשאַפט: מוזען מיר מיט בעוואונדערונג אויסרופען, ווי גרוים איז דער פּאָרטשריט און דער זיעג פון דער געגענווערטיגען פּאָליטישען און זאָציאלען עקאָנאָמיע, וועלכע האָט פערשפּרייט איהרע פליגעל פון נאָרדפּאָל ביז דעם עקוואטאָר און ציהט זיך ווי א רויטער פאָדעם פון אלכסנדר מוקדון ביז דעם קלענסטען נערוו פון מענשליכען קערפּער, וועלכען די מעדיציניש וועלט האָט מיט דער קראפט פון עלעקטרישען שטראָם אנערקאַנט אלס דעם איינציגען פאקטאָר, וועלכער מוז ווירקען פּראָגרעסיוו אויף דער פּאָליציי און די פילאָזאָפיע פון 19טען יאהר־הונדערט די קראָנע פון ציוויליזאציאָן און זויערע פּיקעלס.

(פאָרטזעצונג פאָלגט)

---

אויף אדווערטייזמענטס אויסשטעלען בין איך געווים א קינסטלער.

ש מ ע   י ש ר א ל!

ת ק י ע ה   ג ד ו ל ה!

דער אַלבעקאַנטער ארבייטער פריינד פון מאסקאווער שוכן עפר טעמפּעל האָט ערעפענט א

ש ו ו י ם   מ א נ ו פ ע ק ט א ר י

און זוכט אַ פעהיגען זשורנאַליסט צו מעלקען צוויי קיה אַלס דעזיינער אין א סעקאָנד הענד קניפּענס כּטייבעל, וואו דעם ערשטען סיזאָן ווערט נור געלערענט קוואדריל און שאָטיש מיט 50 פּראָצענט ביליגער ווי שחיטת עופות גסות און דקות מיט קאפּע און קייק 13 סענט פאר מיי־נער קאָסטיומער צום ערשטען מאָל אין אמעריקא די בעריהמטע דראמא־טראגישע האָכקאָמישע אָפּערא פון דעם אונשטערבליכען וואהיסקי ברענדי ווי אויך אַלע אימפּאָרטירטע און אינלענדישע מוספים און נעילה מיט דעם בעריהמטען באריטאָן־באַס און צוגלייך פּיקעל־פלייש, סאלאמי און ביגארעטס, וואנצען־פּוידער, סדילקאווער סליחות, רעדעלהיימער מחזורים פיר ארבייטסלאָזע ארבייטער אומזאָנסט דעם גאַנצען סיזאָן, קאַנדידאטען זאָלען זיך מעלדען אַלס פּעליעטאָן־שריי־בער פון 8 אוהר פריה ביז דער גאַנצער סטאק וועט זיין אויספערקויפט אויף די אדרעסע פון דער רעדאקציאָן, וועלכע בלייבט די וואָך אָהן א פּעליעטאָן.

---

דאַגעגען, אז עס קומט צו א פּעליעטאָן, זיינען מיר פערפרוירען די פינ־גער. איבערצייגט איך אליין:

א זשאַרגאָן־שרייבער מוז האָבען טאַלענט און היץ,
צו שרייבען אַ קרעכץ, אַ לאַך, א זיפץ, אַ וויץ,
דעם שרייבער׳ס פּעליעטאָן איז דער עכטער,
ערנסט און געלעכטער.

איך פיהל מיך אָבער אין דער לעצטער צייט פון דער שרעקליכער וועלט־איבערקעהרעניש דערצו אונפעהיג, וואָס דאָס איז אַ שפּיי אין פּנים דער ציר־וויליזאציאָן: אַז די באָבע וויקטאָריע פון דזעאָן בול, האָט אין באסעל גע־טאַנצט אַ קאדריל מיט׳ן אלטען בחור לעאָ ריכטיג דרייצעהן און אלכסנדר דער דריקער האָט געגעבען א מאַיעסטעטיש־פּוינישען שלום עליכם דעם יע־

קישען פּרעזידענט קליוולאַנד וואָס דורך דעם האָבען זיך די אידישע טפּו־טאַלבען אנארכיסטלעך מישרך געוועזן מיט די זילבער־מאַנופעקטשורערס און געמאכט א פּלעק אויף אונזער פרייע געקרוינטע רעפּובליק, פאר וועלכע מיר האָבען צו דאַנקען דעם גוטען באַראָן הירש און דעם אונשטערבליכען כינע־זישען דיכטער לאַמפּוציוס וואָס האָט געזאָגט א לא לא טשו טשאיג על לי פּטש, וואָס דאָס הייסט אויף מאַמע לשון:

קוועטש דיך ניט און כאַך אַ סוף
ווייל דו ביזט ניט קיין פילאָזאָף,
אַז דו ביזט אַ פּעליעטאָניסט אַ שלעכטער,
לאָז צורוה דעם פאָלקס־געלעכטער.

---

# III.

## ווי מען מאַכט אַ פּעליעטאָן.

ווערטהער קאָלעגע יואל!

דיין בריעף צו מיר פון ערב קריסטמאַס האָב איך מיט פריידע ער־האַלטען און מיט הארצוועיטאָג געלעזען.

דו שרייבסט מיר, אז דו ווילסט שרייבען אַן ארטיקעל אין די צייטונ־גען, נור דו קענסט ניט געפינען קיין טהעמא.

אָרימער פריינד יואל! איך פיהל מיט דיינע ליידען און איך אייל מיך דיר באלד צו בעאַנטוואָרטען:

בעסטער פריינד יואל!

זאָלסט וויסען זיין, אז א טהעמא זאָלסטו קיין מאָל גאָר ניט זוכען, ווייל אַלעס אין דער וועלט איז אַ טהעמא צו שרייבען, פון דעם גרויכען פייער־שפּייענדען בארג וועזוף ביז אין קלענסטען זאמד קערענדעל פון לעבען טייכעל אין אַניקסט; פון דעם גרעסטען עלעפאַנט פון סענטראל פּארק ביז'ן קלענכטען קאקערוטיש וואָס צאַפּעלט זיך איצט מיט די פיסלאך ארויף אויף מיין שרייב־טיש, פון אלעס קענכטו אָנשרייבען צעהנדליגע קאָלומס, אלעס איז אַ טהעמא; די הויפּט־אויפגאבע איז נור אין דעם ווי דיזע טהעמא צו בעהאַנדלען, וואָס איבער יעדער געגענשטאנד צו שרייבען.

דארום, פריינד יואל! וויל איך דיר גראָד אָנכאפּען אלס טהעמא אַט דעם קאקערוטש וואָס צאַפּעלט זיך איצט ביי מיר אויפ'ן טיש, און וועל דיר געבען אלע סטיילס אין וועלכע עס שרייבען אונזערע בעקאַנטע זשארגאָן שרייבער אין אמעריקא און דו זאָלסט דיר אויסקלייבען וועלכען סטייל עס געפעלט דיר אַם בעסטען און אין דעם סטייל קענסטו שרייבען איבער אַלעס אין דער וועלט. יעדע זאַך וועט דיר דאמאָלס קענען דיענען אַלס טהעמא.

אַלזאָ אונזער טהעמא איז:

דער צאַפּעלדיגער קאקערוטש.

און יעצט הער דיך צו, ווי יעדער וואָלט איהם בעשריבען:

נומער 1.

אין האָל פון די סטרייקענדע שניידער איז געווען זעהר היים און אויפ'ן סטריט איז געווען זעהר קאלט און ציטערענדיג בין איך אריין אין מיין צימער און האָב געזאָגט „גוטען אווענד“.

מיין אייניקעל איז געווען פערטיפט קוקענדיג אויף אַ צאַפּעלדיגען פּרייסעל אויפ'ן טיש, און נאָך צאַפּעלדיגער האָט ער מיר געענטפערט:

— גוט נאָווענד, זיידעניו, קוק זיך נור צו, זיידעניו, אויף דעם פּרייסעל, פאר וואָס צאַפּעלט זי זיך?

— ווייל זי קען ניט אויפשטעהן — האָב איך האַלב ברוגז געענטפערט.

— פאר וואָס קען זי ניט אויפשטעהן?

— ווייל זי קען זיך ניט איבערקעהרען.

— פאר וואָס קען זי ניט?

— ווייל זי האָט זיך ניט ביי וואָס אָנצוהאלטען.

— לאָז זי זיך צורוקען צום וואנד, וועט זי זיך קענען אָנהאלטען.

— דארויף האָט ער קיין שכל ניט.

— פאר וואָס האָט ער קיין שכל ניט?

— ווייל ער ליגט אין דער פינסטער.

— פאר וואָס?

— ווייל די שלעכטע מענשען לאָזען איהם ניט אין דער ליכטיגקייט.

— זיידעניו, איך וויל זיין אַ גוטער און איהם העלפען זיך איבער־קעהרען.

— זיי אַ גוטער, אבי צושלאָג מיר ניט מיינע געדאנקען.

— וואָס טראַכסטו דען?

— דאָס זעלבע וואָס דו איצטער.

— איבער'ן פּרייסעל?

— ניין, איבער די ארבייטער.

— זיי צאַפּלען זיך אויך?

— נאָך ערגער ווי די פּרייסלעך.

— זיי קענען אויך ניט אויפשטעהן?

— ווייל זיי האָבען אויך ניט קיין שכל.

— נו, זיידעניו, העלף דו זיי א ביסעל זיך א רוק טהאָן!

— דאָס וויל איך טאקע, נור שלאָג מיר ניט איבער מיינע געדאַנקען.

— אָלל רייט, זיידעניו. — — —

נומער 2.

אָה, דו חוצפּה'דיגע בעשעפענים, דו ביזט א פּשוט'ער יענקישער קאַקערוטש און האָסט ניט אפילו א פּיצענאָטקעלע מוזיקאלנעם געפיהל פון די הייליגע זיפצען פון א מילב אין סוספּענדערס, אָדער דעם יושר פון א פּופּיקעל פון א פלוי אויף א בייסיקעל וואָס רייט אויפ'ן מאַיעסטעטישען בוזעם פון א בראָדיוועקע אין כרובים לאַנד, וואו בייבי גיט דעם לעצטען קוש די לבנה, דאָרט וואו דער אונשטערבליכער דיכטער שעקספּיר מיט'ן בארג חורב ליגען איינגעפּרעגעלט אין א ים פון שפּייעכץ אין קאנאל סטריט און ניט דו, קאקערוטש, ניט דער באָסעל פון דעם פּליכעוואַטען בחור לעאָ ריכטיג דריי־צעהן ווייסען פון דעם סוד פון השארת הנפש ביז אין טירעל פון יענער זייט פינסטערען קבר. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נומער 3.

דריי מאָנאַט כסדר האָט דריפּעשאָק געקאָכט ווי א קעסעל מיט דעם גלגול פון יאכנע ציפּעס מאַן, לייבקע פּופּיק. יעצט קענט איהר זיך פאָרשטעלען, מיינע ליעבע אידען און אידענעס, ווי עס האָט געוואָרפען ניין יעהריגע קרחת מיט ביינישקע לאָקש און טודרישקע פּארפּעלצימעס, ווען זיי זיינען געזעסען נאָך האלבע נאכט אין א בעל עגלות קלייזעל.

די אוהר איז געווען ביי 12 אזייגער, א חלב'נער שטאציק האָט געצאנקט און דער פּרייסעל האָט זיך געצאפּעלט, סע איז ביי זיי ניט אנדערש געבליבען, דאָס דער פּרייסעל איז דער גלגול פון לייבקע פּופּיק, מיא האָט גוט גע־

וואוסט אין גאנץ דריפּעשאָק, דאָס לייבקע האָט זיך גע׳שמד׳ט און איז געװאָרען גענעראל און װען ער האָט זיך פערליעבט אין דעם גראף׳ס פלימעניצע, װאָס זי איז געװען אן אוהב ישראל און פלעגט שפּיעלען פּיאנאָ און רעדען פראנצױז װי װאסער, האָט ער זיך פאר עגמת נפש געשאָסען און האָט איבערגעלאָזען צװיי טױזענד מיליאָן רובעל אויף דריפּעשאָקער הקדש, װייל ער איז אָבער געשטאָרבען אָהן װידוי איז זיין נשמה מגולגל געװאָרען אין די פּרייבעל, לכן בלייבט אלזאָ פאר ביינישקען מיט טודרישקען קיין אנדער עצה ניט נור צו אנטלױפען קיין אמעריקא און פּעדלען מיט שוך לייסען....

נומער 4.

דער פּרייסעל האָט א ברױן קופּערנע פארבע. ער האָט א ברייטען רוקען מיט דינע פיסלאך. די צאָהל פון זיינע פיסלאך איז ביי 777. װארום האָט ער דוקא 777 פיסלאך, דאָס איז א פראגע װאָס מיר קענען ניט לעזען. דער גרױסער נאטור־פאָרשער לאָמפּאציוס האָט נאָך מיט 3,000 יאָהר פאר קריסטוס אונטערזוכט דעם קאקערוטש. ער האָט זיך בענוצט מיט׳ן גרעסטען מיקראָסקאָפּ פון דער נייער צייט. אלע פּראָפעסאָרען פון פּאריזער אקאדעמיע זיינען געװען דערביי. אלע האָבען איינגעשטימט, אז דער קאקערוטש פּלאָדעט זיך אם מייסטען אין ניו יאָרקער טענעמענט־הייזער. װאָס פאר אן איינפלוס דער קאקערוטש האָט אין דער פּאָליטיק פון אייראָפּא, קען נור די צייט אונז ענטדעקען. װער װייס? — — — — — — — — — — — — — —

נומער 5.

אָה, דו עזות פּנים׳דיגער קאקערוטש! װאָס פּלאגסטו אזוי מיין פּאָלק ישראל? נאָך װעניג איז פאר זיי אלע דעספּאָטען און טיראנען, דארפען זיי נאָך האָבען טאראקאנען? ניין! זאָגען מיר, עס איז שוין צייט זאָלסט אָבװאשען דיין שמוץ, זאָלסט זיך רייניגען פון דיין בלאָטע, זאָלסט אָבסקראָבען דיינע אונרייניגליכקייטען, כדי מיר זאָלען קענען פערציילען פאר אונזערע צוקינפטיגע דורות, אז די בערג האָבען ניט איינגעשטירצט, די הכנסת אורחים איז ניט איינגעפאלען, יאָסקע פּאנדרע איז ניט לעבעדיג געװאָרען און דער קאקערוטש איז געבליבען קאקערוטש און אידען זיינען געבליבען אידען.

נומער 6.

דער קאקערוטש איז כמעט דאָס זעלביגע, װאָס אייערע באָסעס, איהר פּראָצעװעט און האָרעװעט, איהר פערגיסט טייכען בלוט און שװייס איידער

איהר דערלעבט צו מאכען א קוגעל, ויבוא המן, דאָ קומט דער קאקערוטש און עסט אויף סאָווערשענא דעם גאַנצען קוגעל, אָבער מכח דעם ענין וועלען מיר שמועסען אביסינקע שפּעטער, ווארום לעת עתה האָבען מיר רעשיטעלנאָ קיין פּלאַץ ניט פאר'ן וויסענשאפּטליכען סאָציאליזמוס, ווייל מיר דארפען אָבגעבען א ברוך הבא דעם גרויסען ארבייטער יו"ט עלעקשען דיי פון וועלכען עס איז שייך אונזער גאַנצע גאולה. — — — — — — — — — — — — — — — —

נומער 7.

זי איז געווען א ברונעטקע, קליין געוואקסען און זעהר א לעבעדיגער טעמפּעראמענט, אָבער טראָץ איהר ריינליכקייט איז זי געווען א ביסעל אנטיפּאַטיש.

אין יוראָפּ האָב איך זיך מיט איהר ווענינ געקענט, אָבער ווען איך בין געקומען קיין אמעריקא, האָב איך זי דאָס ערשטען מאָל דערזעהן דורך זעהר אַן איבעראשענדען צופאַל.

עס איז געווען 12 אזייגער ביי נאכט, איך בין שוין געלעגען אויף מיין געלעגער און האָב געטראַכט פון ליעבע. איך האָב געפיהלט, אַז סע ברענט מיר מיין הערץ פון דורשט. איך האָב מיר שנעל אויפגעהויבען און בין געגאַנגען צום סינק לעשען מיין דורשט.

עס איז געווען זעהר א פינסטערע נאַכט, איך האָב אָנגעריבען אַ מעטש און ווי איבערראַשט בין איך געבליבען שטעהן, ווען איך האָב זי דערזעהן! איך זי שטעהט און טרינקט, אויך אין איהר ברענט דער ליעבעס־דורשט! איך האָב מיך באַלד א וואָרף געטהאָן צו איהר אום זי נעהנטער אין די אויגען צו קוקען, אָבער שנעל, ווי אַ בליץ איז זי פון מיר פערשוואונדען געוואָרען.

אָבער איהר בילד איז געבליבען אויסגעקריצט אין מיין געדעכטנים אויף לאַנגע, לאַנגע צייטען. אַ מאָל פלעג איך זי פערגלייכען צו די באָבעס, וואָס ברענגען קיין נוצען ניט און לעבען אויף יענעמס רעכנונג; אַ מאָל צו די ארבייטער, וואָס אַנטלויפען ביי דעם קלענסטען שיין פון דער ליכט; אַ מאָל צו די רעווערענדס, וואָס ליגען אין די שמוציגע קאַראָבקע לעבער און ווילען גאָר ניט וויסען, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך, אַ מאָל...

אָבער גענוג, ווען מיין ליעבע איז אפילו צו איהר ניט אזוי גרויס גע־

ווען, אָבער יעצט, ווען זי ליגט מיט די פיסלאך ארויף און צאַפּעלט זיך, האָב איך מיט איהר מיטלייד.

ארמער קאקערוטש נעבעך!

---

און יעצט, מיין ליעבער יואל, קלייב דיר אוים וועלכע סטייל עס געפעהלט דיר בעסער.

---

# IV.

## קאַפע-ליטעראַטען

א קעניג קרענט מען, אויף א פרעזידענט שטימט מען, א גבאי קלפה'ט מען, א שמש נעהמט מען אויף, א קעכין נעהמט מען צו, א סאָלדאַט גיט מען אָפּ... ווי ווערט אָבער א קריטיקער? דאָס ווייס קיינער ניט.

מען קרוינט איהם ניט, מען נעהמט איהם ניט צו, מען גיט איהם ניט אָב און דאָך ווערט ער, ער איז דאָ, דער קריטיקער, ווי־זשע פאָרט ווערט ער?

און אידען פאַלט גאָר ניט איין אזעלכע פראגען, מיר דארפען ניט פרעגען, ווי איז די גאנצע וועלט געוואָרען, מיר פרעגען אויך ניט, ווי קריטיקער זיינען געוואָרען, מיר זיינען אידען.

אָבער ווייל איך בין אויך א איד, האָב איך א טבע צו ענטפערען אויף זאכען, וואָס מען פרעגט מיך גאָר ניט.

ווייסט איהר פון וואנען עס נעהמען זיך אין ניו יאָרק קריטיקער? איינפאך פון דעם שמוץ, וואָס בלייבט איבער אין גלעזער און אין טעלער אין די קאַפע־הייזער, אין רעסטאָראַנטס, וואו ליטעראַטען, שוישפּיעלער און מוזיקער עסען און טרינקען.

איהר האָט געוויס געמיינט, אז אין דיזען אבזאץ, אָדער פּעטס, געפינט מען נור פליגען, ווערים און שמאַטעס, ניין, דאָרט געפינט מען קריטיקער אויך.

איך זעה, איהר ווילט מיר שוין פרעגען: „יא, מען געפינט זיי דאָרט, אָבער ווי אזוי ווערען זיי? ערקלער אונז וויסענשאַפטליך! בראָט מען זיי

אַב? זאָלצט מען זיי איין, זייערט מען זיי, פּרעגעלט מען זיי, מאַרענירט מען זיי איין?"

ניין, ניין, קיינעס פון דעם אַלעם, עס איז אַ פיעל לייכטערע אַרבייט: דאָס רעצעפּט איז גאַנץ איינפאַך, איך קען עס אייך אויסלערנען, הערט נור מיט קאָפּ און פערשרייבט עס אין אייער נאָטיץ־ביכעל:

מען נעהמט עטליכע גראָבע יונגען, וואָס קענען קיין עברי ניט, אויב עס איז נור אָהן קמץ'ן, אין אַ צייטונג געוויס ניט. זיי דאַרפען נור קענען עטליכע רוסישע ווערטער, רומעניש אָדער אונגאַריש, מען בינדעט זיי צוזאַמען מיט אַ כשר'ען פאָדעם פון פּאַטריאָטיזמוס, סאָציאַליזמוס, נאַציאָנאַליזמוס צוזאַמענגעדרעהט, און מען זאָגט בלחש. שור בן חמור פּצ־פּצ־יאַל, קשמטיאל 7 מאָל, און נאָך האַלבע נאַכט, ווען דער האָהן קרעהט, שלעפּט מען זיי אַריין אין אַ איסט־סייד קאַפּע הויז, מען זעצט זיי אַנידער אין געהאַקטע וואונדען לעבען אַ דאָמינאָ, אָדער קאָרטען, דערנאָך איז מען טובל זייערע נשמות אין אַ גלעזעל־טהעע, און אַזוי ווי עס כאַפּט זיי נור דער ערשטער דרעמעל, אַזוי וועסטו דערזעהען דאָס גרויסע וואונדער פון בלעם'ס עזעל, אַז די גראָבע יונגען עפענען זייערע מיילער, און קוים דערזעהען זיי נור אַ ליטעראַט, אַ שוישפּיעלער, אָדער אַ מוזיקער, הויבען זיי אָן צו רעדען, ווי ציגיינערקעס איבער חכמות היד, ווי חסידישע רבי'ס איבער'ן קץ (ווען משיח וועט קומען) און ווי חסידים איבער פּאָליטיק, ווי ניו יאָרקער ערצטע איבער מעריצין און דאָ האָט איהר פערטיגע אָבגעבראָטענע ליטעראַטור־קריטיקער, אָבגעפּרעגעלטע מוזיק־קריטיקער און איינגעמאַרינירטע טהעאַטער קריטיקער.

ווען דו, מיין ליעבער לעזער, האָסט חשק צו ווערען אַ קריטיקער, זאָ לייה ביי דיין קאָזען אַ ניקעל און ווען דיין קאָזען האָט אויך ניט, זאָ קענסטו אין יענע קאַפּע הייזער ווערען אַ ווייטער אָדער סתם אַ פּאָרזיצענדער פון אַ טרעמפּ סאָסייעטי און ביים ערשטען זופּ טהעע אָדער ביי דעם ערשטען אויסגעשנאָרטען סיגאַרעטעל, וואָס דו בעקומסט אין דעם קאַפּע־הויז, וואו ליטעראַטען, שוישפּיעלער און מוזיקער פערברענגען, ווערסטו שוין אַ קריטיקער.

אַי ווי אַזוי דו ביסט עס געוואָרען? וועט ביי דיר נאָך אַ גרעסערער וואונדער זיין, ווי דער וואונדער, וואו נעהמען זיך פּלעה צו די חסידים אין די זאָקען אָדער וואַנצען אין אַ ניו יאָרקער טענעמענט־הויז.

און די קריטיקער, ניט נור זיי קריטיזירען, זאָנדערען זיי ציטירען, דע־

קלאמירען, פראָטעגעם יגן, פילאָזאָפירען, ניט ווי געוועהנליכע מענשען, זאָג־
דערען אין א הויך פ, וטישע שפּראַך.

טרעט מען, צום בייּשפּיעל, זאָ איינעם קריטיקער אָן אויף זיין היהנער־
אויג, רופט ער באַלד אויס:

„דו האָסט מיט דיין ציניישען פוס צוגעדריקט מיין עסטהעטישען היה־
נער־אויג און מיין גאנצען דראַמאַטישען געשמאַק פערדאָרבען.“

צוקוועטשט מען זאָ איינעם קריטיקער זיין הוט, זאָ דעקלאַמירט ער מיט
פאַטהאָס:

„דו ביזט איין איינפּאכער בעלעטריסט! דו האָסט מיט דיין הומאָ־
ניסטישען געזעס צוזאַמען געשרענקט מיין פּאָעטישען הויפּט־ארטיקעל און
עס איז דערפון געוואָרען איינע דראַסטישע סאַטירע.“

הײנט װען איהר הערט דיזע קריטיקער אורטהײלען איבער קונסט און
ליטעראַטור צווישען זיך, מוזט איהר געבען א שבח צו גאָט, זועהנדיג, אז עס
איז מקוים געוואָרען דער פּסוק: אָז ירננו כל עצי יער!

איינער זאָגט: „נו, מייק, ווי געפעהלט דיר דער לייט־ארטיקעל פון
דער נייער דריידעל־צייטונג? גרויסאַרטיג, זאָג איך דיר, עס קלינגט, עס
גלימצערט, עס צוגעהט אין יעדען אבר, נור איין פעהלער האָט דער ארטי־
קעל, וואָס דער שרייבער געהט א גאַנצע וואָך אין איין קאַלער, און ער האָט
שוין דאָס אנדערע ווייב.

„אָבער ווי געפעהלט דיר דאָס ליעדעל?“

„א קליינינגקייט דאָס ליעדעל! עס פליהט, עס שפּרינגט, פייגעלעך,
בלעטעלעך, א בית־עולם, א קבר, א מאַיעסטעטישער שלוקערין, א צובער מיט
טרערען.... נור צוויי הסרונות האָט דאָס געדיכט: ערשטענס, איז דער שריי־
בער א קבצן און, צווייטענס, האָב איך דאָס געדיכט נאָך ניט געלעזען.“

„און דער הומאָריסטישער ארטיקעל?“

„פי, פי, פי! איך בין שיער געבליבען אָהן זייטען לאַכענדיג, א קליי־
ניגקייט סאַטירא, וויץ, הומאָר, נור דאָך האָט עס פעהלערען, ערשטענס, וואָס
עס איז אָהן גראַמען, צווייטענס, איז דאָרט גאָר גיטאָ פון שניידער־פּאַך,
און, דריטענס, פעלט דאָרט עפּעס, עס זאָל זיין „ניט שייך“.

„האָסטו געזעהען דאָס נעכטיגע נייע שטיק אין טהעאַטער?“

„ער פרעגט נאָך! איך בין פּשוט ענטציקט געוועזן, נבוכדנצר פליהט

אויף א העכט אין די וואָלקען און אונטען שווימט פּוטיפרע אויף א בן פּקוע און ויזתא גיט א שטאָך מיט א מילכיגען לעפעל פּאָמפּאדורען אין דער ברוסט אריין, און דער קאָר פּאַלט באַלד אריין מיט א קאַמארישקע פון וואגנער, דאָס איז א בריליאנט, סאלמאנדרא איז אין זיין ראָלע א קינסטלער, ווי ער האָט זיך געמאָרדעוועט, ווי ער האָט געשריען ווי איך בין א איד, אז איך אליין האָב געמיינט עס איז אמת. גור די אידישע עקטערס, זיי פערשטעהען עפּעס פון קונסט, ווי פּאָסארט, פּאַטי אָדער וואבטעל? זאָל איך קרענקען! דאָ צושלאָגען זיי זיך מיט די ווייבער, דאָ לויפען זיי פון איין טהעאטער אין אַנ־דערען, עה א רחמנות אויף די ארמע קונסט!

„וואָס הארט מיך די קונסט, איך מיין אָבער די מוזיק?“

„נון זעהסטו די מוזיק, איז מיר דוקא געפעלען, די מוזיק איז היימיש, נור דו מיינסט עס איז זייערע, זאָל איך שטארבען, עס הויבט זיך גאָר ניט אָן, עס איז דזשייק דעם סאלון־קיפּערס.“

„דזשייק׳ם? ווי קומט ער צו זיין מוזיקאליש?“

„ער איז געווען אין ווארשוי, האָט ער געהערט ווי דער ציגיינער באַראָן האָט עס געזונגען אין דעם בעריהמטען שטיק „אנטאָקאָלסקי“ אין קייזערלי־כען אָפּערא הויז, האָט ער עס געכאפּט און אויפגעשריעבען, וואָס, דו מיינסט עס איז א קונץ אבי מען האָט די נאָטען, גיט מען א כאפּ די הויכע צע, ווי שרה בערנהארד, און קוים איבער דער גרענעץ, קען מען איהם שוין גאָר ניט טהאָן.“

אָה, דו הייליגער ציגיינער באַראָן! ווי פערדאנקען מיר דיר דעם גרויסען פּראָגרעס פון אונזערע ליעבע ניו יאָרקער קאפּ־קריטיקער, העססטער סטריט קינסטלער, איך בין איבערצייגט, אז נאָך אין 19־טען יאהרהונדערט וועט ניט בלייבען איין ביגלער און איין פינישערין, וואָס וועט ניט ווערען א קריטי־קער, גלייך מיט יעזוס קריסטוס און גלייך מיט אלע דאָנסקי קאָזאקען.

---

## V.

### די קהל׳שע סטופּע.

רבותי, אָדער רעביאטא — איך האָב גרויסע צרות פון מיין סטופּע, מעלט איך, איך האָב גענוג צרות פון מיין באָרד אויך, אָבער דאָס איז דאָך

שוין צרות רבים פון אַלע גרינע, וואָס נעהמען מיט זיך נאָך אַמעריקא זייערע בערד, אָבער איך בין אויף גרעסערע צרות פון אַלע גרינע, ווייל אַ חוץ מיין באָרד האָט זיך מיר נאָך געלוסט מיטצושלעפּען מיט מיר פון יוראָפּ מיין סטופּע מיט׳ן טוקאַץ.

וואָס האָב איך געזאָלט וויסען, אַז אין אַמעריקא ניצט מען ניט קיין סטופּעס?

חלעבען, איך האָב געשלעפּט אַ באַגאַזש פון אַ טויזענד פּוד; 114 פונט פעדערען, פיער בענש־לייכטער מיט אַ הייגגלייכטער, אַ פּעלץ מיט אַ פּאָר וואַליקעס, אַ סדילקאָווער סליחה, אַ סלאַוויטער מחזור מיט אַ וואַטאָווען לייבעל, 3 אינגלעך צו גאָט, 4 מיידלעך צו לייטען, מיט מיין אשה רע מר ממות זאָל לעבען און אַ צובראָכענעם סאַמאָוואַר מיט נאָך בעלי־בתי׳שע קליינינקייטען און דערצו נאָך די סטופּע מיט׳ן טוקאַץ.

נור לעצטען פאַלס, אַז מען זאָל שוין אין אַמעריקא ניט ניצען קיין סטופּע, ווי האָט מיר געקאָנט איינפאַלען, אַז מען וועט מיך גאָר אין קיין אידישע שטוב ניט אריינלאָזען מיט מיין סטופּע?

איך האָב געדונגען אַ דירה און האָב בעצאָהלט דירה־געלד, דאָס הייסט, איך האָב גערענטעט רומקעס און בעצאָהלט רענט, און אַז עס איז געקומען צו אריינציהען זיך, שטוי! — „וואו שלעפּט איהר די קלאָץ?“ האָט געפרעגט דער בעל הבית, איך מיין דער באָס.

— וואָסמיר אַ קלאָץ? דאָס איז דאָך מיין סטופּע, וואָס איך שטויס גאָנגעלעך צו פערדרוקען אין טשאָלענט —

— וואָס מיר טשאָלענט, וואָס מיר גאָנגעלעך, וואָס מיר סטופּע? איך פערשטעה ניט קיין מאָנקי ביזנעס, איך לאָז ניט קיין קלעצער אין מיין הויז, איהר וועט מיר צוברעכען די הויז — האָט געזאָגט דער באָס און האָט מיך ניט ארויפגעלאָזט מיט מיין סטופּע.

— אַ ביטערער עסק — טראַכט איך מיך — די סטופּע קאָסט מיך מעהר ווי 5 גולדען, פאַר׳ן פאָהרען ערשט צוגעקויפט אַ נייעם טוקאַץ און געשלעפּט אַזאַ מהלך רב און איצט האָבטו דיר, לאָזט מען מיר אין מיין דירה ניט אריין מיט מיין סטופּע. —

טענה אהין, טענה אהער, אַז ער לאָזט ניט, לאָזט ער ניט. איך וועל מיך דאָך ניט געהן שלאָגען אין אַ פרעמדע לאַנד און איך האָב מיך מישב געווען,

איך וועל מיין סטופּע פּערקויפען, טהייערער, ביליגער, אבי אראָפּ פון מארק.

אָבער, אה, צרות מיינע, איך טראָג מיך אום מיט מיין סטופּע שוין עט־ליכע וואָכען און אין קונה.

דער ערשטער, וועמען איך האָב אָנגעבאָטען מיין סטופּע, איז געווען א פּאָליציייסקע, איך האָב געזעהען, ער טראָגט גראדע א טוקאַץ ווי מיינעם, האָב איך גערעכענט, אז ער זוכט געוויס א סטופּע.

— הערסטו, פּריץ, קענסט ניט קויפען מיין סטופּע? ביליג, ווי איך בין א איד. —

ער האָט א לאַך געטהאָן און האָט מיר געענטפערט:

— שוטה, א טוקאַץ, זעהסטו, האָב איך דאָך, און אלס סטופּע קען איך יוזען יעדען גרינעם, איך שטויס, וויפיעל מיין הארץ געלוסט, וואָס דארף איך דיין קלאָץ? —

— ער איז א ביסעל גערעכט — טראכט איך מיך און טראָג ווייטער מיין סטופּע.

אָבער באלד האָב איך דערזעהען א קראָם, וואָס אויבען איז אויסגע־מאָלט א שטויסעל מיט א טוקאַץ, דאָ האָב איך געטראַכט, איז געוויס א סטופּע־געשעפט און האָב דאָרט אריינגעטראָגען מיין סטופּע.

— סיי מיסטער, וואו שלעפּט איהר דעם קלאָץ? — האָט מיר דער בעל־הבית נעפרעגט.

— עס איז ניט קיין קלאָץ, מיין ליעבער ר' איד, דאָס איז א סטופּע מיט א שפּאָגעל נייעם טוקאטש, איך פערקויף עס גאַנץ ביליג.

— זייט איהר פערריקט, וואָס דארף איך אייער סטופּע? —

— איך ווייס? — איך האָב געזעהן אויף אייער טהיר א שטויסעל, מן הסתם שטויסט מען דאָך ביי אייך, דארפט איהר דאָך א סטופּע.

— געהט געזונטערהייד, ר' קרוב, און — ער האָט מיט גוטען מיך ארויסגעשטופּט פון קראָם, — ביי אונז רייבט מען און מען מישט נאָר, מיר קויפען שוין געשטויסענע.

דאָ בין איך געפאַלען אויף א שכל, איך זעה אז אין אַמעריקא איז דער עולם קנאַפּע אידען, זיי דארפען גאָר ניט קיין סטופּע, אָבער דער רב זאָל לעבען, ער איז דאָך נעוויס איין עהרליכער איד, ער היט דאָך אָפּ אלע אידען

פון אַ סורכאַ, מוז ער דאָך געווים זיי פערזאָרגען מיט נאָגגעלעך אויך, און האָב איהם גלייך אריינגעטראָגען די סטופּע.

— עפּעס אַ שאלה? — האָט מיך דער רב געפרעגט.

— יאַ, רבי, אַ שאלה, איך וויל אייך פרעגען, צו וועט איהר ביי מיר ניט קויפען מיין סטופּע?

— אַ סטופּע! ליעבער איד, צו וואָס קען מיר נוצען אַ סטופּע? דאָ אין אַמעריקאַ שטויכט מען ניט קיין גאָגעלעך, און מען דאַרף ניט קיין סטופּעס, איהר האָט עס געבאַך אומזיסט געשלעפּט פון יוראָפּ.

— וואָס זשע זאָל איך טהון דערמיט? איהר זיינט דאָך עפּעס אַ תלמיד חכם, גיט מיר אַן עצה.

— איין עצה? הא? שאַ! — האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטהאָן אין שטערען — איך האָב שוין, דאָ נוצט מען סטופּעס אין די רעדאקציעס פון די צייטונגען, דאָרט שטויסט מען אפילו ניט קיין גאָגעלעך, אָבער מען שטויכט דאָרט לעבעדיגע מענשען, מען שטויסט, מען נעצט, מען רייבט די זייטען, אוי, ליעבער, איד, אַט קוקט מיך אַליין אָן, איך בין אויך פון די צייטונגס־סטופּעס, פון די קהל'שע סטופּעס צוריבען און צושטויסען אויף שטיקלעך, נאָר דאָרט קענט איהר זי פערקויפען.

איך האָב געפאָלגט דעם רב זאָל לעבען און בין געלאָפען צו אַ רעדאקציע מיט מיין סטופּע, און זיי האָבען גאָר אָהן טענות מיר ערלויבט אין זייער רעדאַקציע מיין סטופּע אנידער צו שטעלען און זיי זיינען נאָך אַזעלכע גוטע מענשען, אַז זיי האָבען מיר אַליין אָבגעגעבען דעם דזשאָב צו שטויסען.

איך ווינש אַלזאָ דיעזער צייטונג מזל, ברכה און לאַנגע יאָהר, זי זאָל איבערלעבען אַלע יונגע און אַלטע צייטונגען און זיך עלטערען אין נחת און כבוד און זאָלען מיך לאָזען שטעהן מיט'ן דזשאָב ביי מיין סטופּע.

און דעם עולם בין איך מודיע, אַז איך האָב מיין סטופּע אַוועקגעשענקט דעם קהל, און יעדער, ווער עס וועט זיך ווינשען דאָס פערגניגען צו ווערען געשטויסען, געריסען און געריבען, קען פרעגען אויף די לעצטע פּיידזש פון דער „היידעל־צייטונג“, וועלכע ערשיינט אין דער „רוסישער שפּראַכע“. — — —

# VI.

## די קאַלאַבורדע.

אַ גליק וואָס מיין יענטע איז ניט געווען דערביי, ווי פאַריגע וואָך האָט זיך דער גאַנצער זאַץ פון מיין „געגענוואַרט" צושאָטען, דען זי וואָלט באַלד געזאָגט, אַז איך שלים־מזל האָב עס אומיסטנע געטהאָן אום צו האָבען שטאָף פאַר אַ פעליטען; איך ווייס אבער דעם אמת, אַז דאָס האָט געטהאָן דער אומגעלומפּערטער עקספּרעס־מאַן, וואָס האָט זיך צום זאַץ געגומען ווי צו אַ ראַמאַנען־העפט. גענוג, איך האָב געהאַט אַ 25 דאָלאַר שאַדען און מיינע לעזער האָבען די צייטונג צו שפּעט בעקומען.

אבער וויפיעל איך האָב ביי די לעזער פערלאָרען, אַזוי פיעל האָב איך געוואונען מיט דעם מאַטעריאַל פון דיזען פעליטאָן.

פונקט פרייטאַג פאַרנאַכט איז דאָס געווען, ווי מען האָט געדאַרפט נעהמען דעם זאַץ אין דער פּרעס, פּלוצים, טראַסק! עס ליעגט אַ קופּע בלייענע טשוועקעס (די אותיות) ווי די הרוגים אין אַ מלחמה איינער אויף די אַנדערע. רייס די האָאַר, ברעך די הענד, עס איז פערפאַלען!

אבער עס מוז זיין אַ „געגענוואַרט" אויף שבת. שבת אַ איד אָהן אַ צייטונג, איז איהם ערגער ווי אָהן אַ קוגעל און דאָ איז שוין באַלד ליכט־מענשען, און כאָטש טהו זיך אָן אַ מעשה. טראַכט אהין, טראַכט אהער, קראַץ דיך אין דער פּאָטילניצע דרייצעהן מאָל, נאָך אַ זיפץ, וויעדער אַ קרעכץ און ווייטער אַ קוק אויף די לעדיגע פאָרמע און אויף דער קופּע בלייענע מתים, און פאַר פערדרוס כאָטש צוביים דעם אייגענעם טאַטען.

אבער ווי זאָגט דער פּרק: „אל תתיאש מן הפורעניות", דאָס הייסט, וואו די נויט איז אַם העכסטען איז די הילף אַם נעכסטען, ד. ה., אבי יאָהרען, אין צרות וועסטו ניט זשערנע זיין, און טראַסק! מיין יואל איז דאָ.

— נו, וואָס שטעהסטו, שלים־מזל?

— נו, שטעה ניט; לעג דיך וועט בעסער זיין?

— אָבער די צייטונג אויף שבת?

— שבת אהין צייטונג אהער אַז די צייט איז איהר אויסגעגאַנגען פאַר שבת.

— ווער זאָגט עס? אין אַ פּאָאַר שטונדען קענסטו זי האָבען געדרוקט.

— יואל, ביזטו פערריקט, דו זעהסט ניט דעם פגר, ווילסטו אפשר מאכען לעבעדיג די עצמות היבשות ווי רעוו. מאסליאנסקי.

— אָבער וואָס פּלוידערסטו, זעהסט ניט אַז די ארטיקלען זיינען געבלי־בען גאַנץ, נאָר די פערלאַנגטס, בעריכטען און די אדווערטייזמענטס זיינען צושאָטען!

— הערסט, נאָר די פערלאַנגטס און די אדווערטייזמענטס! דאָס איז דאָך די סמעטענע פון אַ צייטונג, די אדווערטייזמענטס איז דאָך די נשמה מיט'ן גוף און די ארטיקלען בלויז אַ זינדיגער לבוש, די אדווערטייז....

—געגנוג דוד'ל מיט דיינע צייטונגס פילאָזאָפיע און נעהם דיך צו דער ארבייט, זעץ צוזאַמען, שלים צוזאַמען ווי דו קענסט אין דרוק.

— און ווי וועט עס אויסזעהן?

— דאָס וועסטו זעהן דערנאָך.

און איצט איז שוין „דערנאָך" און אזא יאָהר אויף מיין יואל, ווי עס לעזט זיך, טויזענד מאָל ערגער, ווי אָז קוצין בן קוציז.

שמע קולנו!

די גרעסטע פירמאַ אין דער וועלט קאָהן, ליווי יזראעל ענד קאָמפּאַני זוכען אַ פּאַרטנער מיט אַ פּאָאר טויזענד דאָלאַר, ארויסצוגעבען אַ זשארגאָן וואָכען־בלאַט מיט אַ פרייע פּלאַטפאָרם פון בלאָפס, ציוויליזיציאָן און אידישקייט, נאָכצופרעגען ביים כינעזישען רב, וועלכער איז צוגלייך אַ בעריהמטער מטיף ודרשן און 7 יאָהר אין איין פלאַץ פינישער ביי פּענטס און ניע־פּענטס און אלע כאָרטען סמוק ביף, לעבער וואורשט, געפּיקעלטע פלייש ביים יארד, אין האָלסייל און ריטייל, ביליגער ווי איבעראל, און ווער עס וועט אָפּבערענגען דאָס הינטעל קריגט אַ פּרעזענט אַ גוטע באָטעל יין צמוקים פון ארץ ישראל און 18 טויזענד נפשות אלמנות, יתומים אין מיין ניי ערעפענטער בוטשער סטאָר 1333 ביינברידזש סטריט בהכשר הר' דחברה גיד הנשה ואגודת הקהלות, 1 פונט קלאָב פלייש 15 סענט, 4 פונט דזשולערי פלייש 15 סענט, 4 פונט דזשולערי, וואטשעס און מעריט רינגס געפּאַסט מיט דיימאָנדס און עקסטרא צוויי שעהנע גערינַטס מעור אחד און ווי העמודים אין לעמפּלעך, מעשענע לייכטער, זשארגאָנישע ראָמאַנען און ר' מאיר בעל הנס פושקעס פון כולל אמעריקא, די פערטרעטער פון אַן אייגענער פּארם מיט 30 געזונדע מעלקעדיגע קיה יעדען טאָג פריש געשלאָגענע איינגענע געזאָלצענע פיקעלס, טאָמייטעס

אימפּאָרטירטע און דאָמעסטיק שנאָרערס, רעוורענדס, גבאים און די גאַנצע סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי וועלכע וואס איין אַנבעטראַכט פון דער גרויסער שפּאַלטונג און די קאָרופּטע האנדלונג פון דער קליקע, יאכען פּלאַסטער ווערים־קרויט, סאָרע מאַשין, לויז זאַלב, און אַלע סאָרטען קאַסטאָר אויל, קעש און קרעדיט און עקסטשענדזש פון יוראָפּ און נאָך אַלע עקען פון דער וועלט. אָרעם און רייך ווערען בעגראָבען גאַנץ אומזיסט נאָר פּאָר תכריכים ווערט בערעכענט אין 5 דאָלאַר וועכענטליכע אָבצאָהלונגען און פון 8 ביז 4 וועט איין פול אָרקעסטער מוזיק שפּיעלען דעם גרענד מארטש פון טויזענדער אומגליק־ליכע פאַמיליען וועלכע ליידען קעלט און הונגער אין דיזען שרעקליכען קריזיס וועלכער איז דער איינציגער פעהיגסטער, עהרליכער פּאָליטישען פון דער קאמפּיין רעפּובליקען פּאַרטי און יעדער דענקענדער יהודי דאַרף שטימען נור פּאָר דער גרעסטער אויסוואהל פון ליידים און טשילדרען קאָף הוסט, דיפּטעריע און ברוסט קאַטארען און אַלע איבעריגע סאָרטען קראַנקהייטען, וועלכע פּראָ־מינענטע רעדנער וועלען אייך ערקלעהרען ביי דער גרויסער מאַסמיטינג אין דער ערד געפינט איהר אויך גאָלד, זילבער און אַלע סאָרטען אמת, יושר, רחמנות פון אידישע מיילער און גוי׳אישע הענד צו ווייסטס און ליידיעס ווייסטס 25 סענט א דאָזען פּער הונדערט מיט 33 סענט ביליגער מיט אָדער אָהן געז פּלאָמבירען מיט מארמאָרנע מצבות, שטאַטוען, דענקמע־לער און אַלע סאָרטען קאָך אייער און באַק אייער אייגענע געמאַנופעקטשורטע פערזעהן מיט דעם לייבעל פון דעם יברכך וישמרך פון דאָקטאָר, רעוורענד ראבינער, מוהל עופות ושוחט מומחה פון דער דייטשער יהודישער קאָנגרע־גיישאָן און אַלע סאָרטען צינקס, וואָטער קלאָזעטס, וואסער לייטונג, געז־פיטינג א ספּעסיאַליטי, שרייבט נור א פּאָסטעל קארד און איהר בעקומט: בראַטען, זופּען פּאָר־שפּייז און נאָך־שפּייז מיט אייגענע און פרעמדע האָאר אויף די נייעסטע פאַריזער סטיילס, געקוילעט און צוגעשלאָגען צו יעדער טהיר און אָבגעריסען נאָר פון די תפארת ירושלים וועלכע ווילען מאכען א גרינג לעבען קענען פערדיענען 50 דאָלאַר א וואָך און גאָר ניט טהאָן נאָר צו זויגען 4 מאָל אין טאָג איין געזונדען עקספּרעס מאַן צו 4 פערד און איין יונגער חזן אָהנע פאַמיליע, וועלכער זאָל פערשטעהען צו איבערזעצען נייאיגקייטען און אָנצושרייבען א לייט־אַרטיקעל פון עבטען קאַלב־לעדער מיט הילס 15 סענט

אָהן באָרד און אָהן וועש מיט אַ סעפּערעט אריינגאַנג. האַכאַכטונגספאָל דאָס קאָמיטע.

— נו, וואָס זאָגסטו, יואל?

---

# VII.

## דער קוגעל.

אַי בעט יו פּייוו ניקעלס
מיט אַ באַרעל זויערע פּיקעלס,
אַז איך וועל אייך מאַכען אַ קוגעל אַ פעטען,
ווי עס ליעבען די פּאָעטען.
אַ גראַס, אַ שמיק, אַ וויטצעל, אַ פּראַזעל,
ווי עס פּאַסט פאַר'ן הינקעדיגען שלימזל.

ליידיעס ענד דזשענטעלמען! ווען צלפחד האָט געוואָלט שפּאַלטען דעם ירדן און האָט אויפגעהויבען די רעכטע פּאַטילניצע צו צפון זייט, האָט ער פערלאָרען איין פּאַנטאָפעל אין מופים והופים און זיין יארמעלקע אויף דעם בארג ארדט, דאָ האָט זיך באַלד בעוויזען פּוטיפּרע אין עמוד ענן און האָט צוגעקוועטשט בלק'ן צו דער וואַנט, איז אַרויסגעשפּרונגען דער עגל און עס איז פון איהם געוואָרען אַ קוגעל זאָלץ פון איין עק וועלט ביז אויפ'ן היינטיגען טאָג, דארום מוז יעדער איד אַלע מיטוואָך לעזען אַ קוגעל, אָבער עקסקיוז מי! איהר זאָלט ניט מיינען, אַז דאָס איז נאָר מדרבנן, ניין, איך זאָג אייך בעשיינפּערליך, אַז אַ צייטונג אָהן אַ קוגעל איז נאָך ערגער ווי אַ קוגעל אָהן אַ צייטונג. דיזע פּראַקטיקע האָב איך געמאַכט ביי מיינע דריי־צעהן גאָטזעליגע צייטונגען עליו השלום און ביי מיינע 18 צייטונגען, וואָס איך האַלט אין ארויסגעבען דיזע וואָך צו לענגערע יאָהר.

איך מוז אַרויסגעבען אַ צייטונג, ווייל איך אָהן אַ צייטונג בין ווי אַ קוגעל אָהן שמאַלץ און מיינע צייטונגען וואָלטען נאָך יענע וואָך פּאַרטיג געווען, נאָר איך ראַנגעל מיך נאָך מיט די נעמען, ווייל ביי מיר שלימזל איז פּארקעהרט, ווי ביי אַלע אידען. ביי אַלע אידען, אַז זייערע עלטערען און

די משפּחה לעבען, איז איהם שווער אַ נאָמען צו געפינען, און מיין משפּחה־ציימונגען זיינען אַלע טויט און דאָך געפין איך קיין נאָמען פאַר מיין צייטונג, איף יו ניו ? ווייל איך בין אַ ליטעראַט און איך ווייס, אַז די בעסטע ליטעראַטור איז ביזנעס, דאַרום האָט מיין צייטונג איין פּרינציפּ, ניט סאָציאַליסטיש, ניט פּאַלעסטיניש, ניט פּאָליטיש, ניט פּאַרטייאיש, נאָר פּיור קוגעל. נון, גיב איהם אַ נאָמען „דער קוגעל“, איז דוקא דער נאָמען פּאַטענטירט; „אידישער שטאָרך“ גראַמט זיך עפּעס ניט אַ פויגעל מיט אידישקייט; „דער געפליגעלטער פּפיערנאָטער“ איז דאָס אויך אַ ביסעל צו פויגעלדיג; „די אידישע פלעדערמויז“ איז ווייטער עפּעס האַלב פויגעלדיג; „דער פּאָלקס היהנער־פּלעט“ וואָלט שוין געווען אַ האַלבע צרה, מאַכט מיר דאָס וואָרט „פּאָלק“ קראַנק, און כאָטש ווער צופּרעגעלט האָב איך קיין נאָמען.

מיין יואל, זאָל לעבען, האָט מיר אפילו איין עצה געגעבען, איך זאָל אויסשטעלען אַלע נעמען פון אידישע צייטונגען און פון זיי אויסקלייבען איין נאָמען. איך האָב איהם געפאָלגט און האָב דאָס געטהאָן, ווי איהר זעהט אָט דאָ. אַרבייטער, אידען, פאָלק, צייטונג, גאַזעטען, בלאַט, זשורנאַל, אַדוואָקאַט, וועכטער, שטימע, טעלעגראַף, טעלעפאָן, זון, מאָרגענשטערן, ליטוואַק, אַמעריקאַנער, נויאָרק, פּרעסע, קוריער, העראָלד, מענשען, הויז, פריי, פריינד, וועלט, אַנצייגער פיהרער, הכם א. ז. וו.

נו, נו! הערט וואָס מיר שלימזל טרעפט זיך, מיין יענטע איז געוועהנט, אַז ווען איך דאַרף מאַכען אַ געדיכט, גיב איך איהר די ווערטער צו וועלכע איך דאַרף גראַמען, זי זאָל די גראַמען אויסגעפינען, האָט זי געמיינט, אַז די ווערטער דאַרף מען אויך גראַמען און האָט פּאַריווזט אַלע ווערטער אויף איהר אופן:

צו אַרבייטער פּאַסען אויסבייטער, צו אידען — מערידען, צו פּאָלק — אָהן טאָלק, צו צייטונג — אַ לייטונג, צו גאַזעטען — סטאַפּעטען, צו ליטוואַק — אַ דוראַק, צו וועכטער — געלעכטער, צו פּרעסע — די באָבע גנעסע, צו קוריער — אַהין און אַהער, צו העראָלד — פאַלשע גאָלד, מענשען — מיט בענשען, הויז — מיט מויז, פריי — מיט שפּיי, פריינד — מיט פיינד, וועלט — מיט געלט, פיהרער — מיט שמירער, חכם — מיט יאַק צי קאָבעם.

דאָ האָסטו שוין אַלע. דיין יענטע.

אוי א וועהטאָג האָט מיך דערשלאָגען, זי האָט א תל געמאַכט פון מיינע ווערטער, איצט וויים איך ניט, וועלכע איז פאַר מיינע צייטונגען, איך פלאג מיך אהער, אהין, עס געהט ניט; די פאָלקס־מויז? ניין, דער ארבייטער־שמירער? ניין, דער אידישער דוראק? — ניין, אמעריקאַנער מערידען? — ניין, דער געקוילימער ליטיזאק? — ניין, די ניו יאָרקער באָבע גנעסע? — ניין, דער דערוואָרגענער הכם? — ניין, דער פאַלשער שפיי? — ניין, דער געבענשטער געלעכטער? ניין... שלעכט, ברידער, איך בלייב אָהן א נאָמען, איך האָב נאָך אפילו איין נאָמען: „די ליטעראַרישע בן פקועה". דאָס פּאַסט זיך ערשטענס צו מיין ליטעראַרישען יצר הרע עטוואָס מוליד צו זיין, און צו מיין צייטונג, וואָס וועט געווים זיין א בן פקועה, דאָס הייסט דער וואָס וועט געבען די עלטיבע דאָלאַר אויף מיין צייטונג וועט געקוילעט ווערען, און מיין צייטונג וועט ליגען גע'פגר'ט אין זיין בויך, אָבער צו מיין צייטונג מיט דעם נאָמען „ליטעאַרישע בן פקועה" וואָלט איך געוואָלט האָבען א לייט־ארטיקעל איבער די קראַנקע קייזערס, קעניגע און פירשטען, אז לויט אונזער דת קומט זיי דיעזע קראַנקהייט מדה כנגד מדה, צב"ש:

אַלעקסאַנדער ליידעט אַן קאַטצען יאַמער,
ווייל ער מאַכט אַקציז אויף בראַנפען אין זיין קאַמער.
פראַנץ יאָזעף האָט מערידען,
ווייל ער האַלט אין גאַליציען גומע אידען.
ווילהעלם האָט אַ פוילען אויער, אַ פוילע האַנד,
ווייל ער האָט גרויסע שטייערן אין זיין לאַנד.
דער קליינער אַלפאָנסאָ האָט אַ פּאַרך,
ווייל זיינע מיניסטאָרען פעהלט עס מאַרך.
הומבערטא ליידעט שטאַרק פון דלות,
ווייל אין איטאַליען הונגערט אַלעס.
וויקטאָריא איז ווי אַלעקסאַנדער קראַנק,
ווייל זי לעבט ניט פון עסען, נאָר פון געטראַנק.

אָבער ווארום פרעזידענט קליוולאַנד ליידעט פון רהעמאַטיזם, — קען איך מיט מיין זשורנאַליסטען־קאָפּ גאָר ניט פערשטעהן. זאָל איך זאָגען: עס איז פאַר דער טריטי, שיקט זיך ניט; זאָל איך זאָגען עס איז פאַר'ן

קריזיס, שיקט זיך ווייטער ניט; זאָל איך זאָגען, אז ער ליידעט אין די פיס, ווייל זיין קאָפּ פערשטעהן די ליידען ניט, היתכן? אלזאָ מוז איך דאָך זאָגען, אז ער האָט פשוט קאליע געמאַכט דעם מאָגען פון א פעטען קוגעל פון די גאזעטען און טאקע פון דיעזען לויזען מאָגען האָבען זיך אויך אויפגעלעזט די מיניסטער־קאבינעטען אין פיעלע לענדער פון אייראָפּא, איז מיר אָבער קשה ווי קומט איצטער א לייזער מאָגען? אז אלע זיינען איצט הארט־לייביג, וואו מען נעהט קאָלעקטען קריגט מען א פּעני ניט, מען הערט נאָר, אז די געשעפטען זיינען נאָך אימער ערגער, אָבער די קאָ־לעקשען! אלס אויסנאַהמע איז נאָר מיס נעלי טהאָמפּסאָן אין לאָנדאָן, ביי איהר איז די קאָלעקשיאָן גאַנץ גוט. אָבער דאָס איז טאקע נאָר פון זכות־אָבות, ווייל ערשטענס איז איהר טאַטע געווען א גלח, און צווייטענס איז איהר ביזנעס שפּאָגעל ניי. הערט א ביזנעס, שמייסעריי! איהר לאַכט? עס איז א פאַקט. יעדער טאַטע וואָס וויל שמייסען זיין טאָכטער, נאָר ווייל זי איז בוגרת שעהמט ער זיך אליין עס צו טהאָן, שיקט ער אָפּ זיין טאָכטער צו איהר און נעלא שמייסט פאר א סיקספּענס א שמיץ. דאָך איז מיר נאָך אזא שמייסער־פּרנסה ליעבער, ווי די שמייסער־פּרנסה פון „דארף אן אַדבייטער טרייבען פּאָליטיק?“ זי שמייסט ווענינסטענס מיט א סטראָפּ און די ליטעראַטען שמייסען זיך מיט די צינגער, זיי גלייבען זיך אַפילו ניט אוים אין ליגען, זי ז אָ ג ט „ליגען!“ און זיי ש ר י י ב ע ן ליגען, זי רייכט דאָס פלייש, און זיי רייסען די גאַל.

דערפאַר אָבער מיין קוגעל איז גאַלאַנט.
און טשעפּעט קיין פליעג אויף דער וואַנט.
ביי מיר איז גלייך: זייף, מילך, שמיץ,
צייטונגען, קוגעל, מערידען, אַבי א וויטץ.
אַי טאָמער וועט אימיצער פיהלען א שטאָך,
קען איך איהם נאָר העלפען מיט א זיפץ, א אך!
ווייל ער איז ניט געוועהנט מיט א ביסען א פעטען,
ווי די שרייבעכץ פון אונזערע פּאָעטען.

# VIII.

## דעם דיכטער'ס קריוודע.

**פאַר דיר, אָה! ציון מיין זעעלע,, מיין הערץ,**
**פאַר דיר, ישראליק, מיין צאַרטע נאַציאָן,**
**פאַר דיר פערגעהע איך אין עוויגען שמערץ**
**און ווייק עוויג אין טרעהרען דיין פאָהן....**

נו אידעלע פארך, פערשטעהט ער עפּעס וואָס פאַר צאַצקעדיגע פאָעזיע איך גיב איהם? דאָס איז דאָך גאָלד און זילבער און בריליאַנטען, זאָל איך קרענקען אויב שילער, געטהע, לעסינג, שעקספּיער, בייראָן, לאָנגפעלאָו, פּושקין, לערמאָנטאָוו, נעקראַסאָוו, דוד המלך ר' יהודה הלוי, אדם הכהן, וואָלטען געקענט זאָפּיעל זאָגען אין קורצע ווערטער.

אין 4 ליינס אויסצודריקען דעם טיעפסטען שמערץ איבער מיין הייליגע נאַציאָן, איבער מיין גרויסע ליעבע צו מיין פאָלק ישראל און וואָס האָב איך דערפאַר? פערשטעהט עס אידעל פארך אין זיין חזיר מארק צו שעצען? אַז איך קום אַריין צו איהם מיט מיין ביכעל, וויל ער מיר אפילו קיין קוואָדער ניט געבען. מיין ביכעל, זאָג איך, דאָס איז דאָך אַן אוצר פון פּאָעזיע, דאָס איז דאָך אַ בלומען־קראַנץ פון מוזע'ס האַנד, דאָס איז דאָך געשריבען מיט'ן בלוט פון מיין הארצען, דאָס איז דאָך מיין מיהע פון פיעלע שלאָפלאָזע נעכט, און פאַר וועמען שרייב איך, פאַר מיין ליעבעס פאָלק ישראל; און אַז איך טראָג עס אַריין צו דעם שוסטעריונג און בעט איהר דערפאַר איין קוואָדער, הייסט ער מיר גאַר געהן אַרבייטען! דו הערסט, מיט אַזאַ מתנה פון גאָט אַרבייטען, אַזאַ פערפלוכטעס פאָלק ווי אונזערע אידעלעך זיינען! ביי אַנדערע פעלקער וואָלט אַזאַ פּאָעט, ווי איך, געפאָהרען אין אַ קאַרעטע מיט גאָלדענע רעדער, מען וואָלט איהם אויף די הענד אומגעטראָגען, אָדער לכל הפחות וואָלט מען איהם געקויפט אַ צייטונג סטענד און אידעלע פארך הייסט מיר פאַר אַ קוואָדער געהן אַרבייטען! אָה! ביי אונז אידען איז גאַר אַ זשעניע ווי איך איבעריג. עס איז דאָך צו פּלאַצען פאַר פערדרוס, אַזאַ שניידערוק זאָגט גאָר, אַז איך בין אַ שנאָרער, נו האָסטו געהערט? איך גיב איהם פּעריל איבער אונזער הייליגע נאַציאָן, און ער, ישראליק סאַחאַריי, פאַר אַ קוואָדער הייסט ער מיר געהן אַרבייטען און רופט מיך שנאָרער! דו הערסט דוד'ל? וואָס,

ביזטו שוין ניטאָ, דו הערסט גאָר ניט מיין קריוודע? טפוי זאָלסטו ווערען, ביזט אויך ניט בעסער פון אַלע אידען.

---

# IX.

## דער קוס.

(דער אָנפאַנג צו א לייט־ארטיקעל)

— דער קוס עקזיסטירט שוין פון גאַנץ לאַנגע צייטען, נאָך אין דער ביבעל געפינען מיר דעם געפינטעלטען „וישקהו" פון עשו און דעם „ישקני" פון שלמה המלך. דער קוס בעשטעהט פון קראַפט און שטאָף. די קראַפט קומט פון די ליפּען און דער שטאָף פון דער זאַפט, וואָס מען זויגט אויס פון דעם געגענשטאַנד, וועלכען מען קוסט, ווייל קוסען הייסט אייגענטליך נאָר זויגען און דערום האָבען מיר מעהר הנאה, ווען מיר קוסען א קליין קינד, ווייל דאָס פלייש איז זאַפטיגער, אַלס פון אַן אַלטען, וואָס דאָס פלייש איז טרוקען; דערום פיהלען מיר מעהר טעם צו קוסען אין די ליפּען, ווייל די ליפּען האָבען א דינערע הויט און מיר בעקומען מעהר זאַפט. דאַרום גלוסט זיך אונז בעסער צו קוסען פולע, פרישע, רויטע ליפּען, אַלס דינע, בלויע, דאַרע ליפּען.

ניט אַלע קוסען זיינען אָבער גלייך.

עס גיט, עכטע קוסען, ווען אַ מוטער קוסט אַ קינד. עס גיט פאַלשע קוסען, ווען אַ איד קוסט אין געריכט די ביבעל פאַר'ן שווערען און, להבדיל, א גוי דעם צלם. עס גיט „דירעקטע" קוסען, ווי צוויי פערליעבטע קוסען זיך אין מונד. עס גיט „אונדירעקטע" קוסען, ווי אַן אַקטריסע קוסט דעם פּובליקום אָרער, ווי א איד קוסט די מזוזה, זיי קוסען די האַנד און מיינען יענעם אינדירעקט.

עס גיט געקויפטע קוסען, ווען א פרוי קוסט דעם מאַן, ווען זי וויל, ער זאָל איהר קויפען אַ נייעם העט, עס גיט געשטאָלענע קוסען, ווען דער מאַן קוסט די אַמם ווען זי זויגט דאָס קינד, און די ווייב מיינט ער קוסט דאָס קינד. עס גיט פּאַטריאָטישע קוסען, וואָס טויגען אין דר'ערד, דאָס הייסט ווען אַ פּאַטריאָט קוסט די ערד פון זיין פּאָטערלאַנד.

עס גיט נאַציאָנאַלע קוסען, וואָס מען קומט אָב נאָר מיט זאָגען, ווי

ביי די פּוילען, זיי זאָגען טויזענד מאָל „צאַלויו ראנצקי“ און בלייבען ביים זאָגען.

עס גיט איינגעמאַרענירטע קוסען, צום ביישפּיעל, דער קוס וואָס א מיידעל בעקומט פון אן אַלטען אידען וואָס שמעקט טאַבאַק, און די ליפּען מיט די וואָנציעס זיינען איינגעמאַרענירט אין טאבאַק יוך.

עס גיט פּראָזיאַלאָגישע קוסען, ווי צום ביישפּיעל, „בייבי קוסט די לבנה“ און א דיכטער קוסט די גאַנצע וועלט.

דער ערגסטער קוס איז אָבער, ווען יענער גיט א געשריי מיט כעס: „קוס מיך....“ און צו מיין שלימזל האָט דיזער לעצטער קוס מיר געקלונגען אין די אויערען, ווען איך בין שוין מיט מיין לייט־אַרטיקעל פערטיג געוואָרען, אָבער איך ווייס ביז היינט ניט פון וועמען: צי פון די ביזנעס־לייטע, וואָס קימערען זיך איבערהויפּט ניט מעהר, ווי מיט געשאָסען, געהאַנגען; צי פון פּאָליטישענס, וואָס ביי זיי איז גאָר דער קאמפּיין די איינציגע וויסענשאַפט; צי פון מיין יענטע, וואָס שרייט אימער, זיי בעסער א שוסטער און ניט קיין רעדאַקטאָר.

---

# X.

## דער גרינער שוסטער אַלס מחבר.

ליעבער העררר שמ"ר!

איהר זאָלט מיר מוחל זיין וואָס איך דערקוטשע אייך מיט אזא קליי־ניגקייט, אָבער ביי וועם דען זאָל איך פרעגען? ווער ווייס דען בעסער פון אייך, וואָס איהר האָט שוין אזוי פיעל מעשה־ביכלאך אין אייער לעבען אָנגעשריעבען, מי זאָגט אפשר איבער א מיליאָן. איך האָב אָבער נאָך ניט אַלע געלייענט, איך ווייס ניט אויב די העלפט, ווייל פאַר אייך זאָגענדיג, איך בין נעבאך זעהר טרוד מיט מיין שוסטעריי א גאַנצע וואָך און לייען נור פרייטאָג צו נאכט נאָכ'ן צימעס און שבת בייטאָג נאָכ'ן קוגעל.

און איהר זאָלט חלילה ניט מיינען, אז איך לייען פון כבוד וועגען אָדער פון פערגעניגען וועגען, ניין, ליעבער רבי שמ"ר, ניט דאָס בין איך אויסען, נאָר גאָר פשוט זייט יעקעלע דער שניידער האָט געמאַכט זיין מעשה־ביכעל,

וויל איך מיך אויך נעהמען צום שרייבען, טאָמער, אַ קשיא אויף אַ מעשה, וועט מיר גאָט העלפען איך זאָל קענען פּטור ווערען פון מיין שוסטעריי, כ׳לעבען שרייבעריי איז לייכטער, ווי שוסטעריי. ביי שוסטעריי דאַרף מען קלאַפּען, ציהען, שטעכען, בייסען, שמירען, קלעפּען, און שרייבעריי איז אָהן פּאַטשען און בלאָזען, מען נעהמט פּשוט אַ פעדער מיט טינט און מען שרייבט; די פעדער איז גרינג, די טינט קלעפּט זיך ניט, און דאָס פּאַפּיער איז ווייך ווי האַמבורגער לעדער און דין — עס איז פּשוט אַ מחיה.

נאָר איין זאַך איז מיר ניט פאַר אייך געזאָגט זעהר שלעכט, איך ווייס ניט וואָס פאַר אַ לשון איך זאָל אויסקלייבען צו שרייבען. מיר אַליין איז געפעלען די אַלטע בעסטע אידישע שפּראַך פון דער בבא־מעשה, פון „צענ־טוריע ווענטוריע", עפּעס די שפּראַך געהט ווי אַ גוטע, אָנגעסמאַלעוועטע דראַטווע דורך אַ ווייכער פּאָדעשווע; מיין פלונית׳טע יענטע זאָגט אַז די בעסטע שפּראַך איז אין צענאָ אורענאָ, און אין דעם טייטש הקדוש פון דעם קרבן מנחה, וואָס גיסט זיך ווי הינערשע שמאַלץ אין אַ לאָקשען־קוגעל, נאָר איך האָב איהר שוין צעהן מאָל געזאָגט אַז דאָס לשון געפעלט מיר גאָר ניט, עפּעס לאָזט זי זיך ניט בויגען, ווי אַ שטיק פּאָדעשווע פון דעם קאָפּ, און איז פול מיט לשון קודש׳דיגע ווערטער, ווי איין אָבצאַס מיט צוועקלעך.

דאָס לשון וואָס די רוסישע שרייבער שרייבען איז אויך עפּעס ניט גלאַטיג, יעדער פּסוק איז ביי זיי אַזוי לאַנג ווי אַ פּאָאַר לאַנגע כאָליאַוועס פון אַ קאַצאַפּ איבער די קניעס, און איז פול מיט רוסישע ווערטער ווי גוי׳שע שטיוועל מיט שטרוי.

און די שפּראַכע, וואָס די אַמעריקאַנער צייטונג־שרייבער שרייבען, זייערע הקדמות געפעלט מיר אויך ניט, ווייל זיי האַזערען איבער צעהן מאָל איין וואָרט, ווי מיין אַרבייטס־אינגעל טודרוס שלאָגט צעהן פלעקלעך אין איין לעכעל, אָדער זיי זאָגען איבער די זעלבע זאַך מיט אַנדערע ווערטער, און מאַכען אויף איין זאַך פופציג פּסוקים, ווי מיין קליינער אַרבייטער האָט נעכטען אָנגעשטאָכען די גאַנצע פּאָדעשווע מיט לעכעלעך, אַז עס איז ניט געבליעבען איין פּיצעל גאַנצע.

און טאַקע אייער שפּראַכע פון אייערע מעשה־ביכלאַך, ליעבער רבי שמ"ר, געפעלט מיר אויך ניט, ווייל זי איז צו עדעל ווי אַ פּאָאַר ווייבערשע סופּיאַנער שיכלעך, עס געפעלט טאַקע יעדעם, ווייל עס גלאַנצט ווי אַ פּאָאַר

אָבגעפּוצטע שטיוועל, אָבער עס איז ניט שטארק אין א בלאָטע צו טראָגען.

אויף דער גאליציאנער שפּראך קאָן איך גאָר ניט קוקען, ווייל זיי מאַכען אלע אותיות מיט היריקען: ני, די, פּיטער, א ריבעל, ווי די אלטמאָדישע שטעוולעטען מיט דינע קרומע שפּיצען, אָדער גאנץ ברייט, ווי למשל: צוואי, אירוקע באיגעל מיט פּאיסהיקע כאילים, ריכטיג ווי איין אָבגעטרעטע פרישוועע.

דאָס ליטווישע לשון געפעלט מיר גאָר ניט, ווייל דער ליטוואק שרייבט: קאסי מיט פיסלעך און מאכט קידעס איבער ספּירט יום הסיסי וייכולו הסאָמיים, און סלאָגט דעם קאָפּ אָן דעם וואנט אבי צו פארסווינדלען די וועלט, ווי איין שטיוועל מיט א נידריגע אָבזעץ און דער אנדערער מיט א פּאַטקאָווע.

די אונגארישע שפּראך הויב איך גאָר ניט אָן צו פערשטעהן, עפּעס דער פּכוק „איהנענס וואב גייט א האם מיט א געשטוועלענעם לינג אינג לייבער" קומט מיר אויס ווי א פערפוילט שטיקעל יוכט מיט סמאָלע אָנגעשמירט.

די שפּראך פון די תחינות וואָלט מיר שוין יא געפעלען, ווייס איך ניט דעם פּשט פון די ווערטער: זענפטיקען, שטרייבעלדיקען, פּרוכפּערן, אבפּערן, ווידמען, דאמפּפען, אזוי ווי איך ווייס ניט צו וואָס עס טויג דער גלאנץ פון דער פּאָדעשווע, אז מען קריכט באלד דערמיט אין דער בלאָטע.

דארום, ליעבער הערר שמ"ר, בעט איך אייך איהר זאָלט אזוי גוט זיין און מיר מוחל זיין שרייבען, וואָס פאר א שפּראכע איך זאָל שרייבען, עס זאָל האָבען אַן אמת־אידישען פּנים, טאָמער וועל איך אין אייער זכות פּטור ווערען פון דער דראטווע מיט דער סמאָלע און וועל קענען מיין לעבען מאכען פון מעשיות און ראָמאנען, אזוי ווי איהר, וועל איך אייך געוויס אייביג די טובה ניט פערגעסען.

אייך וועט דאָך דאָס כ'לעבען ניט שאדען, וואָס איך וועל ווערען א זשארגאָן־שרייבער. וואָס מאכט אייך אויס? עס איז שוין דאָ אזוי פיעל שניידערס, שמידען. קירזשנערס, באָנדערס, וואָס שרייבען היינט מעשה־ביכלעך אויף זשארגאָן — וועט זיין נאָך איינער.

איך, דער גרינער שוסטער.

# XI.

## צער גדול בנים.

### פון אַן עקס־רעדאַקטאָר.

אוי לייטישע מזלות, איך בין אייך הלעבען אָהן עין הרע מקנא, איהר זייט טאַקע נאָר אין אַ העמדעל געבאָרען געוואָרען, איך מוז אייך זאָגען אַז איהר האָט קיין בייז אויג זאָל אייך ניט שאַדען אַ מזל נאָר פון אַ קיסר.

ווי גרינג איהר געהט אָהן עין הרע צו קינד, ווי גרינג איהר האָדעוועט אָהן עין הרע אייערע קינדער, אָט איז שוין אייער בכור דער „מענשענפריינד" זאָל לעבען אַ יאָהר אַלט און וואַקסט אומבעשריען ווי אויף הייוועז, און נאָך פאַר'ן יאָהר זייט איהר שוין פערגאַנגגען מיט'ן אַנדערען קינד און איהר האָט איהם שוין געהאַט און איבערגעקומען געזונדערהייט און אויך אַ געראָטען קינד, ווי אַ פּאַמפּושקע, זאָל ער אייך וואַקסען אויף לאַנגע יאָהר.

גלויבט מיר, אַז איך דערזעה אייער נייגעבאָרענעם זונדעלע, איך מיין דעם „טעלעפאָן", געהט מיר פּשוט איבער די גליעדער. נור מיינט ניט אַז איך בין אייך חלילה מקנא, איך פערגין אייך מיט'ן גאַנצען האַרצען, וואָרים וואָס האָב איך צו אייך, הלעבען, איהר האָט דען אימיצען בייז געטהאָן? נור איך טראַכט מיר, אוי! ווען גאָט העלפט מיר מיט אייער מזל אָהן עין הרע, גאָט זאָל מיר כאָטש איין געזונד קינד שיינקען, ווי וואָלט איך געדאַנקט און געלויבט זיין ליעבען נאָמען.

נור וואָס האָב איך צו רעדען און וואָס זאָל איך זאָגען? מן הסתם בין איך זינדיג פאַר גאָט, אַז עס געהט מיר אַ מפּיל נאָך אַ מפּיל, ניט פאַר אייך און ניט פאַר קיינעם געדאַכט.

איך בין אויך איצט ווייטער פערגאַנגגען אין טראָגען און האַלט שוין אַלע טאָג ביים ענטבונדען ווערען, איך האָב שוין אפילו אָבגעבאַקען פּוטערגעבעקס אויף קינפּעט, אָנגעגרייט ווינדעלעך — אויף אַמעריקאַנער לשון הייסט עס דייפּערס מיט דייפּערפּינס אָדער אַדווערטייזמענטס, זאָל איך אַזוי וויסען פון קאָלומבוס'ען — נור גאָט וויים וואָס ביי מיר קען געבוירען ווערען, ביי מיר זאָל עס אָבגעהן גאָר גלאַט, איך בין דאָך אַ מזל'דיגער האָז, ביי מיר קען געבוירען ווערען אַ פלעדערמויז, זאָל איך ניט זינדיגען מיט מיינע רייד.

נור קען מען דען מיט גאָט מלחמה האַלטען? וואָס ער וועט מיר שוין געבען וועל איך מיך שוין האַלטען, זאָל שוין זיין וואָס ער וויל, אַבי עס זאָל לעבען.

נאָר וואָס האָב איך אייך געוואָלט בעטען, ליעבער שמ"ר, אַזוי ווי איך וויל מיר איצט אַ ביסעל אויסריידען מיין ביטער האַרץ געגען דער פינסטערער וועלט, און אַזוי ווי איך קען מיך דאָך ניט צוריסען שרייענדיג מיט דער גאַנצער וועלט, זאָ בעט איך אייך איהר זאָלט מיר קיין פעראיבעל ניט האָבען, וואָס איך שאַף מיר מיט אייער עלטער קינד, מיט אייער „מענשענפריינדעלע" און איהר זאָלט מיר ערלויבען צו דער פינסטערער וועלטעלע צו טעלעפאָנירען דורך אייער ניי־געבאָרענעם „טעלעפאָנדעלע".

דערפאַר זאָג איך אייך צו, אַז גאָט וועט העלפען מיר מיט אַ קינד, וועט איהר זיך מעגען מיט איהם אויך שאַפען.

נאָר בעט איך אייך, איהר זאָלט מיר טאָקע באַלד ענטפערען מיט פאָכט ההוזרת, צו אייער „טעלעפאָנדרעלע" האָט אַ געזונדען מאָגען, און אויב ער קען פערדייען אַלעס?

ווייל עס זיינען דאָ אַזעלכע רעדאַקציאָנס־קינדער, וואָס פערדייען נור פּאָליטישע מאכלים, זיי זיינען אפילו פעט... נאָר זייער אונריין צוגעגרייט, ווייל די מאכלים זיינען מיט אומריינע הענד געמאַכט.

עס זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס פערדייען נור רבני'שע קוגלען, אָרטהאָדאָק־סישע לאָקשען, בלייענע פּלאָמבעס, קהלשע קאַראָבקעס, זיי זיינען אפילו תמיד מישלשל, האָבען לויזע מאָגענס, לעבען אָבער דאָך און ערהאַלטען זיך דאָך.

עס זיינען דאָ אַזעלכע קינדער, וואָס שטאָפּען אָן זייער מאָגען מיט ליים, מיט בלאָטע, מיט שמאַטעס, אָהן פעפער, אָהן זאַלץ, אַבי אַ ביסעל פערברוינט פון אויבען, און דאָס הייסט ביי זיי אויך אַ מאכל, און אַזעלכע קינדער זיינען איצטער דאָ זעהר פיעל אין ניו יאָרק, און לאָ די וואָס זיי־אַליין זיינען אָנגעשטאָפּט מיט דיזעם שמוץ, שטאָפּען זיי נאָך אַלע קינדער וואָס זיי דערזעהען אויף'ן סטריט, אויך אָן מיט דיזע מאכלים.

אָבער געוועהנליך קענען אַזעלכע קינדער ניט לאַנג לעבען, ווייל דער מאָגען ווערט שוין אַזוי פעראונרייניגט, אַז ער מוז פּלאַצען.

עס זיינען אָבער אויך דאָ אַזעלכע רעדאַקציאָנס־קינדער, וואָס זיינען

פערצויגען און גרויסע מפונקים, וואָס האָבען נור ליעב לאַקעטקעס, נאַשע־רייען און איבערהויפּט זיסע זאַכען... אָבער דיזע בלייבען נעבעך אָהן ציינדלעך...

און אַזעלכע וואָס האָבען ליעב נור געזונדע מאכלים, אַלע טאָג נייעס, ריין צוגעגרייט, לייכט פערדייליך, שמאַקהאַפט, מיט זאַלץ און מיט פעפער; די האָבען געזונדע מאָגענס און אַם מייסטען לעבען זיי גאַנץ לאַנג.

אַלזאָ, אויב אייער יונגסט זיהנדעלע, דער „טעלעפאָן", האָט אַזאַ מאָגען, קען איך איהם אָפּט אריינשיקען אַזאַ מאכל. איך האָף אַז אייער קינד איז ניט פערדאָרבען און ער וועט געוויס הנאה האָבען פון מיינע מאכלים, אָבער איהר זאָלט אַזוי גוט זיין מיר ערלויבען זיך צו שאַפען מיט איהם, איך זאָל דורך איהם מיר קענען צוזאַמענריידען מיט דער פינסטערער וועלט.

איך וויל מיך אויסריידען מיין הארץ. טאָמער וועט מיר לייכטער ווערען און אייך וועט קיין רעה אויך ניט ארויסקומען.

איך וועל אייך אַזוי דאַנקבאַר זיין, ווי אברהם איז דאַנקבאַר געווען שרה'ן, וואָס זי האָט איהם ערלויבט אַ דור צו בעקומען פון הגר'ן. הלעבען, אַז ביי מיר האַלטען זיך ניט איין קינדער, טאָמער וועל איך דורך אייער ליעבען „טעלעפאָן" געהאָלפען ווערען...

איך ערוואַרטע אייער אַנטוואָרט מיט אונגעדולד, פון מיר אייער ערגעבענסטער פריינד.

---

## XII.

### אַן עקס - רעדאַקטאָר.

ליעבער הערר רעדאַקטאָר!

געוויס האָט איהר געהערט פון די צוויי אונגליקען, וואָס האָט די לעצטע צייט אין דער וועלט געטראָפען צוויי בעריהמטע מענשען, דעם בראַזי־לישען קייזער דאָן פעדראָ, און מיך, דעם אידישען רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „דריידעל". אָה, וועה געשריען! מיר נעביך מיט דאָן פעדראָ'ן האָט איין שלימזל געטראָפען, ער הייסט שוין יעצט „עקס־קייזער" און איך הייס „עקס־רעדאַקטאָר". ער בעדאַרף אויף זיין מדינה זאָגען: זכרונו

לברכה, און איך בעדאַרף אויף מיין צייטונג זאָגען: עליה השלום. ערלויבט מיר, הערר רעדאַקטאָר, איך זאָל פאַר אייך מיין ביטער האַרץ אויסגיסען. איך וויל, פערשטעהט איהר מיך, פאַר אייך דערצעהלען די צרות מיט די יסורים וואָס איך האָב געהאַט פון מיין „דריידעל" מיום הולדה, פון דעם טאָג וואָס זי איז געבאָרען געוואָרען עד יום מותה, ביז דעם טאָג וואָס זי האָט אַ מיתה משונה איינגענומען.

די האָאָר שטעלען זיך מיר קאַפּויער, ווען איך דערמאָן מיך די פאַר־וועהען פון מיין ערשטען קימפּעט, אַ קליינינקייט איין ערשטלינג, צום ער־שטען מאָל צו געווינען אַ קינד וואָס מען טראָגט אויס 9 מאָל 5 מאָנאַטען און ניט אין בויך, נאָר אין קאָפּ, אין האַרצען, דאָס איז שרעקליך! אין די ערשטע עטליכע מאָנאַט האָב איך געוואָלט עס זאָל געבאָרען ווערען אַמ־פּילע, דערנאָך אַ זיבעלע, לאָז זיין איין אַכטעלע, אַבי געבאָרען ווערען, און גאָר לאַ? עס וויל ניט געבאָרען ווערען, און דאָס האָב איך נאָך ניט גע־וואוסט, אַז אַ מאַנזביל טראָגט שווערער און אַ לענגערע צייט אַלס אַ נקבה, איך האָב אויך ניט געוואוסט אַז אַ צייטונג איז שווערער צו האָבען ווי אַ קינד און דערפאַר האָב איך נאָך אַ מאָל אַזוי פיעל געליטען ביים טראָגען אַלס נקבות, און האָב געהאַט נאָך גרעבערע וועהען ווי ביי אַ קינד געבוירען.

נאָר גאָט האָט מיר געהאָלפען, איך האָב אויסגעטראָגען, עס איז גע־קומען די גליקליכע צייט פון האָבען צוזאַמען מיט די אונגליקליכע וועהען, מיינט איהר בויך־וועהטאָג, ניין, נאָר האַרץ־וועהטאָג, קאָפּ־שווינדעל און מאַשען־וועה, אַ קליינינקייט אַ קימפּעט פון אַ צייטונג; ביי אַ מיטעלע בעל הבית'טע, אַבי זי גרייט זיך אָן פּוטער־געבעקס, ווינדעלאַך, אַ באָבע מיט שיר המעלות'ן, ליעגט זי רוהיג אין קימפּעט. אַז דאָס קינד אַליין אָבער איז אַ שיר־המעלות, הערט נאָר וואָס מען דאַרף: דאָס ערשטע געלד, דאָס צווייטע אַ רעדאַקציע, דאָס דריטע בוכשטאַבען, דאָס פּערטע זעצער, דאָס פינפטע שרייבער, דאָס זעקסטע לעזער, דאָס זיעבעטע אַנאָנסען, דאָס צוועלפטע און אויך דאָס דרייצעהנטע — ווייטער געלד, דאָס הייסט געבען געלד, און צוריקנעהמען ערשט אַז דאָס קינד וועט בר מצוה ווערען. יעצט, מיין איך, אַז איהר קענט אייך שוין פאָרשטעלען די פאַר־וועהען. נאָר אַ דאַנק זיין ליעבען נאָמען, איך בין איבערגעקומען געזונטערהייט, געמאַכט אַ ברית, חתוך בין איך אַליין געווען, מציצה האָב איך איבערגעלאָזט די קריי־

טיקער, פריעה פאַר די לעזער, סנדק פאַר דעם פּאַפּיער־קאָרב, די הרחמן׳ס האָט מיר מיין ווייב געזונגען, קוואַטער האָב איך מכבד געווען די מאַראַם פּאָסט מיט דעם הערן סטענד.

יאַ, מיט די כבודים בין איך שוין פערטיג געווען. העיקר שכחתי, וואָס טהו איך אָבער מיט דעם נאָמען? אַ צייטונג אַ נאָמען געבען נאָך דער באָבען, נאָך דעם זיידען פּאַסט עס ניט, און אויסער דעם האָבען זיי געהייסען צו איינע נעמען, און אַ צייטונג מוז האָבען אַ דאָפּעלטען נאָמען און נאָך מיט אונטערשלאַג, און דערצו נאָך אַ צונאָמען, אַ טיטעל, אַ מאָטאָ, אַ טענדענץ, א. ז. וו. דעם ערשטען נאָמען האָב איך געדאַרפט וועהלען פון די ווערטער: פאָלק, אַרבייטער, וועלט, צייט, א. ז. וו. דעם אַנדערען נאָמען פון — צייטונג, גאַזעטען, בלאַט, זשורנאַל, א. ז. וו.

איך האָב מיין קינד פערפּוצט אין פּאָליטיק, נייעס, קריטיק, הומאָר, וויטץ, סאַטירע, ליטעראַטור, וויסענשאַפט, קונסט, געשיכטע, נאַציאָנאַליטעט א. ז. וו. ענדליך דאָס מאָטאָ פון Argent et argent et encore d'argent! געלד און געלד, און נאָך אַ מאָל געלד, איך טאַנץ ווי אַ בער, גיב געלד א. ז. וו. און גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַן עצה טובה מן השמים, איך האָב עס א נאָמען געגעבען „דריידעל“, און אַלע טיטלען מיט אַלע מאָטאָס צוגעטשעפּעט פון דער זייט.

נו, מיינט איהר, איהר זיינט שוין פערטיג? טאַקע געטראָגען, געבאָרען, אַ נאָמען געגעבען. וואָס מאַכט מען אָבער פון דעם קינד? אַ חסיד?— וועלען פון איהם די משכילים לאַכען; אַ משכיל? — וועלען איהם די מתנגדים אין הרם אַריינלעגען; אַ דייטש? — וועלען איהם די חסידים פערשטיינען; אַ סאָציאַליסט? — וועלען איהם אַלע פּאַרטייען פעראַכטען.

אין רוסלאַנד איז אַ תענוג, דאָרט איז איין קלאַסע אידען רוסיפיצירט, לעזען זיי גאָר קיין אידיש ניט. אַלע אידען אָבער וואָס לעזען זשאַרגאָן, האָבען געזונטע מאָגענס און פערדייען אַלע מאכלים אין איינעם; אַ הספּד איבער אַ רב, אַ חנוכת הבית איבער אַ מקוה, אַ בעריכט איבער אַ קאָלאָניע, אַ געדיכט איבער אַבערגלויבען, אַ סאַטירע איבער רעליגיאָן, אַ קלאַגע איבער סאָציאַלע פערהעלטניסע, אַ חניפה איבער דעספּאָטיזמוס, אַן ענטציקונג איבער פּאַטריאָטיזמוס, אַבי נאָר אידיש, פּאַסט עס פאַר אַלע אידען. און

דאָ אין אמעריקא איז פּשוט אַן אונגליק, יעדען מוז מען געבען וואָס ער האָט ליעב, דער אָרטהאָדאָקס איז זאַט און צופריעדען נאָר מיט זיינע פּאָר כולל'שע בלעטלעך, און אלע איבעריגע פעראכטעט ער; דער רעפאָרמער וויל נור מיט גוי'שע אותיות אין א אידישען נאָמען, דער סאָציאַליסט פעראכ־טעט זיי אלע און וויל איין ארבייטער־פריינדליכען בלאט. נאָר וואָס פאר איין עצה גיט מען זיך, ווי ערציהט מען מיין קינד? פיר איין פּארטיי? טאָמער טרעפט זיך איהם ניט אין דער פּארטיי איין קאָנפינירענדער שדוך.

נו, האָב איך מיך ענדליך ענטשלאָסען, מיין בלאט הייסט „דריידעל“. זאָל עס דרייען אויף אלע זייטען, וואו דער ווינט וועט בלאָזען, מאָטאָס האָב איך א סך, טענדענץ אָהן א שיעור. עס וועט געהן א גאנג.

איך וועל דרעהען דאָס „דריידעל“, וועט פאלען „נס“, וועל איך בע־שרייבען נסים; וועט פאלען „גדול“, וועל איך בעשרייבען א גדול; וועט פאלען „היה“, וועל איך שרייבען וואָס עס איז ניט געשטויגען ניט גע־פלויגען; וועט פאלען „שם“, וועל איך שרייבען פון דאָרט, וואו איך האָב נאָר קיין בעגריעף ניט, אבי שרייבען און אבי יוצא זיין פאר אלע דעות. איך וועל מיין קינד מאכען צו גאָט און צו לייט, אז אלע פּארטייען וועלען מיט איהם צופריעדען זיין.

אָבער הערט מיין אונגליק. ווער עס יאָגט נאָך צוויי פוקסען, כאפּט קיינעם ניט; ווער עס וויל יוצא זיין פאר אלע דעות איז פאר קיינעם ניט יוצא, און לאנגזאם, לאנגזאם האָט מיין קינד אָנגעהויבען צו שפּייען מיט בלוט, עס האָט אָנגעפאנגען צו קריינקלען, און אָך און וועה איז מיר, אונ־גליקליכען פאָטער, — מיין קינד איז געשטאָרבען אין די ווינדעלעך און איך האָב בעקומען א געבראָכען הארץ פון קינדער, אייערען אויף לענגערע יאָהר, ציהט זיך ביים רעכטען אויער“. פון דאמאָלס אָן האָב איך שוין געהאט א פּאָר מפּילעך, און איצט בין איך ווידער פערגאנגען אין טראָגען, אָבער איך בין איבערצייגט, אז גאָט וועט מיך מזכה זיין מיט אנאנדער קינד.

פאר וועלכע אידעע, פאר וועלכע פּארטיי און פאר וועלכע טענדענץ זאָל איך מיין קינפטיגעס קינד ערציהען? וועט עס זיך ביי מיר שוין האל־טען ביי מיר? וויים גאָט. איך ציטער איך זאָל חלילה מוזען שטארבען אָהן א קדיש, ניט פאר אייך געדאכט. אייך ווינש איך א גרינגען קימפּעט,

און איהר זאָלט אייער קינד זוכה זיין להכניסו בבריתו של אברהם בן תרח, און מגדל זיין לתורה ולעסקים טובים אָמן.

ד אָ ק ט אָ ר  ק ו ק ע ר ע ק ו, עקס־רעדאַקטאָר פון דעם וועלט־בעקאַנטען און אלל־בעליעבטען „דריידעל“ צייטונג.

# XIII.

## אַלטע צרות פון׳ם עקס - רעדאַקטאָר  ק ו ק ו ר ע ק ו.

געעהרטער הערר רעדאַקטאָר!

לעזענדיג אייער לעצטען נומער, וואו איהר רעדט וועגען די צרות וואָס די אידישע רעדאַקטערע האָבען געבעך פון זייערע לייט־אַרטיקלען, האָבען זיך אין מיר אויפגערעגט מיינע אַלטע צרות און אַלטע וואונדען. און איך וויל נאָך אַמאָל פאַר אייך מיין ביטער האַרץ אויסגיסען, טאָמער וועט מיר אַ ביסעל גרינגער ווערען.

אוי די לייט־אַרטיקלען! אַ בלוטיגער שונא בין איך זיי. קיין גוטער איד זאָל זיי ניט קענען. ביז מיין סוף לעבען וועל איך ניט פערגעסען די האַרצוועהטאָג און קאָפּוועהטאָג וואָס איך בין פון זיי אויסגעשטאַנען. אין דער אונגליקליכערצייט, ווען איך בין ניט פאַרקיין אידען געדאַכט, געווען רעדאַקטאָר, אָדער ווי איך האָב מיך אין מיינע ערשטע בריעף אויסגעדריקט: אַ געוויינערין פון מיין פערשטאָרבען קינד „דרעהדעל־צייטונג“, זאָל ער דאָרט שטעהן און בעטען פאַר מיר.

אַלס טרייע מוטער, ווייסט איהר דאָך גאַנץ גוט, אַז מען מוז דאָס קינד פערזעהן מיט אַ העמדעלע, אָדער ווי מען רופט דאָס היינט אָן: „לייט־אַרטיקעל“. אוי, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, וויפיעל צרות איך האָב מיך אָנגעליטען דערפון, יעדע וואָך אַן אַנדער העמדעל צו נעהען, און יעדע וואָך פון אַן אַנדער שטאָף; איין וואָך האָב איך אויפגענעהט פון הומאַניטעט־זייד — די אַנדערע וואָך פון נאַציאָנאַל־געוואַנד — די דריטע פון רעליגיאָנס־ליינוואַנד — די פיערטע פון פּאַטריאָט־לומפּען — די פינפטע פון אַרבייטער־אַטלאַס, א. ז. וו. אָבער ענדליך האָב איך שוין מעהר קיין שטאָפען געפונען און כאָטש נעהם און צורייס דיך, נישטאָ פון וואָס אַ העמדעל צו מאַכען. איך

פלעג טראַכטען און טראַכטען די גאַנצע נאַכט, דער קאָפּ פלעגט זיך מיר אזש איבערקעהרען, ביז איך פלעג מיך אליין איבערקעהרען און ענטשלאָפען ווערען. ענדליך האָב איך לא עליכם געמוזט אָנהויבען גנב'ענען די קינדערשע העמדלעך פון מיינע שכנות, ווען זיי פלעגען עס נור ארויסהענגען אין דרויסען.

אמאָל פלעגען זיי טאַקע דערקענען, אָבער וואָס האָט עס מיך געהאַרט, אבי מיין קינד איז ניט געגאַנגען נאַקעט.

היינט האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם היטעלע. דאָס געהט שוין אריין אין דער פינסטערער מאָדע און מען מוז אויך אלע וואָך געבען א היטעלע. ס'הייסט נייעס. און וואו האָב איך געקענט דערסטאַרטשען, אי עס זאָל זיין „וועלטליך" אי „אידישלעך". איך קען דאָך ניט ווערען קיין מאָדניצע, און אויסגעבען יעדע וואָך געלד אויף נייעס, פלעג איך נעבעך זיין געצוואונגען, אויסצורייסען פעדערען פון פרעמדע היטעלעך, פון „אידישע" פון „קריסט־ליכע" און פלעג צוזאַמענשטעלען קיין מעשה ניט פון א היטעלע, אבי עטוואָס „נייעס".

היינט האָט איהר גאָר א נייע צרה. די היינטיגע קינדער ווילען ניט איינשלאָפען אָהן א מעשה'לע. פלעג איך מוזען מיין קינד יעדע וואָך דער־צעהלען איינע אָדער צוויי און אמאָל דריי געשיכטען. און וואו נעהמט מען דאָס? מיט דעם רב און מיט דער רבי'צין, מיט'ן רייכען און אָרימער ברודער מיט'ן בן־מלך און בת־מלכה, מיט'ן אשמדאי, מיט'ן בער און מיט'ן פ.... האָב איך איהם שוין דערצעהלט, נו וואו נעהמט מען נאָך מעשיות? פון גרויס נויט האָב איך נעבעך געמוזט אָנהויבען דערצעהלען מעשיות פון גוטע אידען, אָדער פון פערליעבענישען, וואָס איז ניט געקומען איינם צום צוויי־טען, אבי דאָס קינד איינצושלעפערען.

נאָר דאָס וואָס איך אליין האָב געדאַרפט פערזאָרגען, האָב איך שוין אלס טרייע מוטער געזוכט, אז אלעס זאָל כאָטש זיין ניט ערגער ווי ביי לייט. אָבער הערט נאָר א נייע צרה. מיינע פריינד און בעקאַנטע האָבען מיט געוואלד געוואָלט אָנהענגען מיין קינד פערשיעדענע פאַרטוכלעך, איך וויים אויסדריקליך, אז זיי האָבען מיין קינד גאָר ניט ליעב געהאַט, נאָר זיי האָבען געוואָלט די וועלט זאָל לעזען זייער נאָמען אויף'ן שפּיץ פאַרטוך אויסגענעהט.

וואָלטען זיי כאָטש געמאַכט די פּאַרטוכער, אָדער ווי איהר רופט עס „אַרטיק־לען“ פון אָרענטליכען שטאָף, וואָלט מיך ניט געהאַרט, לאָז דאָס קינד האָבען אין וואָס איבערצואוואַשען, אָבער הערט נאָר וואָס מענשען נייען פאַר אַ קינד אַ פּאַרטוכעל: פון „אונשטערבליכקייט דער וואַנצען“, פון דער „פאַנטאַזיע דער לייכען“, פון דער „עלעקטראָ טעכנישע מעכאַניק דער פרויען ליעבע“, פון דעם „פיזיקאַלישׁ פסיכאָלאָגישען קרעבץ דער צאָהן־שמערצען“ און פון „גאָטס געטליכער גאָטהייט“ און פון נאָך אַזעלכע דינגע שטאָפען, וואָס זיי צוקריכען אין די הענד. היינט זאָלט איהר זעהן ווי זיי פלעגען דאָס אויפנעהען. ביי איינעם האָט ניט געפּאַסט דער פּאָדים צום אויבערשלאַק, ביי איינעם אָהן קנעפּלעך, ביי איינעם אָהן אַ זוים, ביי איינעם צו לאַנג, צו קורץ, צו ברייט, זעלטען, זעלטען האָב איך געקענט אויסקלייבען איין פּאַר־טוכעל מיין קינד אָנצוטהאָן, און דערנאָך פלעגען נאָך די קאַליקעס אויף מיר ברוגז זיין, פאַר וואָס איך האָב איבערגעלאָזט זייערע פּאַרטיכלעך ליגען אין וועש־קאָרב.

נאָר מיט די קליידער האָב איך מיר שוין מיט צרות אויסגעמוטשעט. זאָלט איהר אָבער געוועזען זעהן, וואָס פאַר צרות איך האָב געהאַט פון דעם עסען. מיין קינד איז אפילו ניט געוועזען פערבענדליווע (וועהלעריש), עס האָט געגעסען דאָס זעלבע וואָס אַלע צייטונגס־קינדער, וויים ברויט פון פּאַפּיר, מיין איך ברויט פון „וויים־פּאַפּיער“ און אַ „זעצעריי זופּען“ און אַ „שרייבער טייגעכצעל“ און אַ „רענט צימעסעל“ און נאָך נאַשערייען, וואָס אַ קינד טראַכט זיך אויס. אָט דאָס, אָט דאָס פלעגט מיר פּשוט אויסטריקענען די מאַרך פון די ביינער; דאָס האָט מיך גרוי און אַלט געמאַכט; גלויבט מיר, איך האָב פון דעם קינד, חלעבען, אַזוי פיעל פערגעניגען ניט געהאַט, וויפיעל צרות איך האָב געהאַט פון דעם פערזאָרגען די נאַהרונג פאַר איהם. נאָר זכות אבות האָבען זיך פאַר מיר געמיהט און איך מוז אייך זאָגען, אַז אַ מענש איז אַמאָל שטאַרקער ווי אייזען וואָס איך האָב אויסגעהאַלטען אַזוי לאַנג. היינט שטעלט אייך פאָר אַז די צרות, וואָס איך דערצעהל אייך דאָ, איז ערשט כטפּה מן הים געגען די צרות, וואָס איך קען אייך נאָר דערצעהלען בסוד, קיינער זאָל ניט וויסען, דאָס וועל איך אייך שרייבען בשבוע הב“על, ד. ה., נאָך שבת אי“ה, און דערוויילע ווינש איך אייך איהר זאָלט אייער קינד דערציהען מיט מעהר נחת ווי איך, און מיט אַ גרינגער האַרץ. פון מיר אייער

פריינד, דער געוועזענער רעדאַקטאָר פון דעם „דרעהדעל־צייטונג“, דער בעצעלינדערטער און בעברילטער שלימזל,

דאָקטאָר קוקורעקו.

---

## XIV.

### דער רעפּאָרטער אויף יענער וועלט.

מען האָט צונעפיהרט אַ גאַנצען פּריץ מיט אַ רייזע־טאַש אַנגעטהאָן צום סאַמע כסא הכבוד.

— ווער ביסטו? — האָב איהם דער מלאך דומה אַ פרעג געטהאָן (דער בביכול, וואָס איז אַ בוחן לבבות, האָט מיט דעם נייעם גרינעם גאָר ניט געוואָלט זיך פּאַסקודען און האָט פערלאָזען דעם כסא הכבוד).

— איך בין, סטייטש איהר זאָלט מ י ך ניט קענען? איך בין דאָך חיים חייקעל דער צייטונג־שרייבער — האָט ער איהם געענטפערט מיט פערשטעלטען מוטה.

— וואָס האָסטו עפּעס געשריעבען אין די צייטונגען?

— אַלסדינג!

— אַלסדינג? — האָט זיך דער שטן צולאַכט. דו הערכט דעם עזות, אַט איז ער אַ יודע הכל, ווי כביכול להבדיל, און האָט געשריעבען אַלסדינג, זאָל ער נאָר אויסרעכענען „אַלסדינג“ בעזונדער.

— יאַ, זאָג יעדע זאַך בעזונדער, — האָט דער מלאך דומה בעפוילען.

— נייעס, אדוני מלאך דומה.

— נייעס! — האָט דער שטן אָנגעהויבען שרייען ניט מיט זיין קול, — דו זאָלסט וויסען מיט וואָס פאַר אַ נייעס ער האָט געשטאָפּט דעם פּאָלק: מערי האָט זיך געשאָבען, דזשייק האָט זיך פערליעבט צו 13 יאָהר אין דער 12־יעהריגער קיידי, דער באָרדער איז אַנטלאָפען מיט דער מיסיס, אַ קאָזאַק האָט זיך בע׳גנב׳ט, איין איירישער האָט זיך איינגע׳שכור׳ט, אַ דייטש האָט געלאַכט פון אידען, אַ סאַלון־קיפּער לויפט פאַר אַ פּאָליטישען דזשאָב, אַן אַמעריקאַנער באַהן האָט זיך איבערגעקעהרט, אַ ניו יאָרקער טענעמענט־

הויז האָט אָבגעברענט. דאָס איז אַלץ אַזעלכע נייעס ווי דער זייל זאַלץ פון לוט'ס ווייב און ווי די ליעבע פון פּוטיפר'ן צו יוסף'ן. און טאָמער איז איהם די נייעס נאָך אויך וועניג געווען, האָט ער געהאַקט ליגענס פון קאָפּ, אַז לעבען בערדיטשעוו האָט אַ גוי גע'הרג'עט אַ אידען, אַז אין שנפּיעשאָק האָט מען אויפגעבויט אַ נייע מקוה, אַז אין מצרים האָט מען אַ אידען גע־מאַכט פאַר אַ שני למלך... און דאָס האָט ער גערופען אידישע נייעס, חא, חא, חא!

— אוי, אַ ממזר דער שטן איז! — האָב איך מיר געטראַכט — פון וואַנען וויים ער דאָס אַלעס? גלייך ווי ער וואָלט דערביי געשטאַנען.

— וואָס נאָך האָסטו געשריעבען? — האָט דער מלאך דומה אַ געשריי געטהאָן.

— לייט־אַרטיקלען — אדוני מלאך.

— אונפערשעהמטער קערל! — איז ווידער דער שטן אַריינגעפאַ־לען — דאָ ווילסטו אונז אויך פערבלאָפען. איך קען דיינע לייט־אַרטיקלען, דו האָסט געשריעבען איבער נאַציאָנאַליטעט, וועהרענד דו אַליין פלעגסט זיך תמיד אויסדריקען „אידעלע חזיר“, „אונזערע שמוציגע אידעלעך“. דו האָסט געשריעבען איבער ציון, וועהרענד דו האָסט תמיד געוואונשען אַלע אידען זאָלען אַוועק אין פּאַלעסטינאַ, אַבי דו זאָלסט זיי פון דאַנען אַרויס־פּטר'ען. האָסט געשריעבען איבער רעליגיאָן, וועהרענד דו אַליין האָסט געהאַט אידישקייט וועניגער פון אַ טאַמבאָווסקער קאַצאַפּ, האָסט געשריעבען איבער טאַגעס־פראַגען. וועהרענד דו האָסט פון דיינע אייגענע טעג און געזונד ניט געוואוסט, האָסטו געשריעבען איבער וויסענשאַפטען, וועהרענד דו האָסט אפילו די גראַמאַטיק פון דיין אייגענער שפּראַך ניט געלערנט... נון, זעהסטו דעם לייט־אַרטיקעל שרייבער.

„אָבער מיין ניט, קאָלעגא מלאך דומה, אַז ער איז שוין דערמיט יוצא, ער האָט נאָך געשריעבען ראָמאַנען וואָס האָט זיך ניט געקלעפּט איינס צום צעהנטען, וואָס האָט זיך ווידערשפּראָכען איין זאַץ מיט דעם אַנדערען אַבי אַ סך אינטריגען, אַבי אַ פּרינץ מיט אַ בעטלערקע צוזאַמענצוברייגגען, אַבי די טויטע זאָלען לעבעדיג ווערען, די פערברענטע דערטרונקען ווערען, די בלינדע רייך ווערען, אַבי מיט נבול פּה און דברים בטלים צו ערהיצען די פּאַנאַזיען פון די לעזער, צו בעמויבען זייערע געהירען און צו פערדומען

זייערע קעפּ. אָה, קאָלעגא, גיב מיר איהם אָפּ אין מיין רשות, וועל איך איהם געבען זאָ פיעל הייסע קאָהלען צו שלינגען, וויפיעל דומע פּראַזען ער האָט זיינע לעזער געגעבען.

— וואָס זאָגסטו דארויף? — האָט דער מלאך דומה צו איהם געשריען.

— וואָס קען איך זאָגען, אדוני מלאך, — האָט ער קוים געענטפערט און האָט געציטערט אויפ׳ן גאַנצען לייב — איך האָב אַליין אויך געוואוסט, אַז איך שטאָפּ דאָס פאָלק מיט דומע גראָבהייטען, דאָס פאָלק אָבער האָט ניט ליעב קיין וואַרהייטען, דאָס הייסט ביי איהר פילאָזאָפיע, דאָס פאָלק וויל געגאַרט און געבלאָפט זיין, זי וויל ניט וויסען, נאָר זיך אונטערהאַלטען, דאָס פאָלק איז דום און פערשטעהט ניט עטוואָס גוטעס, און איך האָב גע־וואָלט מאַכען אַ לעבען, האָב איך זיי געמוזט האָדעווען מיט לצנות און בדחנות, מיט היי און שטרוי, דאָס פאָלק איז איין עזעל מיט לאַנגע אויערען, דאָס פאָלק איז...

— ווערסטו ניט האַלטען מויל, דו שייגעץ — האָט איצט אַ געשריי געטהאָן דער מלאך מיכאל, זיך אויפהויבענדיג פון זיין שטוהל.

— דו ווערסט נאָך וואַגען צו שימפּפען איבער מיין פאָלק ישראל, דו גראָבער יונג, דו שמירער, דו פאָלקס־פערפיהרער, האָט דיך דאָס פאָלק געבעטען דו זאָלסט שרייבען דיינע שמאַטעס? האָסטו דאָס פאָלק געגעבען בעסערס און זי האָט ניט געוואָלט? דו שאַרלאַטאַן! דאָס אידישע פאָלק זיינען אַלע געשיידטע מענשען און האָבען ליעב פילאָזאָפירען און זיינען עמפפענגליך פאַר יעדען שעהנעם געדאַנק, פאַר יעדער שעהנער אידעע, אָבער וואָס זאָלען זיי טהון ווען איהר שאַרלאַטאַנעס שרייבער גיט זיי ניט עטוואָס גוטעס.

„וואָס איז דאָס אָרימע פאָלק שולדיג, וואָס אין גוטען גלויבען אין אייך האָבען זיי געמיינט, אַז אייערע נייעס איז אמת, אַז איהר ווייכט אין אמת׳ן מ׳עהר פון זיי אין וויסענשאַפט, אַז אייערע אונגאַטירליכע מעשיות זיינען אמת, און איהר אַליין גיט זיך אַלע מיהע זייער געשמאַק צו פערדאַרבען. פרובט נאָר, איהר פערקויפטע געוויסענס, איהר שאַרלאַטאַנעס שרייבער, צו מאַכען יד אחת, איהר זאָלט נאָר שרייבען גוטעס פאַר׳ן פאָלק, וועט איהר זעהן, ווי דאָס פאָלק וועט שלינגען אייערע ווערטער, ווי דאָס פאָלק וועט אייך אכטען, ווי זייערע נביאים, אָבער איצט כאָטש דאָס פאָלק לייענט

אייערע דומהייטען דאַך פערראַכטעט זי אייך, ווי די שפּינען, ווייל זי פיהלט אַז איהר זאָגט איהר קיינע וואַרהייטען, אַז איהר דיינקט אַנדערש, ווי איהר שרייבט, און אַלע פערברעכען פון דעם פאָלק הייגגען אויף אייער געוויסען. ווען איהר זאָלט נאָר וועלען, וואָלט איהר דאָס פאָלק געקענט גליקליך מאַכען, אָבער איהר זיינט פערדאָרבען...

— שולדיג! — האָט אַ געשריי געטהאָן די גאַנצע פמליה של מעלה, די הימלישע דזשורי.

— די גרעסטע שטראַפע זאָל מען פאַר דעם פערברעכער אויסזוכען, — האָט דער מלאך דומה בעשטעטיגט.

— די גרעסטע שטראַפע — האָט דער שטן אונטערגעכאַפּט — איז נגד איהם צוריק צו בעשאַפען, זאָל ער ווייטער זיך מוזען מוטשען אויף זיין אַלטער וועלט.

ער האָט דאָס דערהערט, האָבען זיך איהם די האָר געשטעלט קאַפּויר, ער האָט געמיינט ער וועט בלויז האָבען אָבצוקומען די שבעה מדורי גיהנם מיט'ן כף הקלע און ווייטער גאָר נישט, אָבער צוריק בעשאַפען ווערען, — דאָס איז שרעקליך, און ער האָט אויסגעשאָסען מיט אַ יאָמער־געוויין, אַז אַ שטיין האָט געקענט פּלאַצען פאַר רחמנות.

— זאָל ער דאָ אָבקומען פאַר זיינע זינד! — האָט זיך פּלעצליך דער־הערט די שטימע פון דעם בעל הרחמים אַליין און ששים רבוא מלאכי־חבלה האָבען איהם אַ כאַפּ געטהאָן און אַריינגעוואָרפען אין אַ קאָכעדיגען קעסעל טינט און ער קאָכט זיך. אויב ער וועט נאָר פערטיג ווערען אין אַ טאָג, וועל איך געוויס ניט פערזאַמען אייך צו שרייבען מיין ווייטערען רעפּאָרט.

---

# פינפטע סעריע.

---

# בייזע חלומות

---

## I.

### טהעאטער טיקעטס.

דאכט זיך אזוי, אים געוועהנליכען לעבען, שיינט מיר, אז איך בין א גאנצער פילאזאף און איך גלויב שוין אין קיין זאך ניט, אבער אז עס קומט צו דיזע חלומות הויבט דאך אן שפיעלען די פאנטאזיע, אז עפעס מוז דא פארט זיין ווירקליכעס.

מיין יואל זאגט, אז חלומות זיינען אן אפשפיעגלונג פון לעבען, וואס מען זעהט און פיהלט ביי טאג, חלום'ט זיך ביי נאכט. ווען דאס זאל אמת זיין, וואלט זיך מיר א שטייגער געדארפט חלום'ן נאר איין חלום, „וואו נעהמט מען געלד?“ ווייל קיין אנדער געדאנקען ווי געלד, האב איך שוין ניט געהאט די לעצטע 75 יאהר.

מיין שווער זאל לעבען זאגט, אז חלומות קומען פון א שלעכטען מאגען; דאס איז אויך ניט אמת, ווייל איך האב זעהר א גוטען מאגען. וואס קען נאך זיין בעסער ווי א מגן־דוד, וועלכער שרייט מיט איין קול עסען! אבי עס זאל נאר זיין וואס.

א פנים אז דאס ריכטיגע איז, ווי אונזער הייליגע גמרא זאגט, אז א חלום איז א מקצת נבואה....

און אט אזוי פילאזאפירענדיג האב איך מיך נעכטען געדרעהט אויף מיין געלעגער הין און הער און האב ניט געקענט איינשלאפען. און אז מען שלאפט ניט, טראכט מען, און פון חמור'ט קומט מען צו חמור חמורתים.

פלוצים דערהער איך א קוויטשעריי ביי מיר אין בעד־רום. דא האבען

מיר זיך געשטעלט די האָאָר קאַפּויער פון שרעק. מיינט ניט אַז איך האָב חלילה מורא פאַר מייז, פאַר חיות וואָס האָבען מורא פאַר'ן שיין פון טאָג, און לעבען נאָר אין דער פינסטער, האָב איך שוין לאַנג אויפגעהערט מורא צו האָבען. און דאָך איז די קוויטשעריי געווען עפּעס אַ בעזאָנדערע. מיין יענטע האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט פון שרעק.

— ווער זאָל דאָס קוויטשען ? דאַכט זיך די בייבי שלאָפט — זאָג איך צו מיין יענטע.

— וואָס ברעכסטו דעם קאָפּ, געה אַראָפּ און זעה. — איך זוך אַהער, זוך אַהין, מאַכט זיך גאָר ניט עפּעס פערדעכטיגעס. ענדליך האָב איך עפּעס דערשפּירט, אַז די קוויטשעריי קומט פון אַ דראָר אין דער ביוראָ.

איך האָב לאַנגזאַם געעפענט די ביוראָ און אָט טראַכט איך, וועלען ארויסשפּרינגען אַ דאָזען לעבעדיגע קוויטשערס. אָבער עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. איך זעה ליגען אַ פּאָאַר דאָזען פּעקלעך טיקעטס פון פערשיעדענע טשאַריטיעס, לאָדזשעס א. ז. וו. און דאָך קומט די קוויטשעריי פון דעם דראָר.

איך בויג מיך איין און לעג צו מיין רעכטען אויער, אָה גאָט ! טאַקע די טיקעטס קווימשען.

פון די פערשיעדענע קאָליערען פון די טיקעטס און פון זייער בעוועגונג בין איך אַזוי איבערראַשט געווען, אַז עס מיר גאָר ניט איינגעפאַלען די פראַגע, ווי קענען טיקעטס אייגענטליך קוויטשען. אָנשטאָט דעם האָב איך גאָר מיט בעס אַ געשריי געטהאָן :

— שקצים ! לויפערס ! וואָס איז דאָס פאַר אַ קוויטשעריי אין מיטען נאַכט ? וואָס הייסט שטערען יענעמס רוה אין סאַמע בעד־רום ?

און מיין אַלטע האָט זיך נאָך צושריען אויף'ן קול :

— מאַך זיי דאָרט שטיל, זיי וועלען אויפוועקען די בייבי. — אָבער וואו הערען זיי, די קוויטשעריי פערגרילצט די אויערען.

איך בין טאַקע אַ נאַראָוויסטער מענש (אין ענגליש „נערוועז"), דאָך אין אַזאַ פאַל ווערט מען נייגיעריג און האָב געזאָגט גאַנץ פריינדליך צו זיי :

— לאָמיך הערען, עפּטער אַלל, וואָס קוויטשעט איהר ? איהר ליגט אין דער וואַרעם, האַליעט דאָרט שטיל.

— הערט מיך אויס, הערר שלימזל ! — איז אַרויסגעשפּרונגען אַ רויטער טיקעט : — איהר דאַרפט וויסען, אַז איך בין פון דעם גרויסען קאָנצערט און

באַל פון דער פּ. צ. ט. צום צוועק צו פערברייטען דעם אידעאַל פון קיין קאָמפּראָמיס אין דער וויסענשאַפטליכער שפּאַלטונג פון דער פּיור און סימפּל מאַנדאַט אַמענדירט פון אונזער נעקסטען קאַנדידאַט פאַר׳ן פּאָליטישען קאַמפּיין בעטווין די אינדאָסטריעל און פעדערייישאָן, וועלכע. . . .

— סטאַפּ, סטאַפּ! וואָס זשע קוויטשעסטו?

— ווילען מיר אָט די שקצים אַרונטערשטופּען פון אונטען, אז זיי זאָלען פריהער פערקויפט ווערען, און איך זאָל נאָך חלילה בלייבען ליגען.

— אָט הערט ניט דעם אפּיקורוס — האָט זיך איצט צוקוויטשעט א געלער טיקעט מיט אידישע בוכשטאַבען:

— איך בין פון דעם ראַפּעל און ענטערטיינמענט פון דער חברה „אסור לרחם אנשי אוהבי בצע“ — שאוולער ספרד׳ישער קאָנגרעגיישאָן מחזיקי הדת אונטערשטיצונג פעראיין אָוו פילאַדעלפיאַ, און דאָס ראַפּלען מיר א חנוכה לעמפּעל און דער פּראָפּיט וועט געהן צו מאַכען א מעדאַל אונזער ווירמדיגען גבאי, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט לעצטעם יאָהר זיעבען גוטשטעהענדע מעמבערס... און אָט די רויטע באַנדע טיקעטס ווילען מיך אַרונטערשטופּען איך זאָל בלייבען דער לעצטער.

— שאַ, אָרדער, פּליז! — האָט יעצט מיט שטאָלץ געקוויטשעט א גרינער טיקעט, מיט דייטשע אותיות:

— ווירדיגער הערר שלימאַזאַל, היירען זי, מיך אַמאַל, איך בין דער עקסקוירשאָן טיקעט פון דער טענדאַ וואַרענדאַ לאַויזשע נומער ערגער פון דעם אָרדען בנות צלפחד אָוו אַמעריקאַ, ענד זי מיסען וויסען דאָס עך בין געפּעסט געוואָרען צוב וואויל ענד בעסטען דער לאַויזשע מאָן זאָל קאָנען בעצאָהלען די ענדאָוומענטס, אַסעסמענטס, שטראַפּען, שבעה געלדער, רע־גאַליען, קראַנקען געלדער, אויסשטאַטונגס, אַריערס, אָרדענס־בייטרעגע, סעמעטערי, רעזערוו פאָנד, פּראָפּאַגאַנדאַ פאָנד, הוצאות, עקספּענצעס שפּעזען ענד זאָנסטיגע אויסגאַבען ענד וויר טהוען ניכט האַבען קיין צענט אין דען הענדען דעם שאַטצמייסטערס, ענד דיזע לומפּען וואָלען מיך פּערדרענגען אַלס דעם לעצטען...

— שאַט, אַפּ, קיפּ קוויעט, איהר יאָלדען געזינדעל! — האָט יעצט אויסנעזוננען א גרויער טהעאַטער טיקעטעל:

— האָסטו דיר א כאָפּטע קהל׳שע פּערזאָרגער, וועלט־פּערבעסערער,

שטאָרט קנאַקערס, הימעלס הינד, כאַפּט זיי אַלע דער רוח, פערגעסט ניט הערר שלים שלימזל, דאָס איך בין דער טיקעט פון דעם וועלטבעריהמטען זינגער און טענצער, דער שטערן און די פּאַטילגיצע צוזאַמען פון דער אידישער ביהנע, דער אידישער כאַלוויני, וואָס מיט זיין קאָמיק קרוינט ער די קונץ און מאַכט עהרע דעם יודענטהום, וואָס זיינע דיימאָנדס און בריליאַנטען בעלייכטען דעם אידענס פינכטערען גלות, וואָס ער פערשאַפט אייך הימעל־שען פערגעניגען, ווען עס הויבט אייך אָן שטעכען אין די זייטען לאַבענדיג פון זיינע אָריגינעלע וויטצען, וואָס ווען.... קימען די משה׳ס טיקעטס און וואָלען מיר פערשטויסען אין דער לעצטער רייהע. ניין, און טויזענד מאָל ניין.

— זיי פערטויבען אייך אומזיסט דעם קאָפּ, מיסטער שלימזל — האָט יעצט אונטערגעקוויטשעט א בלוי טהעאַטער טיקעט׳ל:

— הערט זיי אַלעמען ווי די קאַז, איך בין וויכטיגער פון זיי אַלעמען, איך בין דער טיקעט פון דעם בענעפיט פאַר מר. שלמה טויגעניכטס, וואָס איהם אַרט ניט צו אַרבייטען אין א שאַפּ, און וויל איצט געהן עפּענען א קענדי סטאָר צו שפּיעלן פינאָקעל, וואו דער אונגליקליכער אַרבייטער זאָל האָבען אַן אַנשטענדיגען פּלאַץ צו ספּענדען זיין איבעריגע צייט און פּאָאַר גראָשען, קומען זיי און קוועטשען מיר אַרונטער...

— שלימזל, וואָס האָסטו דיך דאָרט אַניעדערגעשטעלט אויסהערען זייערע טענות?... — האָט מיין יענטע איצט צוגעקוויטשעט:

— איך דאַרף זיי אַלע ווי א לאָך אין קאָפּ, עס פעהלט דיר אודאי איצט פערגעניגען, אַז עס איז ניטאָ מיט וואָס רענט צו בעצאָהלען, אַלע מיהסים, איינער גרעסען פון דעם אַנדערען, מאַכען גליקליך די וועלט און דאָך זוכען זיי דיין אָרימען ליידיגען פּאָקעט, אָט געה איך אַראָפּ און וואַרף זיי אַלע אַריין אין אויוון, כאַפּט זיי...

— נאָט זאָל דיך היטען, מעהר ווי דאָס ווילען זיי ניט, דאַן וועל איך פאַר זיי אַלע מוזען בעצאָהלען.

— וואָס דען, דו ווילסט דאָרט שטעהן נאַקעטערהייד און אויסהערען זייערע דרשות, אָט געה איך אַראָפּ וועסטו ביי מיר כאַפּען א וויכטען סוף מיט זיי אין איינעם.

און מיט די ווערטער איז זי טאַקע אַראָבגעשפּרונגען און צווישען אונז האָט זיך אָנגעפאַנגען א מלחמה ווי געוועהנליך און מיר האָט געשיינט, אַז

איך האָב, כאָטש קאַלטבלוטיג, איהר דאָך בעסער געגעבען. און אַט הער איך שוין ווי אַלע טיקעטס שרייען מיר בראוואָ! ביס! אָבער אין מיטען דערינען האָב איך מיר אויפגעכאַפּט, און מיין יענטע האָט אויסגע׳בטל׳ט אַלע חלומות צו מיר, דערפאַר וואָס איך רייד פון׳ם שלאָף, און איך האָב אויסגע׳בטל׳ט אַלע בייזע חלומות צו אַלע טיקעטס.

---

## II.

### פּאָמפּאַדור און די קליאַטשע.

אין יוראָפּ אַ ראָמאַן האָט מען עס געלעזען עטליכע מאָל און פריינדע געליהען און דערנאָך אין דער ביבליאָטהעק אריינגעשטעלט. אַ צייטונג פלעגט מען קלייבען, איינבינדען אַ גאַנצען יאָהרגאַנג און אריינשטעלען אין אַ שאַפע. עס איז דאָרט געווען עטוואָס גוטעס אַ מאָל נאָכצושלאָגען, זיך איינצוקוקען, צו לערנען — אַ פריינד ביז אין טויט.

דאָ אין אַמעריקאַ: אַ צייטונג, אַ ראָמאַן — דורכגעלעזען און אוועק־געוואָרפען.

הלואי וואָלט איך עס ניט געטהאָן, וואָלט איך אויך צו זאָלכע שרע־קענים ניט געקומען.

נעכטען ביי נאַכט וועקט מיך אויף מיין יענטע:

— יואל, שטעה אויף! מיר שיינט אימיצער דרעהט זיך אין פּאַרלאָר.

— שלאָף, איך בעט דיך, איך אַליין האָב די טהיר פערשלאָסען.

-- אָבער הער דעם רויש, איך האָב מורא, איך קען ניט איינשלאָפען.

איך האָב מיר אויסגעצוכעט: זי האָט רעכט, עפּעס קלאַפּט עס, עס רוישט, עס שאַרט זיך. וואָס קען דאָס זיין?

איך בין קיין שרעקעדיגער קינד, איך האָב באַלד געכאַפּט מיין רע־וואָלווער און באַלד אָנגעצונדען אַ לאָמפּ און בין גאַנץ שטיל צוגעגאַנגען צום פּאַרלאָר, געוועהנליך מיט דעם רעוואָלווער אויסגעשטעלט, באַלד אויסצו־שיסען.

אָבער הערט מיין שרעק, איך בין געבליעבען שטעהן ווי אַ פּעררי־קטער,

צוויי ביכער האָבען ארויסגעטאנצט פון מיין ביבליאָטהעק און שפּרינגען און רייסען זיך ווי די העהנער.

איינעם האָב איך באַלד דערקענט, די קליאטשע פון אבראמאָוויץ איז שוין נעבעך געוועזען האַלב טויט און קוים וואָס זי האָט זיך נעבעך פערטהיידיגט, און דעם צווייטען האָב איך ניט געקענט באַלד דערקענען, ווייל ער איז געשפּרונגען ווי א משוגענער איבער די טישען, איבער די בענק, האָט געפּאטשט מיט די טאָוולען, געשטאָכען מיט די ווינקלען, איז געפלויגען און געשריען ווי א פערריקטער.

איך גיב איהם א קוק אין פּנים, אהא, דאָס איז דער וועלט־בעריהמטער היסטאָרישער ראָמאן, — די קעניגין פּאָמפּאדור, איברעזעצט פון אידישען לעבען און ענטדעקט די געהיימניסע פון די רוסישע ניהיליסטען אין מאַצעדאָניען אין 13טען יאָהרהונדערט און פון די שפּאנישע אינקוויזיציאָן פאר פּעטער וועליקי אין קאַליפאָרניער גאָלד־גרובען. שפּאנענד, ריהרענד, נאַטירליך, ווילד, משוגע, בעלעהרענד, ליידענשאפטליך, פאר אלע קלאסען דער מענשהייט, ווי פאר אָרטהאָדאָקסען אזוי אויך פאר פרעהליכע הייזלאַך, פערפאסט פון דעם וועלט־בעריהמטען אידישען פּוטיפרע, דעם סמאַרגאָנער ליטוואק.

— טויטע ביכער שלאָגען זיך, וועה איז מיר! — האָב איך א געשריי געטהאָן. מתים, וואָס איז דאָ מיט אייך?

— מיר זיינען ניט קיין מתים! — האָט פּאָמפּאדור א געשריי געטהאָן. איך בין געשריעבען אין זשארגאָן, זשארגאָן איז א לעבעדיגע שפּראַך.

— אָלל רייט, לעבסטו, אָבער וואָס איז דאָס פאר א געשלעג, ווארום טאנצסטו און שפּרינגסט און שטערסט די רוהע?

— זי, די קליאטשע, שטורכעט זיך, זי טרייבט מיך, קעניגין ארויס פון דער שאפע.

— איז דאָס אמת, קליאטשע? — האָב איך געפרעגט די אנדערע, וואָס איז געשטאנען טרויעריג.

— עס איז אמת, איך קען מיט איהר אָבער ניט שטעהן צוזאמען. עס ווערט מיר אזש רויט דאָס פּנים פאר איהרע נבול פּה, איהרע ליגענס שטעהען מיר די אויערען, איהר שפּראַכע קריצט מיר אונטער די צייהן, איהרע פּלוידערייען עקלען מיך אָב. זי זאָל כאָטש שטעהן שטיל, וואָלט מיך ניט

געארט, מאַכט זי אָבער געוואַלדען און וואַרפט זיך אויף מיר און בעריהמט זיך מיט איהר חן, מיט איהר בילדונג, מיט איהר פילאָזאָפיע און מיט איהר ערפאָלג. איך קען זי ניט ליידען און זי קריכט, ווי א שוויין, מיר אין פּנים אריין.

— נו, וואָס זאָגסטו, פּאַמפּאַדור? איז דאָס רעכט אזוי יענעם צו־דרענגליך צו זיין?

— איך וויל ניט מען זאָל מיך קריטיזירען, — האָט זי גענטפערט מיט חוצפה. איך בין פיינער פון אַלע דיינע ביכער, איך האָב זיי אַלע אין דר'ערד, איך בין פילאָזאָפיש, איך בין וויסענשאַפטליך, איך בין היס־טאָריש, איך בין אידיש, איך בין אינטערעסאַנט, מיך כאַפּט יעדער, ווייל איך בין „עפּעס ניט שייך“, איך בין א פּלוידערייי פון סאַמע פּלוידערזאַק, איך האָב אייך אַלע אין דר'רעד! האָט זי זיך צושריען ווי א מאַרק־אידענע אָדער ווי א זשאַרגאָנישער ליטעראַט, און איז מיר אליין אויף געשפּרונגען ווי א קאַץ אין די אויגען.

— אזוי, דו חצופה! נעהמסט זיך איבער מיט דיין פּלודיעריי, און שפּרינגסט נאָך אַנדערע אויפ'ן קאָפּ? — געה־זשע מיר ארויס פון הויז, דו ביזט ניט ווערטה אין א אידיש הויז צו קומען; געה און טאַקע שוין! געה אין די פּרעהליכע הייזלעך, דאָרט איז דיין פּלאַץ.

און מיט די ווערטער האָב איך זי געכאַפּט ביי די אויערען און ארויס־געוואָרפען דורכ'ן פענסטער. און דאָס רוהיגע קליאַטשקעלע האָב איך גע־נומען צו מיר אין בעט אריין און איך מיט מיין יענטע'ן האָבען פון איהר גאָר אָנגעקוואָלען...

אָבער דער מילך־מאַן האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט.

---

## III.

### דער וועלט קאָרסעט.

עס איז שרעקליך! עס שטעלט זיך די האָאר פּשוט קאַפּויר! צו וואָס די פאַנטאַזיע קען אמאָל דעם מענשען ברייננגען. אין פּיעל היצינע קראַנקהייטען

האָבען מיר זיך שוין פאַרגעשטעלט פערשיעדענע משוגעת'ן: אז איך קען פליהען, אז איך האָב געפונען א סך געלד, אז דאָס בעטעל קעהרט זיך איבער און איך פאַל אין דער שאול תחתיה, אז עס האָט זיך געעפענט דער שילינג און עס שיטען זיך רענדלעך, אז איך בין דער אידישער מאָסט און מאָרגען נאָך מיטאָג מאַך איך די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, אז עס איז הושענה רבה ביי נאַכט און דער הימעל שפּאַלט זיך און איך זעה די מלאכים מיט די קעלבערנע פיסלעך... אַלעס, אַלעס האָב איך שוין מיר אין דער פאַנטאַזיע פאָרגעשטעלט, אָבער אז איך בין א אידענע, א נקבה, אָ הימעל! דאָס האָט זיך מיר גאָר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אז עס וועט זיך מיר אמאָל פאָרשטעלען, און דאָך הימעל עפען זיך! הערט און שטוינט:

אונזער ווערטהער מיטארבייטער, דר. ספּיוואַק, האָט אין זיין ארטיקעל „די פרויען קליידער" געשילדערט דעם קאָרסעט, ווי ער דריקט, קוועטשט, פּענטעט, שנירעט און דושעט די אָרימע פרויען־ריפּען, האָט דאָס אויף מיר אזא שטאַרקען איינדרוק געמאַכט, אז עס האָט מיר באַלד ערשיטערט די געהירען, פערקוועטשט די הארץ, פערדישעט דעם אָטהעם, פערשנירעוועט די אויגען און איך האָב באַלד דערפיהלט, אז איך בין א נקבה, א שעהנע נקבה, אָבער אָה וועה! מיינע ביינער ווערען מיר צובראָכען! איך בין איינ־געשנירעוועט אין א קאָרסעט, אין אייזערנע צוואַנגען־רייפען. דאַכט זיך איך פלאָנטע מיט די פיס, אָבער די אָדערען פון די פיס זיינען פערדריקט אונטערן קאָרכעט, דאַכט זיך מיין טאַליע ווערט שעהן ווי א פיעדעל, אָבער מיין מאָגען פּלאַצט אונטערן קאָרסעט. דאַכט זיך איך מאַך מיט די הענד, אָבער פּאַוואָליע! עס רייסען זיך די מוסקולען אונטער די אָרעמס. איך וויל מיך פריי א בייג טהאָן, שטעה! די ביינער טראַסקען אונטערן קאָרסעט.

איך בין טאַקע א שעהנע לײדי, אָבער געוואַלד דער קאָרסעט!

דער קאָרסעט! שרעקליך! די גאַנצע וועלט ארום מיר איז געוואָרען א קאָרסעט, און וואו איך גיב נאָר א קוק, איבעראַל עקזיסטירט נאָר דער קאָרסעט:

מיין ווייב מאַכט מיר דעם טויט, זי גריזעט מיר אָב דאָס הארץ און אָט דאַכט זיך וויל איך מיך פון איהר בעפרייען, אָבער אָה וועה, דער קאָרסעט איז שטאַרק פערשנורעוועט און די עקען בענדלעך האַלט דער רב פעסט אין זיינע הענד.

יואל איז געקומען צו מיר מיט אַ קליינע ביטע, איך זאָל זאַ גוט זיין און איהם לייהען עטליכע דאָלאַר. דאכט זיך, אַט האָב איך איהם שוין געוואָלט פרעגען: אויף וואָס קוקענדיג זאָל איך דיר לייהען? איך קען דיר דאָך, אז דו האָסט קיינעם ניט אָבגעגעבען? — אָבער אָה, מיינע פערשנירעוועטע נערוועז אין דעם העפליכקייטס קאָרסעט.

איך געה ארוים פּעדלען מיט מיין קליינעם סטאַק אויף די פּלייצעס, דאכט זיך וואָס בין איך ערגער פון וואנאמייקער? צו דען ווייל ער האָט גרויסע סטאָרס מיט געפּאַקטע קאַסטענס, מיט עקספּרעסען און מענשען די וואַרע צוצושיקען, מעג ער זאַמלען מיליאָנען, און ווייל איך מוז טראָגען מיין ביסעל וואַרע אַליין, טאָר איך אפילו קיין לעבען ניט מאַכען? ווייל איך האָב ניט קיין לייסענס, — דאכט זיך אַ פרייע קאָנטרי — אָבער אָה וועה, דער קלאָב, דער געזעץ־קאָרסעט.

דאכט זיך, וואָס פאַר אַ פייערינע יוגענד עס עקזיסטירט אין רוסלאַנד, וואָס פאַר אַ גרויסע גייסטער, הייסע געמיטהער, ווי בליהט דאָרט די בילדונג אין די לעצטע 50 יאָהר און דאָך, ניט נאָר מען קומט ניט אַ שריט נעהנטער צו דער בעפרייאונג, נאָר די אונטערדריקונג ווערט מיט יעדען יאָהר נאָך שאַרפער, ווייל אָה, עס איז נאָך פערשנורעוועט דער דעספּאָטישער, טיראַנישער קאָרסעט.

ווי שעהן בליהט דער סאָציאַליזמוס אין דייטשלאַנד, אן ארמעע פון 3 מיליאָן שטימען, מיט 40 אָבגעאָרדענטע, מיט אַ זעהר און זעהר שטרענגע פּאַרטיי דיסציפּלין, און דאָך רבונו של עולם! עפּעס די פּרעס און רעדע־ פרייהייט רוקט זיך אויך צוריק, ווי אַ ראַק — אָה, מיינע אָרימע ביינער! זיי ווערען צודריקט אין פּאָליטישען קאָרסעט.

אין אַלע צייטונגען ווערט געשריעבען פון פרייהייטס־אידעען, אין אַלע האָללען ווערט געפּרעדיגט פון זעלבסט־שטענדיגקייט, אַלע סטריטען זיינען פול מיט נייע ערפינדונגען און ענטדעקונגען, אַלע ביבליאָטהעקען מיט פּאַק־ טען און סטאַטיסטיקען... און דאָך ווערען אַלע טאָג געבויט נייע קירכען, אין יעדער גאַס נייע מיסיאָנערען און אין יעדער הויז נייע פאַנאַטיקער... אָה, עס קוועטשט מיר ארוים די נשמה דער רעליגיאָנס־קאָרסעט.

איך האָב דאכט זיך ביי מיין טאַטען ניט געזעהן קיין מאַהאַגאָני־ מעבעל, קאַרפּעטס און לייס קוירטענס, מיין בעשערטער איז אויך אומגע־

לאָפּען באָרוועס ביז 12 יאָהר מיט אַ טאָג, און איצט איז זייד, לייס־קאָר־בּעט,שטרויס־פּעדערען, געוואָרען נויטיגער אַלס ברויט. אָה, מיינע גליעדער קנאַקען אין דער מאָדע־קאָרסעט!

ווי גערן וואָלט איך היינט פריה נאָך אַ ביסעל געשלאָפען, ווי אַנגע־נעהם וואָלט איך זיך אַביסעל נאַריש מאַכען מיט מיין ווייבעל, מיט מיינע קינדערלאך, מיט מיינע עטליכע גוטע פריינד צו פערברייגגען, אָדער טאַקע נאָר אַ ביסעל אויסצופאָהרען פון דער שטויביגער הייז אין אַ פּאַרק אריין. דאכט זיך איך דין ניט ביי קיינעם, איך בין פריי... אָבער ניין, שטעה! איך בין זאָ שרעקליך צוזאַמענגעדריקט אין דער פּרנסה־קאָרסעט!

ווי גליקליך וואָלט איך מיך געשעצט, איך זאָל קענען מיך פעסט האַל־טען אָן מיין אייגענער מיינונג, רעדען און שרייבען אָפּען נאָך מיין אייגענער איבערצייגונג, לאַכען און קריטיזירען פון אַלע עקסטרעמע אידעען, פון אַלע נארישע זייטען... אָבער, אָה מיין אָטהעם איז פערשטיקט אונטער דעם מיי־נונגס־פערשיעדענהייטס־קאָרסעט!

און וויפיעל קאָרסעטען עס דריקען נאָך די מענשהייט, וויפיעל קאָר־סעטען קלאַמערען ארום יעדען איינעם פון אונז, וויפיעל קאָרסעטען עס דישען מיך אליין! און ווי גערן וואָלט איך געוואָלט ווערען צוריק אַ מאַן, אראָפּרייסען פון מיר מיין קאָרסעט, און איך צייגען מיינע אָבגעקוועטשטע זייטען און אויסגיעסען פאַר אייך מיינע איינגעשנורעוועטע געפיהלען!... אָבער איך האָב מורא איהר וועט מיר ניט אויסהערען, ווייל איהר זייט אייך פערקלעמט אין דעם לאַנגווייליס־קאָרסעט.

און גאָט וויים ווי לאַנג נאָך איך מיט אייך אַלע אינאיינעם וועלען ליגען געבונדען אונטער דעם שרעקליכען וועלט־קאָרבעט?!!!

---

## IV.

### דער וואורשט־סטאָר

די צייט איז שלעכט, לייזונג איז טהייער און דערפאר דענק איך, אַז איהר וועט מיר ערלויבען אין אייער צייטונג ערעפנען מיין וואורשט סטאָר, ווייל דאַהורך וועלען מיר ביידע געווינגען לעזער, ווער עס וועט קומען אין

אייער צייטונג, וועט נעהמען לעזען מיין ווארשט סטאָר, און ווער עס וועט קומען אין מיין ווארשט סטאָר, וועט נעהמען צו לעזען אייער צייטונג.

פרעגט גאָר ניט, ווי קומט א ווארשט סטאָר אין א צייטונג ? פאר וואָס מעג זיין א צייטונג אין א ווארשט סטאָר ? מעג דאָך זיין א ווארשט־סטאָר אין א צייטונג ?

ווי איך קום צו א ווארשט סטאָר ? איז גאנץ איינפאך ; ווען די גאנצע וועלט האָט געהאט ברויט און צום ברויט, האָב איך קוים געהאט דאָס שטיקעל טרוקען ברויט ; יעצט, אז די וועלט האָט שוין קיין ברויט אויך ניט, וויל איך האָבען צום ברויט און האָב געעפענט א ווארשט סטאָר.

נור בין איך א שלים־מזל, איז מיין ווארשט סטאָר געווען שלים־מזל, ווייל אזוי ווי איך בין שוין מיט גרוים צרות פערטיג געוואָרען מיט'ן אויסלעגען און אויסשטעלען אלעם אויפ'ן פּלאַץ און האָב שוין א דאַנק גאָט אויפגעהאנגען דעם רב הכולל'ס סיין אויף א לאנגען קעלבאַס אין דעם פענס־טער און געה ארויף נאָך 12 אוהר שלאָפען אין מיין רומקע און האָב נור וואָס די אויגען צוגעמאכט, אהא א געפּילדער, א טראסקעריי אין מיין ווארשט־סטאָר !

איך כאַפּ מיך אויף ניט טויט, ניט לעבעדיג און הער מיך צו ; שרעקליך; קאָרען־ביף, סאלאמי, האמבורגער ווארשטלעך, פאסטראמע, צונגען, פּי־קעלס, פּאָמפּערניקעל געוואלדעווען, שרייען, קלאפּען, פייפען, שלאָגען זיך, רייסען זיך ?

וואָס איז דאָס ? א סטרייק ?

פאר וואָס, פאר ווײדזשעס ? דאכט זיך, איך האָב פאר זיי בעצאָהלט מעהר, וויפיער זיי זיינען ווערטה — פאר אָבער־טאַים ? וואָס בין איך שול־דיג, אז דער פּאראזיט, דער מאנופעקטשורער האָט זיי געהאלטען צו לאנג ? ביי מיר זיינען זיי דאָך נאָך קיין 8 שטונדען ניט ? —

פיעלייכט בעטראכטען זיי די פּיקעלס אלס סקעבס, ווייל זיי זיינען ניט פון זייער יוניאָן ? ! וואָס איז נעבעך דער פּיקעל שולדיג, אז ער איז ניש אזוי אָנגעשטאָפּט ווי זיי ? אז ער זויערט זיך לענגער ווי זיי ?

שאַ ! פיעלייכט א הונגער־דעמאָנסטראציאָן. דאָס וואָלט איך אָבער געקענט גלויבען אויף די וויענער־ווארשטלעך, וועלכע האָבען נעבעך קיין פּיצעל־פלייש אין די אויגען ניט געזעהען, אָבער ווי קומען די צונגען דערצו ?

דאָנער־וועטער! אַ רעוואָלוציאָן, די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן! און מיינע וואורשטלעך די ערשטע? ניין, דאָס קען ניט זיין. עס איז ניטאָ איינער פון זיי, וואָס זאָל זיין וויסענשאַפטליך, וואָס האָט געלערענט „מארקס" אָדער „לאַסאַל", ווי קומען זיי צו וויסען פון רעוואָלוציאָן.

עס מעג זיין וואָס עס וויל—איך מוז ארונטערגעהן זעהן, וואָס דאָס איז.

איך האָב אויפגעשלאָסען די טהיר, שרעקליך! מען שפּרינגט, מען שרייט, מען שימפּפט זיך. איך שריי מיט אַלע כחות, קיינער קען מיך ניט, איך בין ארויפגעשפּרונגען אויף דעם טיש, געכאַפּט דעם שאַרפען מעסער און האָב אָנגעהויבען שרעקען דעם עולם, אז איך וועל שניידען אָהן רחמנות, אויב מען וועט מיר ניט זאָגען, אין וואָס בעשטעהט די זאך? וואָס פאר אַ געפּילדער דאָ איז?

אַ יוניאָן מיטינג! אַ יוניאָן מיטינג! האָבען אַלע געענטפערט אין איין קול.

אַ יוניאָן מיטינג, נו, קענט איהר ניט פיהרען פּאַרלאַמענטאַריש? האָט איהר גאָר קיינע רולס? וואָרום ווילט איהר ניט קיין פּאָרזיצענדען?

נאָך שווערער מיהע איז מיר געלונגען, איך זאָל געוועהלט ווערען אַלס פּאָרזיצענדער און עטוואָס אָרדנונג מאַכען.

מיין ליסטע מיט די נעמען פון די אַלע וואָס האָבען גענומען דאָס וואָרט, איז באַלד פול געוואָרען מיט די גראָב־בייכיגע פעטע סאַלאַמי, די גע־פעפּערטע ביטערע יונגען די פּאַסטראַמע, די דאַרע מאָגערע וויענער וואורשט־לעך, דעם רב'ס סיין, די אָנגעטרונקענע קאָרענביף, פעסימיסטישע פּיקעלס מיט די זויערע מינעס, די פּאָליטישע לעבער־וואורשטלעך, די דיקע אָקסען־צינגער און די שפּיציגע שאַרפע צינגלעך א. ז. וו.

די טאַגעס־אָרדנונג איז געווען — די שלעכטע צייטען, די באַנקראָטען, דער הונגער, דער פּאַניק, דער קריזיס....

— הערר וויענער וואורשטעל, זיי האָבען דאָס וואָרט. —

— מיינע ברידער און פריינדע, איהר זעהט וואָס עס טהוט זיך איצט אויף דער וועלט! — טויזענדער ארבייטער געהען אום אָהן ארבייט, פאַבריקען ווערען געשלאָסען, באַנקען באַנקראָטירען, געשעפטסלייטע סטאָקען, אַלע סחורות פאַלען, דער קריזיס ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער, מען מוז זעהן אויס

געפינען די אורזאכע דערפון און זוכען מיטעל אָבצוהעלפען די לאגע, עס זאָל ניט קומען צו א הונגערס־נויט. —

— איך ווייס די אורזאכע און די מיטעל — האָט גענומען דאָס וואָרט א פעטער סאלאמי — דאָס גאַנצע אונגליק איז געקומען דורך דעם שערמאַן־ביל, וואָס זילבער איז געפאלען, אז מיר זאָלען אלע פּראָטעסטירען דאגעגען, וועט אונבעדינגט בעסער ווערען.

— מיין פאַררעדנער אין אַן עזעל — האָט דער דיקסטער וואורשט גע־ענטפערט — דאָס גאַנצע אונגליק שטאַמט פון דעם פרי־טרייד. מען פיהרט אריין אלעס פון יוראָפּ, האָבען היזיגע ארבייטער ניט וואָס צו טהאָן, און עס קומט אייך כשר, ווארום האָט איהר ניט געשטימט פאר אונזער פּרעזי־דענט ! —

— מיין געגנער איז א אידיאָט — האָט מיט א הייזעריגע שטימע איינגעוועדעט דער פערטרונקענער קאָרענביף, דאָס גאַנצע אונגליק קומט פון די יוניאָנס, די ארבייטער מיט זייערע סטרייקס, מיט זייערע באָיקאָטס די האָבען צו גרונד געריכטעט אלע טריידס —

— ניין, עס איז א ליגען — האָט געזאָגט א פאסטראמע מיט א גע־זאלצענע איראָני — איהר זיינט טאקע ביידע גערעכט וואָס איהר זידעלט זיך איינער דעם אַנדערן, אָבער דער יעצטיגער קריזיס קומט פון שיקאגער אויס־שטעלונג, פון די איראָפּעאישע פּאָליטיק, מיט וועלכע קליוולאַנד מאכט חבר־לאַפּ. —

— ניט ריכטיג ! האָט אויסגעשריען דעם רב הכולל'ס סיין — אלע צרות קומט אויף אונז ווייל מיר זיינען זינדיג, ווייל מיר גלויבען ניט אין פלאָמבעס, ווייל מיר האָבען אזוי פיעל מעשות פון מיסעסען מיט באָרדערס, ווייל די אפיקורסים פערמעהרען זיך רחמנא לצלן.

— וואָס הערט איהר דעם אָרטהאָדאָקס ? — האָט א קוויץ געטהאָן דער זויער פיקעל — קיינער איז גאָר ניט שולדיג, ניט קליוולאַנד, ניט די מיסעס מיט'ן באָרדער, נור איינפאַך יעצט איז דער זומער סיזאָן, איז זעהר שלעכט, אָט געהט הערבסט, וועט אפשר בעסער ווערען. —

— קארטאָפּעל קעפּ ! — האָט א געשריי געטהאָן א בלאַסער לעבער־וואורשט — פערד וואָס איהר זייט, זעהט איהר דען נאָך ניט פון וואַנען אייערע צרות וואקסען ? אפטאון די דיקע פעטע וואורשטען זיי עסען אויף

אייער פּלייש, זיי פּערצעהרען אייער שמאַלץ און אז איהר ווילט מאַכען אַן ענדע צו אונזערע צרות, זאָלט איהר זיך נעהמען צו פּאָליטיק; וועהלט מיך פאר קאנדידאט אָף אָלדערמען, און גענאָבע פּאַלאַנגע אַלס פּרעזידענט, און רעלענאט טשייני וואורשט אלס אסעמבלימען, און דאן וועט דער פּאַרלאַמענט וועט זיין אין די הענד פון די סאָסעדזשעס, וועט וואורשט היינט געהאָלפען ווערען. —

— וואָס? בודעל, פּאָליטיק! — האָט אַ שאַרף צינגעל זיך צוטרע־לערט — נידער מיט אַלע בודלער, נידער מיט אלע פּאָליטיקער! ביז ווי לאַנג איהר וועט ניט ענדערן די גאַנצע סיסטעם פון דער אבשייליכער וואורשט־פעקטאָרי, קען אונזער לאַגע ניט בעסער ווערען; ביז ווי לאַנג איהר וועט זיך לאָזען קאָבען, בראָטען, פּיקלען, זאַלצען און זייערען אין די הענד פון די מאָ־נאָפּאָליסטישע וואורשט פאַבריקאַנטען, וועט אונזער לאַגע אימער ערגער ווערען, באַמבען־וואורשט דאָס וועט אייך העלפען.

די לעצטע צוויי ווערטער האָבען דעם גאַנצען מיטינג אזוי אויפגע־בראַכט, ווי אַ פונק פייער אין אַ פעסעל פּולווער — שרעקליכע געוואַלדיזן, געשרייען און שלעגערייען זיינען ענטשטאַנען אונטער אַלע וואורשט־מעמ־בערס. אַ פייפערייַ און אַ שיסערייַ האָט פערהילכט די סטאָר. די האָאר האָבען זיך מיר געשטעלט קאַפּויער פון גרויס שרעק, און פּלעצליך האָט גע־פּלאַצט אַ וואורשט און אַ שפּליטער האָט מיך געטראָפען גלייך אין דער נאָז, און איך בין.... און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

— שמעריל — זאָגט צו מיר מיין יענטע און האָט מיר געשלעפּט ביי די נאָז — שטעה אויף און געה ארונטער אין וואורשט־סטאָר, איך הער דאָרט אַ שרעקליכע קלאַפּערייַ. —

האַלב טויט, האַלב לעבעדיג, האַלב וואַכענדיג, האַלב שלאָפענדיג בין איך ארונטערגעשפּרונגען אין מיין וואורשט־סטאָר און אך! שרעקליך!

צוויי גרויסע קעץ האָב איך דאָרט פערשלאָגען, און אין זייער מלחמה האָבען זיי מיר געמאַכט אַ תל עולם פון מיינע אָרימע וואורשטלעך.

יאַ, אַ חלום איז אַ האַלבער אמת.

V.

## עשרת הדברות.

(פייוועל דעם קלויזניק׳ס אַ שרעקליכער חלום)

די פילאָסאָפען זאָגען, אַז חלום׳ען מוז זיך יעדען, ווי לאַנג מען שלאָפט נור, נור די וואָס פערגעסען זייערע חלומות, מיינען אַז זיי האָט זיך ניט געחלום׳ט. און אַזוי ווי איך בין, ניט פאַר איין געדאַכט, אימער ביזי, און כאַפּ מיך ארויס פון בעט אין דער פריה ווי אַן אבגעבריהטער, געדענק איך קיין מאָל ניט, איבערהויפּט זייט איך בין אין אַמעריקאַ.

אבער דאָס איז געווען גראַד שבת־צו־נאַכט. איך האָב מיך אָנגעגעסען מיט פעטען צימעס און דערצו נאָך געטרונקען אַ פּאָאַר גלעזלעך ביער און ארום האַלבע נאַכט בין איך געפאַלען צום שלאָף ווי אַ שטיין.

איין מינוט, און איך האָב געכראָפּעט ווי מיין זיידע נאָכ׳ן קוגעל, עליו השלום.

טראַסק! דאָס קינד איז אַרויסגעפאַלען פון וויעגעל. איך האָב מיך אויפגעכאַפּט און געוואָלט מיך דערשרעקען, אבער דער קאָפּ איז מיר געווען שווער ווי אַ ציגעל — און ניט פון אָרט. איך וויל שרייען, עס עפּענט זיך ניט דאָס מויל; איך וויל מיך ריהרען, קיין לעבען, אַזוי ווי אַ טויטער; אבער איך האָב געפיהלט, ווי עס קלאַפּט מיר שטאַרק דאָס הארץ, און די שלייפען, אַזוי ווי מען וואָלט בויערן מיט אַן עגבער; פאַר די אויגען איז מיר פינסטער און רויט ווי בלוט, און פייערלעך פליהען און דרעהען זיך הין און צוריק, פריהער אין קליינע רעדעלעך, דערנאָך אין גרעסערע, גרעסערע, ביז עס האָט מיך געכאַפּט אַ שרעק פון די ווייטקייט און גרויסקייט ביז די אונענדליכקייט...

פאַר שרעק האָב איך געוואָלט אַ פאַל טהון, אבער פּלוצים האָב איך דערזעהען פליהען פון אויבען צוויי בלעטער פון ווייסען פייער, און אויף דעם ווייסען פייער האָב איך דערזעהען אותיות פון שוואַרצען פייער. איך שטאַרב אקאָרסט ניט, איך דערקען אין דעם אַזויסדריקליך די לוחות, ווי משה האָט זיי געזעהען, מיט די עשרת הדברות...

נו, שייגעץ איינער! — דאָב איך באַלד דערהערט די שטימע פון אַן אַלטען מאַן, מיט אַ ווייס־גרויען גרויסען באָרד און אַ שטרענגע מינע. איך

האָב באַלד דערקענט מיכאל דעם מלמד, מיין ערשטען רבי'ן.

— איך האָב דיר געזאָגט, אז די רעכטע תורה איז די עשרת הדברות. האָסטו געהיט וואָס דאָ שטעהט?

און נומער 1 האָט געגעבען אַ בליץ פאַר מיינע אויגען:

1) אנכי... איך בין דיין גאָט וואָס האָט דיך ארויסגעצויגען פון מצרים.

גליקליך בין איך, האָב איך מיר געטראַכט. מערקווירדיג! גראד אין דער מינוט איז מיין שרעק פערשוואונדען. בין איך ניט אין מצרים, און אין אמעריקא ארבייט איך וועניג עבודת פרך? איז ניט אויף אַ טאָפּ פלייש איז אויף אַ שטיקעל ברויט...

2) זאָלסט קיין אנדערע געטער ניט האָבען אויף מיין פנים... דאָ האָט ער מיך געפּאַקט! ווענים געטער האָב איך געהאַט: פריהער האָב איך איהם אליין, דעם רבי'ן פערגעטערט, דערנאָך דעם קיסר, דערנאָך דעם ווילנער גאון, דערנאָך דאָס מיידעל וואָס איך האָב ליעב געהאַט, דערנאָך סמאָלענסקי, דערנאָך ישוב ארץ ישראל, דערנאָך דעם סאָציאַליסטישען אגיטאַטאָר, היינט דעם דאָלאַר!... — בוק דיך ניט צו זיי, דיען זיי ניט! — נו, פון וואַנען וועל איך לעבען? — — —

3) זאָלסט מיין נאָמען אומזיסט ניט דערמאָנען. אָט האָסטו דיר! איך האָב איהם תמיד דערמאָנט אומזיסט. העלף מיר, גאָטוניו! האָב איך געשריען, אבער אומזיסט, אַ קבצן ווי געוועזען. הפנים, אז די רבנים זיינען פרימער פון מיר, זיי ווילען טאַקע זיין נאָמען אומזיסט ניט דערמאָהנען. פאַר יעדען וואָרט אַ רענדעל... איך בין אַן אל קנא, איך וועל דיר... אַ דאגה מיינע, און אזוי מוטשע איך מיך ווענים?

4) געדענקט דעם שבת! זאָלסט קיין מלאכה ניט טהון. יא, טאַקע דאָ אין אמעריקא קען מען עס אויספיהרען. שבת איז די רעכטע ביזי... זעקס טאָג זאָלסטו ארבייטען... וואָס זאָל איך אָבער טהון אין סלעק־טאַים? ווייל ער דאָט אויך גערוהט אום שבת... אַ חכמה אגרויסע! אז ער האָט קיין באָס ניט און דאַרף קיין רענט ניט צאָהלען...

5) כבד, האַלט עהרליך דיין טאַטען און מאַמען... דערפאַר וואָס זיי האָבען מיך געשלאָגען ווען זיי האָט דער בויך וועה געטהאָן? אָדער וואָס זיי האָבען פון מיר געוואָלט מאַכען נור אַ רב?..

6) זאָלסט ניט רויבען... יא, איך וועל שוין ניט רויבען, ווייל די פּאָליציי לאָזט מיך ניט. אבער וואָס זאָגסטו ניט יענע, יענע, וואָס רויבען און די פּאָליציי העלפט זיי נאָך צו?...

7) זאָלסט ניט טשעפּען יענעמס ווייב... אבי זי וועט נור צו מיר קיין חנ׳דלעך ניט מאַכען.

8) זאָלסט ניט גנב׳ענען!... וואָס דען זאָל איך טהון, ווען איך וויל עסען און האָב ניט פאַר וואָס צו קויפען? וואָס דען זאָל איך שרייבען אָדער רעדען, ווען ניט יענעמס?

9) זאָלסט ניט פאַלש עדות זאָגען אויף דיין חבר!... דאָ בין איך אויף צרות, — תמיד פאַלש געזאָגט: האָב איך מיט איינעם גוט געלעבט, האָב איך איהם געהויבען ביז אין הימעל; בין איך אויף איהם בייז געוועזען, האָב איך אויף איהם געזאָגט, וואָס אין דער קאָרט.

10) זאָלסט ניט געלוסטען!... א חכמה א ביסעל! געלוסט ניט, אז עס געלוסט זיך פּאָרט; געלוסט ניט יענעמס הויז, ווען מען וואַרפט מיך אַרויס אויפ׳ן סטריט.

געלוסט ניט יענעמס ווייב!... איך שווער אייך רבי׳ניו, אז אויסער אָן אַלטע און מיאוס׳ע געדענק איך ניט וועלכעס ווייב איך האָב ניט געלוסט. נור צו געהן אויפ׳ן סטריט זי פרעגען אויב זי איז יענעמס, האָט דאָך פאַר מיר ניט געפּאַסט! דאָס ווייס איך אָבער זיכער, אז יענעמס עזעל און יענעמס אָקס, האָב איך קיינמאָל ניט געלוסט אפילו, ווען דער אָקס און דער עזעל איז געוועזען זעהר רייך...

— ענטפערסטו, שייגעץ, אָדער ניט! — האָט דער רבי מיט א דונער־שטימע אויסגעשריען. — האָסטו געהיט אלעס וואָס א שטעהט? — און זיינע אויגען האָבען געשפּריצט פייער, זיין באָרד האָט געראָיישט ווי א וואַלד און די עשרת הדברות האָבען זיך צוגאָסען אין טויזענדער פלאַמען פייער אויף מיליאָנען מיילען און איך האָב מיך געדרעהט אין דער מיטען, ווי א קניידעל און איך האָב דערהערט א שרעקליכע שטימע: געוואַלט! — און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט...

מיין שווער פערהערט דעם אינגעל די סדרה יתרו, און ער האַלט פּונקט ביי „וכל העם רואים את הקולות“, און רייסט איהם ביי די אויערן.

## זעהסטע סעריע.

# לכבוד יום־טוב

## I.

### קיידי'ס הגדה.

חיים יאנקעל דער חזן איז געקומען פון שוהל די ערשטע נאכט פסח זעהר אויפגעלעגט, און געפונען אלעס ציכטיג, פייערליך, און זיין ווייב ציפע, זיין בת־יחידה קיידי אויסגעפוצט יום־טוב'דיג.

— וואס מאכסטו ניט די הסיבה־בעט? — פרעגט ער ציפע'ן.

— וואס מיינט פא? — פרעגט קיידי נאאיוו.

— היינט עסט מען ניט אין קיטשען. — ענטפערט איהר די מוטער — און מיר וועלען צוריכטען אין פארלאר די העסעבעט.

— אה, איי נאו ווהאי. — האט קיידי געזאגט האלב כיטרע און האלב שעהמעדיג — ביקאז... דהי קאזין. — און האט אראבגעלאזט די אויגען.

דער פאטער האט געגעבען אויף איהר א בייזען בליק און איז אריין אין פארלאר.

קיידי איז געווען ערצויגען ביי איהר גרויסמוטער אין א קאונטרי אין אינדיאנא סטייט, און קומענדיג אהיים אויף „איסטער האלידיים" איז זי איבערראשט געווארען מיט דעם גרינעם קאזין, וואס זי האט געפונען צו הויז.

דער קאזין איז שוין דא פון אייניגע מאנאטען. ער איז צו הויז געווען א סטודענט און דא איז ער געווארען א קעפמייקער, נור די געגרייזעלטע האאר אויפ'ן קאפ מיט די קורצזיכטיגע ברילען אויף דער נאז, מיט א רוסישען בוך שטענדיג אין דער האנד, דאס האט איהם געמאכט אין קיידי'ס אויגען פאר עטוואס וואונדערבארעס, פאר עטוואס העכערעס אלס איהרע העלדען, וואס זי האט זיך געמאלען אין דער פאנטאזיע.

און פאַנטאַזיע האָט זי געהאַט א „האָל לאַט". א געבאָרענע אַמעריקאַנער מיידעל, ערצויגען אַלס געצערטעלטע בת יחידה און דורכלעזענדיג א פּופּצעהן־הונדערט ראָמאַנען, זייט זי האָט געענדיגט די פּאָבליק סקול, האָט זי געלעבט מעהר אין דער פאַנטאַזיע ווי אין דער ווירקליכקייט, און זי האָט זיך וועגען איהר טאַטענס און מאַמעס רעליגיעזע אנזיכטען וועניג געקימערט און געלעבט אין איהר אייגען וועלטעל, און יעצט געפינענדיג אין איהר אייגענער היים אַזאַ קאָזין נאָך מיט א בוך אין האַנד, האָט ער זי אַזוי געפאַנגען, אַז זי איז פערטיעפט געוואָרען מיט איהר גאַנצען וועזען אין דעם קאָזין, און האָט גאָר קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט ווי די מאַמע האָט געמאַכט די הסיבה־בעט, און ווי דער טאַטע ריכט צו דעם סדר, און גראַדע נאָך דעם נוסח פון דעם הארי' ז"ל אַז אַלע דראַביאַזגעס זאָלען אויסקומען געגען די עשר ספירות, ווייל ער איז געוועזן א ליבאָוויצער חסיד פון צו הויז. זי האָט ניט אראָבגענומען די אויגען פון קאָזין.

חיים יאַנקלען האָט עס געקרענקט, ווייל ער האָט געהאַט א בעגריף פון ליעבע, ווי פון אַלע אַנדערע עבירות, איבערהויפּט זיין בת־יחידה און בלויז 16 יאָהר אַלט, דערצו נאָך א סטודענט און אויך ניט קיין פרומער... דיזע געדאַנקען האָבען איהם געמאַכט נערוועז און האָט איהם אביסעל צושטערט זיין יום־טוב'דיגען הומאָר.

מען האָט זיך געזעצט אַרום טיש: אויבענאָן חיים יאַנקעל, לאָזענדיג א פּלאַץ צו זיין רעכטע האַנד פאַר ציפּע'ן; רעכטס, ביי דער זייט, דער קאָזין און לינקס — קיידי, אַזוי אַז ניט נור האָט קיידי געקענט דעם קאָזין קוקען שטענדיג אין די אויגען, נור אפילו די פיס אונטער'ן טיש האָבען זיך אָפט אונגערן פערטשעפּעט.

דער מלך האָט געמאַכט דעם ברייטען קדוש, אבער אַנשטאַט צו קוקען אין דעם זילבערנעם בעכער מיט רויטען ווייַן האָט ער ניט אראָבגעלאָזט די אויגען פון קאָזין, וועלכער האָט ניט אַרויסגענומען די אויגען פון רוסישען בוך.

— בשמחה ובששון הנחלתנו. — האָט ער געשריען אויף א הויכען טאָן, צוצוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון קיידי'ן, אבער קיידי עקזיסטירט יעצט נור פאַר'ן קאָזין.

— א ביטערער עסק. — טראַכט זיך חיים יאַנקעל — מען מוז זי דאָך פעראינטערעסירען מיט ספּור פון יציאת מצרים, לויט דעם דין פון שלחן ערוך.

— נון, קיידי, פרעג די פיער קשיות.

— פאָר קוועסטשיאָנס, וואַי?

— וואָס הייסט, זיינען מיר ניט קיין אידען? — פלעגסט ניט פרעגען די פיער קשיות אַלע פּסח?

— באַט דהים טאַים אַי העוו אָנלי וואָן קוועסטשאָן: וואַי דהי קאַזין קיפּס היז איז אין דהי בוק?

— אָה, גאָטעניו! וואָס איז מיט דיר געוואָרען, איך מיין די פיער קשיות וועגען די אידען.

— אָה, סאָ! דאַט איז אָלל־ראַיט. — און האָט ווייטער געהאַלטען די אויגען אויפ'ן קאַזין.

— וואָס „אָללראַיטעסטו" מיר דאָרט, פרעג די קשיות. — האָט ער אַ געשריי געטהאָן.

קיידי האָט זיך האַלב דערשראָקען געווענדעט צו איהם:

—דו יו וואָנט סאַמטהינג פּאַ?

— איך וויל דו זאָלסט הערען די סטאָרי מיט די אידען אין מצרים.

— אַי נאָו, דהאַט איז איי ניים סטאָרי. — האָט זי געענטפערט, און קוקט ווייטער אויפ'ן קאַזין.

— וואָס איז אַ ניים סטאָרי?

— יו מין דהי כטאָרי דהאַט דהי קאַזין ריעדס...

געערגערט ביז אין טויט, האָט חיים יאַנקעל איינפאַך אָנגענומען מיט זיין רעכטער האַנד קיידי'ן ביים מאָרדעלע, צוגעדרעהט איהר פּנים צו זיך און האָט אָנגעהויבען נערוועז, אבער מיט אַ פריינדליכען טאָן, איהר צו דער־צעהלען די געשיכטע פון דער הגדה, אום זי צו פעראינטערעסירען.

— הער אויס, קיידי, דו האָסט דאָך ליעב אַ ראָמאַן, היינט איז דער יום־טוב, ווען אידען דאַרפען דערצעהלען די געשיכטע זייערע פון מצרים, און ווי זיי זיינען מיט 3000 יאהר צוריק פון דאָרט בעפרייט געוואָרען.

— טהרי טאַוזענד יאַירס, דהאַט איז טו לאָנג עגאָ, ווהאַט דו אַי קער. — און האָט ווייטער אַ וואָרף געטהאָן איהרע אויגען אויפ'ן קאַזין.

— אבער, קיידעלע, ליסען! — האָט ער שוין געזאָגט כמעט מיט טרעהרען אין די אויגען, און מיטביידע הענד צוגעדרעהט איהר פּנים צו זיך — הער אויס: אמאָל זיינען די אידען געווען אין מצרים, און זיי האָבען

געאַרבייט עבודת פּרך, געקנעטען ליים, געמאַכט ציעגעל, און געבויט פּתום און רעמסס...

— האָו מאַטש ? — האָט זי אַ פרעג געטהאָן, קוקענדיג מיט שטאַרע אויגען אויפ׳ן פאָטער, און ניט הערענדיג איין וואָרט וואָס ער האָט איהר דאָרט דערצעהלט.

וואָס, האָו מאַטש, דו הערסט דאָך 400 יאָהר האָבען די אידען געאַר־בייט אין גלות האָבען געשריען צו גאָט און גאָט האָט דערהערט זייער קול און געשיקט זיין שליח משה...

— מאָזעס ! איז דהאָט דהי ניים אָף דהי קאָזין ? —

— קיידעלע, ווער מיר קאָזין, הער מיך אויס, איך דערצעהל דאָך דיר פון די אידען, די אידען זיינען געווען אין גלות האָט גאָט געשיקט משה׳ן, האָט ער געשלאָגען די מצרים מיט צעהן מכות...

— הו ? — האָט זי אַריינגעוואָרפען דעם פאָטער אַ פראַגע, אבי יוצא צו זיין.

— אַי, צוהוקעט זאָלסטו ווערען, מיין טאָכטער, ווי דו הערסט איין וואָרט ניט, וואָס איך זאָג דיר, און האָט אָנגעהויבען שרייען מיט פערדרוס, ווי איינער וויל אָפּמינטערען אַ טויטען, — האָט גאָט געשלאָגען די מצרים מיט 10 מכות, מיט 250 מכות, מיט טויזענד מכות.

— ווהאָט איז דהי טראָבעל, פּאַ ? — האָט קיידי אַ פרעג געטהאָן אביסעל איבעראשט, קומענדיג צו זיך.

— דו הערסט דאָך די טראָבעל, גאָט האָט געגעבען די מצרים 10 מכות : דם, צפרדע, כינים...

— הו אַר די דזשענטעלמען ? —

— וועלכע דזשענטעלמען, דאָס צעהל איך דאָך די צעהן מכות.

— ווהאָט איז מכות ?

— מכות איז צרות אויף אַלע שלעכטע מענשען, וואָס קעהרען ניט פאַר גאָט׳ס געבאָט, הער זשע 10 מכות...

— יו קען קאַונט אוט, אַי וויל בעליוו יו פּאַ ! — האָט זי איהם גע־זאָגט מיט אַ פערוווירטען בליק און געוווענדעט איהרע אויגען צום קאָזין.

מיט אַ פעסטען דרוק האָט דער פאָטער ווידער אַ קעהר געטהאָן איהר

פּנים צו זיך און האָט אָנגעהויבען שנעל פאַרטזעצען די מכות מיט'ן גאַנ־צען ספּור אבי וואָס שנעלער איבערצוקומען.

דם, צפרדע, כינים... מכת בכורות, האָט גאָט שוין ווייך געמאַכט די הארץ פון פּרעה, האָט ער ארויסגעלאָזט די אידען, און זיי האָבען אפילו קיין צייט ניט געהאַט איינצווזייערען זייער ברויט, האָבען זיי געבאַקען מצות אויף דער זון...

— האַו מעני, פּאָפּ? —

— וואָס האַו מעני?

— דאָנט יו קאַונט דהי מכות?

—מכות די שונאי ישראל, מיין טאָכטער, — האָט ער געזאָגט מיט א זיפץ און פאַרטגעזעצט די הגדה און זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט א שטאַ־רען בליק:

דו הערסט דאָך, זיינען די אידען געקומען צום ים, האָט משה גע־שפּאָלטען דעם ים.

— ווהאַט פאָר?

— די אידען זאָלען אריבערגעהן טרוקען און דער ים איז צוריק פער־גאָסען געוואָרען ווען די מצרים זיינען נאָכגעלאָפען די אידען און זיינען אלע דערטרונקען געוואָרען...

— ווהאַי?

זיי זאָלען ניט שלאָגען די אידען.

— הו?

—די מצרים.

— הו אר דיעז דזשענטעלמען?

— די אידישע שונאים?

— ווהער וואָז איט?

— דאָרטען פאַר'ן מדבר?

— איז דהאַט פּענסילווייניא סטייט?

— ניין! רבונו של עולם! הערסטו ניט, אז איך דערצעהל דיר, ווי די אידען זיינען אריבער טרוקען איבער'ן וואַסער.

— אָה! אי סיע, יו מין טו בראָנזוויל.

— וואָס בראָנזוויל! אין ים סוף, האָט משה גענומען דעם שטעקען...

— וואָט פאָר?

— צו שפּאַלטען דעם ים.

— וויי?

— זיי זאָלען קענען אריבערגעהן.

— הו?

— די אידען.

— ווהער?

— איבער׳ן ים.

— וואי דידנט דהיי טייק דהי פערי?

— עס איז דאָך געווען מיט 3000 יאָהר צוריק.

— איז דהאַטס אָלל?

— און די אידען זיינען אריבער דעם ים און געזונגען שירה און גע־געסען דעם מן און געמאכט דעם עגל, און געבויט דעם משכן, דערנאָך דעם בית המקדש אין ארץ ישראל... אנו טאָכטער איז דאָס ניט א שעהנע סטאָרי?

— וואַט סטאָרי?

— מיט די אידען?

—וואַט וואָז דהי מעטער וויטה דהעם?

— האָסט דאָך געהערט, ווי זיי זיינען ארויס פון מצרים.

— וועריֵ נייס אינדיד.

— וואָס וועריֵ נייס? האָסט דען געהערט איין וואָרט?

— סוירטענלי, וויט דהי דזשוס.

— נון, וואָס איז געווען מיט זיי?

— דהיי וועהנט אָווער דהי וואָטער.

— וואוהין?

— טו דזשוירזי סיטי.

— אָה געהן זאָלסטו שוין, מיין טאָכטער...

— אָה אי נאָו טו בראָנזוויל.

מיט א שרעקליכען כעס האָט ער א וואָרף געטהאָן איהר געזיכט פון זיינע הענד און פערצווייפעלט האָט ער א געשריי געטהאָן „לשנה הבאה בירושלים.

— וואַט עניין, פּא? —

— מיר זאָלען שוין זיין איבער אַ יאָהר אין יערוזאַלים.

— ווהאַי נאַט רהייט עווײַ?

—וואָרום עפּעס באַלד, אַזוי ביינקסטו נאָך... ירושלים?

— טו ליעוו אָס עלאָן.

— וועמען אייך?

— מי וויטה דהי קאָזין.

חיים יאַנקעל האָט געטהאָן אַ פּאַל אויפ׳ן הסיבה בעט אין חלשות, ציפּע האָט איהם געמי־נטערט, דער קאָזין האָט שוין אוועקגעלייגט זיין רוסישען בוך מיט די הגדה וואָס איז געלעגען פון אויבען, ערשט דאַן האָט זיך קיידי אויך אויפגעהויבען פון איהר טישער און האָט זיך געוואונדערט וואָס איהר פּאַ האָט פּלוצלונג גע׳חלש׳ט און זי וויים ביז היינט ניט, אַז דאָס איז געווען פון איהר הגדה.

---

## II.

### הגדה של פסח לפי נוסח אַמעריקאַ.

ס ד ר ה ק ע ר ה. פון צעהן זאַכען שטעלט מען צוזאַמען דעם סדר:

1) ד י ש י ס ע ל, דאָס איז אַ רמז צו אַ מ ע ר י ק אַ, וואָס איז אין זיך קולט פערשיעדענע מאכלים: אַ מאָל באָרשטש, אַ מאָל קניידלאַך, אַ מאָל פלייש, אַ מאָל פּעטע זופּען; אַמעריקאַ האַלט אין זיך פערשיעדענע נאַציאָנען, פערשיעדענע מענשען: עדעלע, עהרליכע, גוטע, שלעכטע, מערדער...

די פּעטע קומען אימער אַרויף פון אויבען, די מאָגערע בלייבען נעבעך אימער אונטען.

אַ זולל וסובא לאָוועט אימער אויס די געדיכטע, דער עהרליכער מאַן זופט נעבעך די שיטערע...

2—4) ד י ד ר י י מ צ ו ת — דאָס איז אַ רמז צו די דריי אייניג־קייט, קיי היינט קיי מאָרגען עס איז אָהן טעם און אָהן זאַלץ, די יעניגע וועלכע מען האָדעוועט דערמיט, קענען קיין מאָל ניט זאַט ווערען, און

בעקומען אָפּט העפטיגע לייב־שמערצען און נור די הענדלער, די בעקער מאַכען מיט זיי גוטע געשעפטען.

5) די זרוע — דאָ איז אַ רמז צו פערשיעדענע רעליגיאָנען: באַלד ווי מען האָט זיי אָבגעקאָכט, איז דאָס געוועזען גאַנץ אַנגענעהם און מען האָט געקענט דערמיט שטילען דעם הונגער, אָבער יעצט איז דאָס אַ ביסעל צו־פיעל צוגעדאַרט, דאָס נאַרהאַפטע דערפון האָט אויסגעטריקענט, עס זיינען נאָר געבליבען די דאַרעביינדלאַך, אָבער ניט צום געניסען נאָר צום אָנ־דענקען.

6) חזרת און מרור — דאָס איז איינס און די זעלבע, אוןביידע זיינען אַ רמז צו די ביידע פּאָליטישע פּאַרטייען: דעמאָקראַטען און רע־פּובליקאַנער, ביידע אַז מען נעהמט זיי אַריין אין מויל זיינען זיי טאַקע זיסלאַך, אָבער אַז מען צוקייט זיי גאַנץ גוט, פיהלט מען אַז זיי זיינען ביטער און זיי זיינען טאַקע נור אַ מאכל פאַר די רייכע חזרים.

8) חרוסת — דאָס איז אַ רמז צו אַמעריקאַנער רבנים, אַ ביסעל ניס, אַ ביסעל וויין און דאָך קיין מאכל, די רבנים דאַכט זיך זאָגען אַביסעל תורה, זיינען אַ ביסעל פרום, און דאָך האָבען זיי קיין ריח און קיין טעם.

9) ביצה — דאָס איז אַ רמז צו דער אַרבייטער־לאַגע, דאָס ווייסעל מיט'ן געלכעל, וועלכע גיבען קראַפט און בלוט, נעהמען צו די רייכע פאַב־ריקאַנטען, און די הוהן, וועלכע לעגט דאָס איי, זוכט אין מיסט (טשאַריטי בלע"ז) עטליכע קערנער דעם הונגער צו שטילען.

10) כרפס — דאָס איז אַ מאָל אַ קאַרטאָפעלע, אַ מאָל אַ ציבעלע און איז אַ רמז צו דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור; אָדער מען זידעלט זיך, אַז עס ווערט ביטער ווי אַ ציבעלע לעזענדיג, אָדער זי האָט אַזאַ טעם ווי אַ קאַרטאָפעלע און בלייבט נאָר אַ מאכל פאַר אַזעלכע, וואָס האָבען קיין בעסערע נאַהרונג.

כל חמירא. — אַלע זאַכען, וואָס זיינען אונז געוועזען שווער און אונפּאַסענד אין יוראָפּ זיינען דאָ אין אַמעריקא בטל ומבוטל כעפרא דארעא און יעדער טהוט דאָ וואָס ער וויל, ווי אַן אמת'ער בן־חורין...

כהא לחמא עניא. — דאָס זעלבע אָרימע ברויט וואָס מיר האָבען געגעסען אין יוראָפּ, האָבען מיר דאָ אויך, טאַקע כל דכפין יתא, ווער עס וויל

מעג אהער קומען, אָבער ויאכל, צו וועט ער האָבען צו עסען — דאָס איז א פראגע.

מ ה  נ ש ת נ ה. — וואָס איז אמעריקא אזוי פערענדערט פון אנדערע לענדער?

1) אין אַלע לענדער שעצט מען דעם מענשען א מאָל נאָך זיין טאלאנט און זיינע מדות, א מאָל נאָך זיין געלד, און דאָ אין אמעריקא איז כולו מצה, נאָר ווער עס האָט דעם דאָלער?

2) אין אַלע לענדער זיינען נאָר דאָ צו איין דעספּאָט און אַלע איבע־ריגע בעשטעהען פון שאר ירקות, און אין אמעריקא איז כולו מרור, אַלע קאפּיטאַליסטען זיינען דעספּאָטען.

3) אין אַלע לענדער קען א איד אויסלעבען די יאָהרען און בלייבען א איד אפילו איין מאָל זיך ניט אָבצוטונקען, און דאָ אין אמעריקא טונקען זיך א סך אידען אָב עטליכע מאָל און קלאָגען זיך דערנאָך וויעדער אויף גלות השכינה און אויף צרות ישראל.

4) אין אַלע לענדער זיינען דאָ רבנים אָדער יושבים, זיצען און לערנען און פסק'נען נאָר שאלות און דין תורות אָדער זיי מאַכען קאָראָבקעס, און דאָ אין אמעריקא מוזען די מעהרסטע רבנים לעבען נאָר פון דער קאָראָבקע.

דע תירוץ איז:

ע ב ד י ם  ה י נ ו. — קנעכט זיינען מיר אימער געווען צום לוקסוס, צום הרגל, צו דער מאָדע, צום אבערגלויבען. וויוציאנו מיר זיינען ארויסגע־צויגען געוואָרען פון אַלע אונזערע בלוט־זויגער, פון די רעגיערונגען, פון די פאַלשע רבנים, פון די אַלע רעדעל־פיהרערס און שטאָדט־פּערזאָרגער, וועלכע האָבען אונז דעם קאָפּ פערדרעהט, אָדער ביד חזקה מיט געוואַלט, וואו זיי האָבען געהאַט די מאַכט, אָדער בזרוע נטויה, וואָס זיי פּלעגען אויס־שטרעקען די האַנד צום הימעל און אונז צייגען, אז אַלעס וואָס זיי טהוען און הייסען אונז טהון וויל גאָט אזוי, און דאָס פאָלק איז געווען אימער די כפרה, און נאָך גרעסערע קנעכט זיינען מיר דאָ אין אמעריקא, וואו מיר האָבען אותות ומופתים, אז מיר קענען זיין פריי און דאָך גיבען מיר זיך אָב מיט חומר ולבנים, מיט ליגען אין שמוציגע גאַסען און מיר זיינען צו־פרידען, ווען מען גיט אונז קייען שטרויענע פּאָליטיק און מיר קוויקען זיך דערמיט, מען גיט אונז א ליטעראַטור פון די מעשים מיט בני ברק, און

וואָס מעהר פּלוידעריי, וואָס מעהר ליגען, וואָס מעהר עס קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט איז פאַר אונז בעסער, דארום הערשט אויך דאָ דער זעלבער

## דם ואש ותמרות עשן.

1) דם: בלוט פערגיסען איז אויף דער טאָגעס־אָרדנונג, דאָ איז אַ סטרייק פון ארבייטער און זיי ווערען נידערגעשלאָגען, דאָ שלאָגט מען זיך אין שוהל איבער דעם פּרעזידענט־שטול, איבער שישי און מפטיר, איבער רבנים און שוחטים און עס ווערט בלוט פערגאָסען. איבעראל צאַפּט מען דאָס בלוט פון דער בלינדער מאַסע פאַר טויזענדער דומהייטען, הומבאָג און שווינדעל.

2) ואש: און פייער מאכט אַ ביזנעס־מאַן, וואָס קען זיינע שולדען ניט צאָהלען אָדער וועלכער וויל אינשורענס־געלד בעקומען. פייער ברעכט אויס אין קוילען־גריבער און טענעמענט־הייזער וואו עס פאַלען טויזענדע מענשען אלס אָפּפער.

3) ותמרות עשן. און פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער פרייהייט לאָזט זיך אויס אַ רויך. די געזעצע זיינען אין די הענד פון ריכטער, וואָס די נעטין פון גערעכטיגקייט איז ביי זיי דער דאָלער.

די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציאָן און די אומאבהענגיגקייטס־ערקלעהרונג איז אין די הענד פון פּאָליטיקער, וואָס די פרייהייטס־געטין איז ביי זיי דער דאָלער.

די רעליגיאָן איז אין די הענד פון שווינדלער און שאכער־מאכערס, וואָס די תורה איז ביי זיי דער דאָלער.

און די ליטעראטור, וועלכע זאָל זיין די וועג־ווייזערין פאר'ן פאָלק שטעהט אייך אין די הענד פון אונוויסענדע איגנאָראַנטען און פראזען־פלעכטער, וואָס די גאַנצע וויסענשאַפט איז ביי זיי דער דאָלער, און דארום האָבען מיר דאָ אין אַמעריקא אויך די

## עשר מכות.

דם. איינער דעם אַנדערן איז אַ בלוט שונא, מיט בלוט און שוויס קומט אונז אָן די שטיקעל ברויט.

צ פ ר ד ע. ווי די פרעש ליגען מיר אין די בלאָטעס און מיר זינגען אַרויס אין איין קאָר פריהלינגס־ליעדער פון אַמעריקאַנער פרייהייט און פון בעסערע צייטען.

כ י נ י ם. און נאָך אימער האָבען מיר אונפּלייט, וואָס קריכען אויף אונזער קערפּער און לעבען פון אונזער שוויים און בלוט.

ע ר ו ב. אַ צומישאַכץ פון פערשיעדענע חיות וואָס רייסען איינער דעם אַנדערען דעם ביסען פון מויל דורך קאָנקורענץ און שווינדעל.

ד ב ר. און אויך דאָ וואוינען מיר אין פערפּעסטעטע גאַסען און הייזער.

ש ח י ן. ווי אַ קרעץ קלעפּט אָן אונז אויך דאָ דער אַנטיסעמיטיזמוס און נאַציאָנען־האַס.

ב ר ד. און דאַדורך האָגעלט מיט שטיינער זעהר אָפט אויף אידישע פענסטער אָדער אידישע קעפּ.

ח ו ש ך. אויך דאָ איז אונז פינסטער פון דאגות פּרנסה, דאָס פּאָלק ליגט אין דער פינסטער, אָהן וויסען און אָהן וואָהלשטאַנד.

א ר ב ה. ווייל מיר אידעלעך זיינען בעפּאַלען, ווי די היישעריקען, אויף עטליכע גרויסע שטעדט און מיר ווילען ניט זיך צושפּרייטען איבער'ן גאַנצען לאַנד, און מיר פּאַלען ווי היישעריקען אויף איין מסחר און אויף איין פּרנסה.

מ כ ו ת ב כ ו ר ו ת. מכות האָבען אַלע בחורים וואָס זאַטשעפּען זיך מיט איין מיידעל; מכות האָבען די מיידלאַך וואָס הייגען זיך מיט גוואַלד אויף די מאַנען, מכות האָבען די קינדער וואָס עסען ביי זייערע עלטערען; מכות האָבען די עלטערן כבוד פון זייערע קינדער וואָס ווערען ערצויגען אויף די סטריטען; מכות האָבען די שטימער פון זייערע געוועהלטע קאַנ־דידאַטען, וואָס לעבען אַ גוטען טאָג אין וואשינגטאָן; מכות האָט דער המון נוטצען פון דער פּלוידער־ליטעראַטור, וואָס וואַקסט ווי שוועמלאַך יעדען טאָג, מכות האָבען אָבער אויך די פּובלישער פון די פּוציריצע בלעט־לאַך... און צוזאַמען האָט אויך איצטער אמעריקאַ חמישים ומאתים מכות.

עד כאן אומרים בשבת הגדול.

## III.

### האָט איהר דעם שאָו?

— א דאַנק גאָט! עס קומט דער ליעבער פּסח, אידען רעש'ען זיך, עס ווערט עפּעס פרעהליכער אויפ'ן הארצען, עט! ווי זאָגט מען: „יו"ט, פּסח ביי אידען."

אפילו שוין ניט דער ערשטער פּסח ביי מיר, צו דאַנקען און לויבען זיין נאָמען, איך בין שוין 37 יאָהר ביז הונדערט, און בין א צוואַנציג פּסח'ן פּאַר זיך בעל־הבית. אָבער דאָך ווען עס קומט דער יום־טוב... —

— א דאַנק גאָט פּסח ביי אידען! זעה, ווי ער זאָגט זיך מיט א גלאַטען לונג און לעבער, ער קוועלט, וואָס ביי אידען איז יום טוב, מען האָט אָנ־געגרייט פון כל טוב, אָבער ביי דיר אומשטיינס געזאָגט! עס איז דאָך ניטאָ וואָס א האָאָר ווערטה איז, עס איז שוין באַלד ערב פּסח און עס איז ניטאָ אין הויז קיין מצה, קיין ארבע כוסות, קיין איי, קיין ביסעל שמאַלץ, קיין קלייד און קיין שוך, נאַקעט און הויל, ווי א קאַטויל, אַז אַך און וועה איז דיר מיט קאָלומבוס'ן אין איינעם, עס זיינען מיר פערשטערט די טעג מיט די ימים טובים.

— דו האָסט שוין צושרויפט דיין צינגעל, יענטע, מען דאַרף ניט זינ־דיגען, אונזער לעבעדיגער גאָט פערלאָזט ניט, גאָט גיט דעם יו"ט, ער וועט אויך מוזען געבען צום יו"ט.

— פּאַטש דיר אין בייכעלע, יואל, גאָט וועט דיר אראָפּוואַרפען פון הימעל, ביזט געוועזן א שלימזל'ניק און וועסט בלייבען א שלימזל'ניק, „גאָט וועט עס מוזען געבען", אַז ניט וועט ער שיקען צו גאָט אַן עקזעקוציע!

— זאָלסטו טאַקע וויסען, יענטע, אַז גאָט וואַרפט אראָפּ פון הימעל, אָט איז מיר יעצט אין בית הכנסת הגדולה גראָד געקומען יונה'קע פּייוויש בעריל און האָט מיר נאָך געבעטען איך זאָל איהם געבען דעם שוי?

— וואָס האָט דען יונה'קע דיר צו פערקויפען?

— דו ווייסט גאָר ניט, אַז ער איז געוואָרען אַן איידזשענט פון מצות מיט וויין?

— ביי יונה'קען וועסטו נעהמען מצות מיט וויין אויף פּסח! ביי דעם

טרפה׳ניק, ביי דעם כל בו׳ניק! נאָ, טאָמער האָב איך נאָך אין אַמעריקאַ ניט געגעסען קיין חמץ אום פסח! איך זאָל אפילו וויסען איך זאָל פאַר הונגער שטאַרבען, וואָלט איך ניט געגעסען זיין מצה און ווײן אויף פסח.

— וואָס אידישקייט בעטרעפט, יענטע לעבען, זאָלסטו דיך גאָר ניט אריינמישען, אויף כשרות מעגסטו זיך שוין אויף מיר פערלאָזען, איך זאָל ניט וויסען, אז ער האָט הכשרים פון אַלע גרעסטע רבנים, וואָלט איך איהם דעם שוי ניט צוגעזאָגט.

— וואָס? דו האָסט איהם שוין צוגעזאָגט? איך האַלט עס גאָר ניט אויס! דו ווייסט דען גאָר ניט, אז ער וועט דיר אויף יעדער זאַך איבער־זעצען 20 מאָל אזוי פיעל? דו קענסט ניט יונה׳קע גנב נאָך פון דער היים?

— דאַרויף האָבען מיר דאָך אויך אַ ברירה. און אויסער דעם האָט ער געשוואָרען ביי זיין ווייב און קינדער, אז ער וועט מיר ניט רעכענען אפילו אַ פעני טהייערער ווי איבעראַל. פערשטעהסטו מיך, אז אי כשר אי ביליג, ווארום זאָל איך איהם ניט געבען דעם שוי?

— גליקליך ביזטו, אז דו וועסט שוין האָבען מצה מיט ווײן. קען מען דען מיט מצה און ווײן אָפּלעבען דעם פסח? דו מיינסט נאָך אלץ אז דו ביזט אַ פּאָר פּאָלק? פערגעס ניט מירביידע זאָלען זיך עלטערען אין כבוד, 7 קינדערלאַך זאָלען געזונד און שטאַרק זיין, מיין קאָזין און די באָר־דערקע און דיין ברודער האָבען דאָך אויך ניט וואו צו עסען, סך הכל אַ געזינדעל זאַלבע־צוועלפט און קיין נאשערייען איז ניטאָ, און טרוקענעס, ווייסטו דאָך עסט מען אַ סך.

— איז וויפיעל פונט מצה דענקסט דו דאַרף מען האָבען?

— אַ׳ן אכציג פונט מצה, אַ דריי גאַלאָן ווײן, אַ 50 פונט קאַרטאָפּ־לעס, אַ צוויי פונט געפּרעגעלטע שמאַלץ, און אַ 10 פונט ציבעלעס...

— זעה נור זעה, וואָס זי רעכענט דאָ אָן! ער האָט דען די אַלע זאַכען?

— „ער האָט דען די אַלע זאַכען"! זעה ווי ער פרעגט זיך עס אזוי קאַלטבלוטיג? וואָס דען? אַ פּעדלער האָט ניט אַלסדינגג? אָט האָט ציפּע ביינעשעס גענומען ביי איהם פּעדלער אַלסדינג, אפילו קויטענס אויף די ווינדעס. לייטישע מזלות! ציפּקע איז ערשט אַ יאָהר אין לאַנד און צו איהר איז אַ מחיה אריינצוגעהן, און מיר זיינען שוין דריי חשך׳דיגע יאָהר אין דער מדינה און צו מיר אַריינצוגעהן איז ווי צו אַ גרינהאָרן. אַ מענ־

טעל־פּלייט איז נאַקעט, די ווינדאָוס זיינען הייל, עס שוואַרצט מיר דער פּנים פאר שאַנדע, ווען אַ מנעש קומט אריין; אַז דו גיסט איהם שוין אַ שוי, איז ער דאָך ניט קראַנק דיר געבען אַלצדינג וואָס דו דאַרפסט.

— אָה, ברוך הבא ר' יונה! אַז מען דערמאָהנט דעם מלאך קומט דער גלח, מען זאָל געוועז דערמאָהנען משיח'ן, — וואָס זעהט מען אייך קיינמאָל ניט?...

— האָט איהר מיר דאָ דערמאָהנט צו גוטען, יענטע לעבען?

— פערשטעהט איהר מיך, ר' יונה, איך האָב דאָ דערצעהלט, אַז איך האָב אייך צוגעזאָגט דעם שוי אויף פּסח, נו, איהר קענט איהר דאָך, אַז זי איז אַן אשת תלמיד חכם, פרעגט זי מיך, אויב איהר האָט הכשרים פון רבנים.

— אַ קלייניגקייט אויב איך האָב הכשרים, מיין וויין איז איצט געקומען פון ארץ ישראל, אמת'ער יין צמוקים, וואָס פון די טייטלען האָט מען דאָרט אפילו אָבגעשייט מעשר און ביכורים און וואָס איז פערזעהן מיט'ן הכשר פון ר' יצחק אלחנן, פון ר' שבתי זשיטאָמירער, פון ר' ישראל סאַלאַנטער, פון ר' לייבעלע וויטעבסקער און פון היגען רב הכולל. און פון די מצות איז דאָך גאָר קיין רעדע ניט, אַזוי זאָלען מיר נור זוכה זיין צו קומען קיין ארץ ישראל, אָדער לכל הפּחות מיט אַ פרעהליכען הארצען צוריק קיין מאַלאַדענצאַ, ווי די מצות ווערען געקנעטען, געמורעט און געוואַלגערט אויף גלזערנע טישען און די ווייץ האָב איך אַליין געהאָלפען קלייבען ביי ר' פייוולען אין הויז, אביסעל אַ רעדע צו כשר, מען זאָל אפילו אַליין זיין, ווייס איך ווער, אָבער איין אנדערן צו פערבלאָפען חלילה ניט ווי עס געהערט צו זיין, וועט מען דאָך עפּעס ניט געהן איבער די פּעני ריוח פערשפּילען די וועלט און יענע וועלט, ווי פיעל פונט מצה דאַרפט איהר, זעהט איהר איך האָלט שוין מיין ביכעל און שרייב, הא?

— 80 פונט.

— פערנוצט עס געזונדערהייט, 80 פונט צו 6 סענט, איז פּיער דאָלער אכציג. און וויין?

— איך ווייס? דריי גאַלאָן וועט זיין גענוג.

— דריי גאַלאָן וויין, צו איין דאָלאַר מיט אַ קוואָדער, איז, איז, דריי דאָלאַר מיט 75 פּענים. איך ווינש אייך אַ כשר'ען פּסח.

— ר׳ יונה, איך האָב אייך גוועאָלט...

— שעהמט זיך ניט, ר׳ יואל, איהר ווילט אודאי צובאָרגען א דאָלער, שאדעט ניט, איהר זיינט נאָך ביי מיר א בטוח, גיט אהער נאָר די קעש.

— ניין, פערשטעהט איהר מיך, מיין יענטע זאָגט, אז מיר גיבען אייך שוין דעם שוי, טאָמער וואָלט איהר שוין אזוי גוט געווען און פערזאָרגען אלע איבעריגע זאכען אויך, וואָס מען דארף אויף פסח.

— אָך, מיט׳ן גרעסטען כבוד, וואָס טהוט א מענש ניט פון דער פרנסה וועגען, איך בין אָהן עין הרע אויך א גרויסער נצרך. זאָגט וואָס, איך שרייב שוין.

— לאָז מיר, יואל, דו ווייסט דען וואָס מען דארף אין הויז? שרייבט ר׳ יונה: 80 פונט מצות, 3 גאלאָן וויין, 50 פונט פּאָטייטאס, 2 פונט שמאלץ, 2 שאָק קאָך־אייער, 10 פונט ציבעלעס, 5 פּאָאָר קינדער־שיכלאך, 4 היטלאך, 3 העטקעס, 2 פּאָאָר קויטענס, 1 טיידע, 2 דזשאָמפּערלעך, העט־קעלעך וויל איך אריינקריגען אין הויז, ר׳ יונה, עס איז דאָך ערב פסח.

— באלד האָט איהר עס, יענטע לעבען, מצה און וויין, לאָמיר נאָר בערעכענען, איז 3 דאָלער 55, פּאטייטעס א דאָלער, שמאלץ א דאָלער 20 סענט. אייער א דאָלער 20, 30, 2.50 4 דאָלער 75 סענט, 3 דאָלער, 50 סענט, 50 סענט. סך הכל 23 דאָלאר מיט 50 סענט. מעהר דארפט איהר גאָר ניט?

— מעהר גאָר ניט? ווי שיקט זיך, א מענש איז דאָך א בערערפער. הלואי וואָלט אונז גאָט אזוי פיעל צוגעשיקט, ר׳ יונה, נאָר זעהט, איך זאָל פון אלעם הנאה האָבען.

— איהר קענט זיך שוין אויף מיר פערלאָזען. נון ארויס ר׳ יואל מיט׳ן ביסעל קעש... וואָס שווייגט איהר?... אָה, איהר ווילט געווים עט־וואָס באָרגען?...

— באָרגען, איהר קענט מיך, א דאנק גאָט, אז איך האָב פיינט דאָס באָרגען, בעסער ניט עסען. איך בין אפילו ניט רייך, אָבער מען מאכט ב״ה א לעבען, נאָר...

— נאָר וואָס דען, איהר דארפט זיך ניט שעהמען, מיר זיינען דאָך עפּעס לאנדסלייט, נו... איבעריגענס זאָגט מיר וויפיעל האָט איהר קעש?

— ס׳הייסט, ר׳ יונה, פערשטעהט איהר מיך, מען מאכט ניט קיין

גליקען אין אַמעריקא, נור מען לייגט צו גאָט ניט צו, אָבער קעש האָב איך גראָד אי־צט אַ פּעני אויך ניט, נאָר די באָרדערקע דארף מיר חול המועד געבען 4 דאָלאר, וועל איך געווים פאר מיר ניט האלטען און וועל עס אייך אָפּגעבען, כ'לעבען, אז איהר האָט שוין דעם שוי, האָט איהר כאָטש אַ רעכ־טען שוי.

— אַ פּעני קעש אויך ניט?! לייט זיינען עס אונפערשעהמט. הערסט אביסעל אַ שוי, איהם פערזאָרגען אַ פּסח פון אַ פיערטעל הונדערטער אָהן אַ פּעני. אייך, יענטע לעפּצעכע, בין איך מוחל דעם שוי; האָט איהר דעם שוי, יואל לעמעשקע, גוד באַי!

— נו, האָב איך דיר ניט געזאָגט, זאָלסט מיט יונה'קע כל בו'ניק ניט צו טהאָן האָבען? מען ניט איהם אַ שוי, שרייט ער נאָך: האָט איהר דעם שוי!

---

## IV.

### שלח מנות.

אַ דאנק זיין ליעבען נאָמען, וואָס איך האָב דערלעבט דעם ליעבען פּורים. איך ווייס אפילו ניט וועמעס ליעבען נאָמען איך זאָל דאנקען פאר'ן פּורים?

זאָל איך דאנקען מרדכי'ס ליעבען נאָמען, טאָמער וואָס? טאָמער ניט ער, וואָלט קיין פּורים ניט געווען, איז דאָך אין פלוג די קשיא, אז ווען ניט המן, וואָלט דאָך קיין המן־טאַש, קיין המן־קלאַפּער, קיין המן אין דער מגילה און קיין המן אין די פּורים־שפּיעלער ניט געוועזען, וואָס פאר אַ פּורים וואָלט עס געוועזען?

זאָל עס אנדערש זיין, אז מיר מוזעןביידען דאנקען פאר'ן פּורים, ווי וואָלטען זיי אָבער דאנקען פאר'ן פּורים, ווי וואָלטען זיי אָבער געקענט מאַכען די גאַנצע פּורים־שפּיעל, ווען עס זאָל ניט געווען זיין איין אחשורש מלך טפּיש, מיט זיין ערשטע ווייב ושתי און מיט זיין צווייטע אסתר, וואָס דורך זיי איז המן געפאלען און מרדכי נעהויבען געוואָרען?

אַלוּאָ, מוז איך טאַקע דאַנקען זייער אַלעמענס ליעבען נאָמען.

אי פאַר וואָס דאַרפען מיר גאָט דאַנקען פאַר'ן פּורים?

פאַר'ן פאַסטען דאָך ניט, ווייל מיר פאַסטען דאָך אָפּט אין מיטען מיטוואָך אויך.

פאַר דער מגילה דאָך אויך ניט, ווייל ווער האָט דען ניט צו דערצעהלען פון זיינע אייגענע צרות אַ גאַנצע מגילה?

נור איך מוז זאָגען, אַז דער גאַנצער דאַנק קומט זיי פאַר'ן שלח־מנות.

און איצטער אַז מיר האַלטען שוין ביים שלח־מנות, וויל איך אייך טאַקע דערצעהלען, וואָס פאַר שלח מנות'ן איך שלימזל האָב בעקומען דעם פּורים.

גאַנץ פריה בין איך שוין געזעסען אין די יום־טוב'דיגע קליידער און האָב געקוקט אויף דער טהיר צו זעהן אויב די שלח מנות־טרעגער קלאַפּען שוין.

— טיק, טיק, טיק! — הער איך דעם ערשטען פּורים־קלאַפּער. איך שפּרינג אויף, איך לויף איהם ענטקעגען, איך שריי: קאַם־אין! און עפען די טהיר און שלעפּ איהם אריין.

טאַקע אויף אַ טעלער מיט אַ סערוועטעל פערשפּרייט, אָבער אויף דעם טעלער קיין קענדי, קיין געבאַקענעס, קיין געוואַקסענעס, נאָר עטוואָס געשריעבענעס. איך קראַטץ מיך אין דער לינקער פּאה, אָבער ווער וויים, פאַר אַ שרייבער קאָן געשריעבענעס אויך אַ מאָל זיין אַ מתנה. איך עפען אויף און לעז:

„אייער אַרטיקעל, מר. שלימזל, איז היינט ניט געלונגען, מיר קענען איהם ניט דרוקען, מיר שיקען איהם אייך אָב צוריק...“

— אַרויס פון דאַנען! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן צום באָי, און ער איז מיט שרעק אַרויסגעלאָפען.

— טיק, טיק, טיק! — קלאַפּט עס צום צווייטען מאָהל.

איך וויל שוין ניט געהן עפענען, אָבער דאָך, נאָך איין אויסגעבראַקירטער אַרטיקעל קען ניט קומען, ווייל איך האָב מעהר ניט געשריעבען, און האָב דאָך געעפענט די. טהיר, געעפענט דאָס סערוועטעל און, הערט און שטוינט! ווייטער געשריעבענעס, און ווייטער מיין האַנדשריפט:

„ווערטהער הערר! אייער פּאָליסי אויף אייער אינשורטע פאַרניטשור

קענען מיר ניט אָננעהמען, ווייל עריטענס ווייסט איהר געוויס פון דעם מאָרד־ברענער פּראָצעס און צווייטענס ענדיגט זיך אייער נאָמען אויף „סקי"...

— הערסט א לאָגיק! ווי די ביידע זאַכען פּאַסען זיך צוזאַמען. דאַכט זיך אַלע „ברענער", וויינבערג, גרויער, ראָזענבוים, זילווערמייסטער, ענדיגען קיינער אויף „סקי" און קלינגען מעהר דייטש־אונגאַריש אַלס רוסיש, און דאָך איז „סקי" די כפרה. ארויס פון דאַנען!

— טיק, טיק, טיק! — צום דריטען מאָל, קיין פּאָליסי האָב איך אויך ניט געהאַט מעהר ווי איינע, איך עפען די טהיר, דעם טעלער, אהא, שוין עטוואָס געדרוקטעס, א בלעטעל!

אָה, פריינדע! א בעזעם בלעטעל, א באָד בלעטער, א בלעטעל פון א סדילקאָווער סליחה וואָלט מיר שוין פיעל ליעבער געווען, אָבער דאָס איז געווען ניט פאַר קיין אידען געדאַכט א זשאַרגאָן בלעטעל פון א קאָנטרי־שטאָדט און אויף דעם לייט־ארטיקעל שטעהט מיין כשר'ער נאָמען „הינ־קעדיגער שלימזל".

— אָה, ווי גאָט שטראָפט מדה כנגד מדה, אָנשטאָט וואָס פריהער האָב איך מיין אייגענעם ארטיקעל בעקומען ניט געדרוקט, האָט איצט אי־מיצער א פרעמדען ארטיקעל אונטער מיין נאָמען געדרוקט.

אָבער וואָס האָט דאָ דער רעדאַקטאָר געקענט מיינען דערמיט? האָט ער געמיינט אויסצופּוטצען זיין בלאַט מיט איין ארטיקעל און מיין נאָמען? דאַכט זיך וואָס העלפט מיין נאָמען צו אַזאַ ארטיקעל, וואָס ערגער וואָלט שוין אפילו א שעקספּיער ניט געקענט אָנשרייבען.

מיינט ער מיך אָבער דערמיט צו קריטיזירען, פאַר וואָס האָט ער זיין נאָמען ניט אונטערשריעבען? קיינער קען דאָך איהם ניט און קיינער וואָלט איהם גאָר ניט געקענט טהאָן דערפאַר?

אָבער ענדליך ווען איך בין געקומען צו דער לעצטער שורה „די בעסטע הומאָר געפינט איהר נאָר אין מיין צאַצקעדיגען פּאַנאָגראַף", האָב איך ערשט געזעהן אז דער רעדאַקטאָר האָט זיך פערראַטהען, ווי המן ביי אסתר'ן אין צימער, און האָט זיך אליין געמאַכט א מפּלה.

ארויס איז אויך דער טיפּוש. אָבער איידער ער איז נאָך אראָפּ פון די טרעפּ, — טיק, טיק טיק!

עס ווילט זיך ניט עפּענען, אָבער ניט אַלע פּעררייקטע רעדאַקטערע וועלען דאָך פאַלען אויף אַזאַ שלימזל'דיגען איינפאַל. איך עפען די טהיר, דעם טעלער, — עס איז מיר געוואָרען פינסטער אין די אויגען: אַ סאָמעס פון געריכט, פאַר בריטש אָף... איך חלש פון שרעק!... אָף פראָמיס!

און מיין פּלונית'טע האַלט עס שוין אין די הענד.

— אַזוי, שעהנער מענש! — שרייט זי צו מיר.

— זאָל אויף מיר קומען המן'ס מפּלה אויב איך וויים פון וואָס צו זאָגען — האָב איך מיך פערענטפערט.

— אָבער לעז נאָר! — שרייט מיין יענטע — און איך לעז מיט שרעק: „מאָנטאג ערשיינען אין עסעקס מארקעט קאָורט פאַר בריטש אָוו פראָמיס געענן ציפּע זאראַזאָווקע"!

— אָה, די מאוסע באָבע! — האָב איך מיט לייכטערען הערצען גע־שריען. איך פערשטעה שוין. אַלס געוועזענער אַפּטייקער קען איך מיך מיט עטליכע ערצטע און באָבעס, אַ האַלב דוצענד צוזאַמען, און אַזוי ווי זיי האָבען דערהערט אָדער דערזעהן, אַז מיין יענטע איז אין גוטע האָפנונגען, האָבען מיר אַלע אָנגעהויבען בּעזוכען מיט האָפנונגען צו בעקומען דעם דזשאַב. אַזוי ווי מיין יענטע האָט אָבער, ניט פאַר אידען געדאַכט, געבאָרען נור איין בתולה, האָט נור איינע פון זיי בעקומען דעם דזשאַב, און דאַרום האָט זי זיך געאיילט אין קאָורט און מיר געסאָמעסט.

אָבער אין קאָורט וועל איך מיך געוויס קענען פערטהיידיגען, אַז טראָ־גען און האָבען איז ניט מיין פאַך און אפילו מיין יענטע קען אויך ניט צו־פריעדען שטעלען אַ האַלב דוצענד באָבעס, ביז משיח וועט ניט קומען און מיר וועלען צוריקקומען קיין מצרים, וואו זי וועט האָבען ששה בכרס אחד, אום דעם גאַנצען האַלב דוצענד באָבעס אַ דזשאַב צו געבען.

דער טפּוש איז אַרויס און איך האָב פערשלאָסען די טהיר.

— טיק, טיק, טיק! — צום צעהנטען מאָהל.

— ניין! איך בין ניטאָ צו הויז! — האָב איך געשריען אויפ'ן קול.

— אָבער איך האָב פאַר אייך אַ שלח־מנות.

— ווייטער עטוואָס געשריבעענס אָדער געדרוקטעס?

— יעס.

— טאָ געה פון וואַנען דו ביזט געקומען.

— איך בין פון מיסטער דאָליצקי, לאָזט מיך אריין.

איך שטעל איין דאָס לעבען און לאָז איהם אריין, — פון מיסטער דאָליצקי, זאָל דאָך ניט ווייטער עטוואָס געפעהרליך זיין

און וואָס מיינע אויגען האָבען דערזעהן!

א פרעכטיג שעהן אויסגעשטאטעט ליעדער־בוך מיט דעם טיטעל „כל שירי מנחם מענדעל דאָליצקי“.

מיט היים הונגער בין איך געפאַלען אויף דיעזען בוך. איך האָב עס געלייענט און געלערנט און ווידער געלייענט מדאָסקע אל דאָסקע, איך האָב פערגעסען אָן דעם גאנצען המן מיט זיינע שפיצען, דען דאָליצקי'ס דיאַמאנטען־ און פערל־געדיכט האָבען מיך פערטראָגען אין די עולמות עליונים. זיין גאָלדענע ציון־שפּראכע האָט ערוועקט מיין שלימזל'דיגע זעעלע, און מיט ענטציקען האָב איך אויסגעשריען צו דיעזען לעצטען שלח־מנות־טרעגער:

— געה, ליעבער טרעגער, טראָג דיזען הייליגען שלח־מנות אין אַלע אידישע הייזער, זאָלען עס לעזען אַלע דענקענדע מענשען, דען ווען דער פורים זאָל נור עקזיסטירען צוליעב דיזען שעהנעם שלח־מנות, איז ווירקליך דער גרעסטער יום־טוב פון אַלע ימים טובים נור פורים...

אָט דאָס זיינען די פורים'דיגע ליידען און פריידען פון א שלימזל'דיגען שרייבער און דאָס איז זיין שלח־מנות.

---

## V.

## דער פורים קוילעטש.

איין הארץ פיהלט דאָס אנדערע: איך שלימזל מוז מיך אָננעהמען פאר אַלע שלימזל'דיגע בעשעפעניסען.

וואָס פאר א פאראד מען מאכט פון דעם המן־גראגער, פון דעם המן־טאש, פון דער מגילה, פון דעם שלח־מנות און פון דעם טרינקען „עד דלא ידעי“, ווען עס קומט דער הייליגער יו"ט פורים. דאָך פערגעסט דער גאַנצער עולם, איבערהויפּט פערגעסען די שרייבער אָן דעם אָרימען פורים־

קוילעטש אָדער די פורים־קיטקע אָדער פורים־חלה, ווי זי הייסט דאָרטען די אָרמע נשמה.

אַבוואָהל די פורים־חלה איז די גרונד־לאַגע פון אַלע נאַשעריייען, אויף אַלע ימים־טובים, דאָך וויל זי קיינער ניט העלפען פלעכטען.

וואָס טהוט גאָט (גאָט איז דאָך מיט דעם עלענדען), שיקט ער מיך זיין טרייען שליח איך זאָל דאָס יאָהר העלפען פלעכטען דעם נויאָרקער פורים־קוילעטש.

דו הייליגער „וועלט־פורים־קוילעטש" ! דאכט זיך ווי שעהן ביזטו פער־פלאָכטען איין פלעכטיל אין אנדערען ! ווי שעהן ביזטו אויסגעבאַקען און מיט אַלע פלעכטעלעך שיינסטו אלס איין שעהנער, גאַנצער פורים־קוילעטש.

היער און דאָ זעהט מען פינקלען אַ פּאָר ראָזינקעס, היער און דאָ זעהט מען די שעהנע קאָלירען פון דיין זאַפרען, היער און דאָ שמעקסטו פון דיין ביסעל בשמים וואָס מען שיט אריין אין דיר, דאכט זיך אַלעס צוזאַמען אַ פרעכטיגע וועלט ! דער פורים־קוילעטש פּראָגרעסירט ! ער איז אויפגעגאַנ־גען, ארויסגעוואַקסען מיט זיינע ערפינדונגען, בילדונג און ציוויליזאַציאָן !

אָבער דאָך, ווער עס איז נאָר אַ גוטער בעקער, אַ גוטער פלעכטער, ווער עס מאַכט נאָר אַ מוצא מיט כונה און הויבט אָן בעטראַכטען יעדעס פלעכ־טעל בעזונדער, זעהט דאָס יעדעס פלעכטעל איז אָבשייליך פּארקנעטען, אומגעלומפּערט, פערדרעהט, און דער יעניגער מוז מודה זיין אַז דער גאַנ־צער וועלט־פורים־קוילעטש איז ניט ראוי לברכה, ער איז אָסור בהנאה, ער איז פשוט טרפה ווי חזיר !

אָט לאָמיר אַ נעהם טהאָן דאָס אויבערשטע פלעכטעל וואָס געהט דורך איבער׳ן גאַנצען קוילעטש, געפלאָכטען פיעלייכט כפול שמונה׳דיג און לאָ־מיר זיי אַ נאָמען געבען „די פרנסה פלעכטעל" און לאָמיר בעטראַכטען פון וואָס קומט איהר טעם, ריח און קאָליר און פון וואָס זי איז געקנעטען און גערדרעהט :

די וועלט דאַכט זיך לעבט, דער עולם האָט פרנסה, אָבער אין דיעזער טייג פון געזונדען, פרישען קאָרן, קען דער עהרליכער ארבייטער האָבען פרנסה פון ארבייט וואָס בריינגט נוצען דער וועלט ? ניין !

דאָ האָט איין פּארטיי פערקנעטען אַ פּאָליטישען פלעכטעל. די פּאַרטיי צאַפּט דאָס בלוט און שוויים פון דעם פאָלק, פערדרעהט עס אַזוי קונסט־

פּאָל, אַז דאָס פּאָלק מיינט זי מאַכט פאַר איהר עטוואָס נאַרהאַפּטעס, עט־וואָס פון וואָס עס וועט צוקומען דעם פּאָלק געזונד, אָבער דאָס פּלעכטעל איז גיפט פאַר׳ן פּאָלק...

דאָ קומט לעבען איהר נאָך אַ פּלעכטעלע, „די ביוראָקראַציע, די פּאָ־ליציי־בעאַמטע", און ווידער זעהט מען, אַז דאָס איז נאָר פון אויבען פער־גאַרבט, אָבער אינעווענינ איז דאָס פערדרעהט איין מאַכט אויסצופּומפּען, אויסצוזאָקען דאָס אָרימע אונוויסענדע פּאָלק.

אונטער איהר זעהט איהר ווידער אַ פּלעכטעל פון „מאַדאַמען" און „הערען", וואָס ערהאַלטען די פּרעהליכע הייזער און פערברייטען זייער שרעקליכע נעץ איבער די אונשולד פון דער יוגענד, זיי גיהען אויף, וואַק־סען און געדייהען! אָבער די יוגענד, די פערפיהרטע פרויען און פערלאָקטע מענער, ווערען פערדאָרבען גייסטיג און קערפּערליך צום שרעק פון דער גאַנצער מענשליכער געזעלשאַפט.

דאָ זעהט איהר ווידער אַ פּלעכטעל, אַ קורצע אָבער אַ גראָבע, ווי אַ גאַנצע סעקטע לעבט פון מאָרד־ברענעריי, אויבען איז ביזנעס־פאַרב און אונטען די ספּעקולאַציאָן אויף טויזענד מענשען־שרעקען, אויף הונדערטער לעבענס פון פרויען און קינדער צור שאַנדע פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

דאָ זעהט איהר ווידער אַ גרויסען פּלאָכט, לאַנג און גראָב, רינגעלט אַרום דעם קוילעטש אין דער לענג און אין דער ברייט, פערפאַרבט מיט דער פאַרב פון פאַבריקאַציאָן און אינדוסטריע, פון קולטור און פערקעהר, און אַלעס צום וואָהל דער מענשהייט; אָבער בעטראַכט דעם טייג גענוי, וועט איהר זעהן די קינסטליכע פערפּלעכטונג און פערדרעהונג, אַז דאָס פּאָלק, דער אַרבייטער, ווערט מיט יעדען טאָג אָרימער און נויטלייזענדער, די מאָנאָפּאָליסטען פרעסען דעם פּורים־קוילעטש מיט׳ן פולען מויל און די אַר־בייטער קומען אָב נור מיט דער ברכה, און ווען זיי וואַגען אין ביטערען קאַמפּף צו פּראָטעסטירען, העלפט זיי ווי אַ טויטען אַן עין הרע אָבשפּרע־כען, ווייל דאָס מאָנאָפּאָל־פּלעכטיל איז פערפלאָכטען מיט די אַנדערע פער־דאָרבענע פּלעכטלעך.

דאַן געהען קליינע פּלעכטעלעך, וואָס האָבען זייער טייג פון לאָדזשען, חברות, סאָייעטים און וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען. אויך זיי קנעטען,

דרעהען און פלעכטען,, אָבער אַלץ פאר זיך און אויף׳ן רעכנונג פון דעם שוואכען, אונוויסענדען פאָלק.

זעהט איהר, זאָ זעהט אויס די פּ ר נ ס ה ־ פ ל ע כ ט ע ל, עס הייסט דאכט זיך די „וועלט לעבט״, די צייטען גאָר ניט שלעכט, דער פורים־ קוילעש געדרעהט, אָבער ווער עס לעבט, און אין וואָס די מעהרצאָהל אין אמעריקא לעבט, דאָס איז איין אָבשייליכער געלער פלעק אויף אונזער פורים־ קוילעטש!

יעצט נעהמט פון איין זייט די רעליגיאָנס־פלעכטעל, אייך וועט דאכט זיך שיינען, אז זי איז שוין אלט, פערטריקענט, זי ברעקעלט זיך שוין אויס, אָבער קוקט זיך נור גוט צו צו די טויזענדער מיסיאָנער־שטאַפּלען אין אמע־ ריקא, וועלכע מאַכען אונפערשעהמטע יאַגד אויף אונערפאַהרענע גרינע; אויף די גייסטליכקייט וועלכע זוכט איצט אין אמעריקא צו געווינען איהר מאַכט אין דער פּאָליטיק און איבער די פּאָבליק סקוהל; וועט איהר זעהן, אז זי בליהט איצט אויף, זי מאָהלט, קנעט, דרעהט און פלעכט צור שאַנדע פאר דער אמעריקאנער פרייהייט.

מיט איהר צוגליך זעהט איהר פון דער אַנדערער זייט דאָס „טיראַנישע פלעכטעל״, ווי דער שמעקעדיגער טייג פון די האָפנונגען אויף דעם ליבע־ ראַליזמוס פון ניקאָלאַי, איז צוגאָבען געוואָרען, ווי ער וואַגט נאָך ערגער צו זיין פון זיין דומען טאַטען און אָנצוגרייפען וועלט־בעריהמטע פערזאָנען, וואָס זיין פינסטערער טאַטע האָט ניט געוואַגט...

ווי ווילהעלם זוכט מיט אַלע מיהע צו דערשטיקען יעדען פונק פון פרייהייטס־געדאַנקען, וועלכע די גראַדע מיטלען האָבען מיט ביטערע קעמ־ פּפע קוים ערוואָרבען.

ווי זאָגאַר אונזער פיינע אמעריקא, וועלכע שעצט דאָס געלד מעהר ווי גאָט און פּאַטער־לאַנד זוכט מיט געלד־אַנלייהען, מיט זילבער־פּראַגען און מיט מאָנאָפּאָליסטען־בילס דאָס פּאָלק צו פערראַטהען און פעראונגליקען...

ווי די אזיאַטישע יאַפּאַנעזער פערגיסען טייכען בלוט פון די כינעזער, די טירקען פון די ארמעניער א. ז. וו.

דאָס אַלעס צוזאַמען בילדעט איין אונגעהייער אָבשייליך, פערקנעטען אין פּערדרעהטע פלעכטעלע איבער דעם גאַנצען וועלט־פּורים־קוילעטש.

יעצט קוקט זיך נאָך צו די לאַנגע פּארב־פלעכטעל, וואָס דרעהט זיך

ארום דעם פּורים־קוילעטש אין דער לענג און אין דער ברייט און הייסט „ליטעראטור“ אָדער „פּרעסע“, וועט איהר בעמערקען, אז דאָס איז א גע־קינסטעלטע פארב, קיין געזונדע, נאָר א גיפט־פארב פאר'ן פאָלק, מען דרעהט פוילע נייעס, מען קנעט פערבלענדענדע פּאָליטיק, מען פלעכט אונ־נאטירליכע ראָמאנען, און דאָס פאָלק שלינגט עס הייסערהייד און פערגיפ־טעט איהר געזונטען מענשען־פערשטאנד.

היינט די אלע זייטען־פלעכטלעך, וועלכע עס עקלען פערימליך אָן, זיי אויסאנאנדער צו פלעכטען! די פּריוואט שטיקלעך, וועלכע זיינען איינגע־קלעפּט אין דעם גרויסען וועלט־פּורים־קוילעטש, דערצו פריינדע קען מ׳ען זיך גאָר ניט צוריהרען, דאָרט פריינדע איז ניטאָ קיין געבייטעלטע און געזיפּטע מעהל נאָר קלייען, זאמד, ביינער און דערנער. איך זאָג אייך, אז עס איז ניט ראוי לברכה, עס איז טרפה, פּוצט ניט אוים אייער יום־טוב׳דיגען טיש מיט איהם, מאכט בעסער קדוש איבער א פראָסט ביסעל שנאַפּס, (אויב איהר האָט עס פון איין בעקאנטען עהרליכען סאלון־קיפּער) דען דעם וועלט־פּורים־קוילעטש, וועלכען מיר האָבען ביז היינטיגען פּורים, וואָלט מען איינגענטליך געדארפט צופלעכטען, איבערמאָהלען, איבערזיפּען, איבערקנעטען און איבערפלעכטען און דאן ערשט וואָלטען מיר געהאט איין אמת גוט יום־טוב און מיר וואָלטען געקענט עסען זאט פון איהם אָהן בויך־וויטאָג.

און דער פּורים וועט געוויס קומען, ווי אונזערע חכמים זאָגען: אלע ימים טובים וועלען בטל ווערען, נור דער יום טוב פּורים וועט בלייבען. און דאָס מיינט מען, ווען מיר וועלען בעקומען א פאָלקאָמען גוט איבערגע־פלאָכטענעם „פּורים־קוילעטש“.

---

## VI.

### כפרות שלאָגען.

א איד איז אויף אלעם א בעלן, א רעדאקטאָר שטעקט איבעראל די נאָז, ביי א שלימ־מזל טויג אלעם אויף כפרות. דאָס זיינען פּאָלקס־שפּריכע. אזוי ווי איך בין אָבער אלע דריי זאכען אין איינעם, ד. ה. א שלימ־

מזל'דיגער אידישער רעדאַקטאָר, בין איך דעם ערב יום־כפור געווען אַ בעלן צו שטעקען די נאָז אין דעם ענין פון כפרות שלאָגען.

וואָס איך האָב אייגענטליך געוואָלט וויסען איז געווען דאָס, פרומע עהרליכע אידען האָב איך געוואוסט, אַז זיי שלאָגען כפרות מיט אַ ווייסען האָהן, פרומע ווייבער מיט אַ ווייסע טשיקען, מעוברות מיט איין איי און אָרימע לייט מיט אַ מטבע. אָבער אַזוי ווי פילאַדעלפיא איז איין אינ־טערנאַציאָנאַלע שמאָדט און עס זיינען דאָרט פאַראַן פרומע און ניט פרומע, ציוניסטען און סאָציאַליסטען, אידישע גוים און גוי'שע אידען, משכילים און צבוע'קעס, ראָממאַנען־שרייבער און מארק־ווייבער, אויפגעקלערטע און איבערגעקעהרטע, איינגעהאַלטענע און אויסגעלאַסענע, קלים שבקלים און שווערע אידען, צאַן קדשים און חמורים, רבנים, אַגענטען, פּרעדיגער, מעק־לערס און אַזוי אידען, בין איך געווען אַ בעלן זעהן מיט וואָס און מיט ווען, ווען און ווי אַזוי אַזאַ עולם אָהן עין הרע שלאָגט כפרות.

אָבער ווי פעהיג איך בין אַלס רעדאַקטאָר, בין איך דאָך ניט געווען אין שטאַנד צופּוס זיין איבעראַל, און פאָהרען איז פשוט ניטאָ מיט וואָס. איך מיין די קאַר געהט ניט אין אַלע גאַסען, — האָב איך מיך מישב געווען מיין ווייסער האָהן טויג דאָך שוין במילא אויף אַ כפרה און איך וועל פון איהם קיין תכלית ניט מאַכען, האָב איך געכאַפּט מיין ווייסען האָהן און האָב מיך געזועצט אויף איהם רייטענדיג און האָב נאָר אַ געשריי געטהאָן:

„זה התרנגול ילך לבני אָדם יושבי חושך", און ער איז געפלויגען, ווי דעם גאון'ס גולם איבעראַל, וואו איך האָב נאָר געוואָלט.

די ערשטע סטאַציאָן האָב איך געמאַכט ביי רעווערענד דר. היטצקאָפּף.

איך הער ווי ער זאָגט מיט גרויס כונה „בני אָדם יושבי חושך" און קוקט אַריין אין דער קאַראָבקע און שלאָגט כפרות מיט דער „רעליגיאָן".

אַ שעהנע ריינע כפרה, טראַכט איך מיך, און פליה ווייטער.

די צווייטע סטאַציאָן האָב איך געמאַכט ביי מר. שאַכערמאַן עט קאָמפּ. נעבעך געווען שלעכטע צייטען דאָס לעצטע יאָהר, — מיט וואָס שלאָגט אַזאַ איד כפרות?

איך זעה ער קוקט אַריין אין זיין פייער אינשורענס־פּאָליסי און זאָגט „מצאתי כופר" און שלאָגט כפרות מיט זיין סטאָר, און איך בין געפלויגען ווייטער, גלייך צו דאָקטאָר גיפטאַן.

אָרימער מאַן! דאָס ווייבעל האָט איהם געבעטען געהאַט שוין אַ פּאָר קינדער. זי איז שוין ניט מעהר אַזוי שעהן, ווי אַ מאָל, און מיסס ליעבהערץ רייבט די הויט פון איהם. ער קוקט אריין אין אַ קליין פּלעשעלע און זאָגט „מלאך מליץ לרדת שחת" און שלאָגט כפּרות מיט זיין פלונית'טע.

פון דאָרט ניט ווייט וואוינט מר. מימפּעל לימפּעל די פּאַטילניצע, איך מיין דער שטערן פון דער אידישער ביהנע. ער קוקט אריין אין אַ דיימאָנד רינג אויף זיין לינקער האַנד און זאָגט „ישלח דברות ויריפאם", און שלאָגט כפּרות מיט דער קונסט און טאַנצט אַ קאַמאַריסקע.

דערווייל בין איך געוואָרען אַ ביסעל הונגעריג און בין אריינגעפלויגען אין אַ רעסטאָראַנט.

אַ שעהנער איד, אַ קלוגער איד, ער קוקט אריין אין אַ דייכקע פלייש, אויף וועלכע עס קריכען ארום ווערים און זאָגט: „כל אוכל תתעב נפשם" און שלאָגט כפּרות מיט זיינע קאָסטימער.

גראָד אַנטקעגען איז דער קלאָקס־שאָפּ פון מר. גאָלדבאָך. ער קוקט אויפ'ן זייגער און דרעהט אַ דארען בינגלער איבער'ן קאָפּ און זאָגט מיט חשק „אוילים מדרך פשעם" און שלאָגט כפּרות מיט אַלע ארבייטער.

ניט ווייט פון דאָרט האָט מיך מיין האָהן פערקירעוועט צו מאַדאַם לינא וואַקס־הערץ. זי איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, קוקט אריין אין שפּיגעל און זאָגט „ונפלאותיו לבני אָדם" און שלאָגט כפּרות מיט'ן מאַן.

נאָך אַ קליינע רייזע פליהענדיג און איך בין אריין פּשוט צו אַ ברענענדיגען סאָציאַליסט אין פענסטער אריין. אויך ער זיצט פערטיעפט איבער'ן וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס און דרעהט אַ יוניאָן איבער'ן קאָפּ און זאָגט „וימלט משחיתותם" און שלאָגט כפּרות מיט דעם הייליגען אידעאַל און וואַרפט איהם ארונטער אונטער'ן טיש.

טאַקע באַלד אַנטקעגען האָב איך געטראָפען אַ ליבאַוויטשער ישיבה־בהור מיט־ברוגז. ער קוקט אריין מיט גרויס כונה אין אַ פּאַלאַסט און דרעהט ארום קאָפּ אַ באָמבע און שלאָגט כפּרות מיט'ן מאָנאָפּאָליסט און זאָגט „יציאם מחשך וצלמות".

נאָך אַ קליינעם מהלך ווייטער האָב איך בעמערקט די וואָהנונג פון דעם פּרעזידענט פון דער ברית קודש לאָדזש. ער קוקט אריין אין דעם קאַסא־בוך, ער דרעהט ארום קאָפּ די קאָנסטיטושאָן און זאָגט מיט חשק

„ויגיעם עד שערי מות" און שלאָגט כפּרות מיט אַלע מעמבערס.

יעצט בין איך שוין גאַנץ מיעד אַריינגעפּאַלען אין דער יוניאָן־מיטינג פון די קלאָוק־מאכער. איך זעה זיי שרייען אַלע אין איין קול „ומעונותיהם יתענו" און דרעהען אַרום קאָפּ די סוועטינג סיסטעם און שלאָגען כפּרות מיט די קליינע באָסיאַקעס.

מערקווירדיג איז דאָס, אַז דאָס יאָהר שלאָגען ניט אידען אַליין כפּרות, נאָר אַנדערע נאַציאָנען אויך: דער טערק האָט געשלאָגען כפּרות מיט גריי־בענלאַנד, קיובא מיט ווײלער, גאַלי מיט קאַנאַוואַס, די סאָציאַל־דעמאָקראַטען איין פּאַרטײַ מיט דער אַנדערער און איך מיט זיי אַלע — מצאתי כופר.

---

# VII.

## קריסטמעס.

הייליגער זיסער יום טוב קריסטמאַס! ווער האָט פון דיר געוואוסט אין דער אַלטער היימאַטה? ניט מעהר ווי דער עם הדומה לחמור, אָבער מיר אידען האָבען געהאַט די פּראָסטע ימים טובים: פּורים, חנוכה, יום־כפּור און דעם רבינ׳ס יאָהר־צייט און גאָר גרויסע חסידים אויף די רביצינ׳ס ליל טבילה; אָבער וואָס האָבען מיר געהאַט פון דיזע ימים טובים, יום כפּור איין עבודה, חנוכה — לאַטקעס, פּורים — אַ צוקערקע, און יאָהרצייט מיט ליל טבילה — אַ טרונק בראָנפען, און דערפאַר טאַקע זיינען מיר דאָ אין אַמעריקא ציוויליזירטער געוואָרען. מיר האָבען דאָ אַלע ימים טובים געגעבען דעם דרך און אָנשטאָט דיזע אַלטמאָדישע אידישע ימים־טובים האָבען מיר אָנגעכאַפּט דעם הייליגען ליעבען יום טוב קריסטמאַס!

דאָס האָבען אונז די דייטשע אידען געשענקט, ווען מיר זיינען נאָך געווען גרינע, און זיי האָבען אונז וויסענשאַפטליך בעוויזען, אַז אַפילו יום כפּור מעגען מיר אין זייערע שעפּער ארבייטען, אָבער קריסטמאַס גאָר לאַ! אַ קלייניגקייט קריסטמאַס! דאָס איז ניט אַ יום־טוב, וואָס מען האָט אונז געגעבען אויף אַ טרוקענעם באַרג סיני מיט בליצען און דונערען, זאָנדערן אַ יום־טוב פון אַ פייכטען פּלאַץ, פון אַ שטעלכעל וואו עס איז פּערוויקעלט

געווען אַ גאַנצער ראָמאַן צווישען דעם רבונו של עולם מיט דער שעהנער מאַריע און גאָט האָט געבענשט דעם רבונו ש״ע מיט אַ בן יקיר׳ל, וואָס האָט איבערגענומען די הימלישע רעגיערונג מיט די ערדענע צוזאַמען. אין דעם שטעלכעל איז געשטאַנען אַ שטומער עדות, אַ׳ן עזעל, און האָט בע־וואונדערט די גבורה פון דעם טאַטען, די פרומקייט פון דער מאַמען און דעם שמייכעל פון דעם זינדעל, אפילו דער עזעל איז אויך אַ פיעל־בעסע־רער ווי אונזער אידישער עזעל פון חומש. יענער האָט גערעדט, פראָטעס־טירט, און דער עזעל האָט געקוקט און געשוויגען, ווי גאָט ברוך הוא יוניאָר איז געבאָרען און געוואקסען און געשטאָרבען און לעבעדיג געוואָרען און דער גוטער עזעל שווייגט נאָך ביז איצט...

פערשטעהט איהר מיך שוין, פאַר וואָס דער יום טוב קריסטמאַס איז ביי אונזערע אַמעריקאַנישע הייליגע אידען טהייערער פון יום כפור אפילו. עס איז עפּעס פאָרט אַ שטיקעל ראָמאַן. מען קען דערפון מאַכען אויך אַ נעריהמטע פּיעסע און דערצו בעקומט מען נאָך דעם טאָג קריסטמאַס־פּרע־זענטען אויך און דאָס איז דער עיקר, און דאָס וויל איך אייך טאַקע דער־צעהלען:

אַלס אידישער רעדאַקטאָר, וועלכער שטימט מיט אַלע קלאַסען אין שטאָדט, האָב איך ערוואַרטעט פּרעזענטען אַ סך, איך האָב אָבער ניט גע־וואוסט, וואָס פאַר פּרעזענטען זיי וועלען מיר שיקען. יעצט שטעלט זיך פּאָר מיין איבעררעשונג, ווען איך האָב דערזעהן דעם אוצר מתנות וואָס איך האָב בעקומען:

פון ר׳ יאַנטיל דעם נייעם רב פון דער נייער שוהל, האָב איך בעקומען אַ קריסטמאַס פּרעזענט אַ ספר תורה׳לע גרויס ווי אַ מילב און דאָס וואָרט „נח“ איז מיט זיבען גרייזען גרויסע, ווי די 7 רערען פון דער מנורה.

פון דעם „כולל אַמעריקא“ האָב איך בעקומען אַ טשאַרטער פון כרמל מיט אַ בלעכענע ארץ ישראל פושקע, אויבען מיט אַ לאָך און אונטען אָהן אַ דעקעל.

פון די „אגודת הקהלות“ האָב איך בעקומען די שעהנע אידישע ציה־רונג, די „קאָראָבקעלע“. עס איז עקסטרא ניי געפּלאַנצט, אָבער דעם חוש הריח טאָר מען דערצו ניט נוצען, עס שטינקט מיט סאַקעריי און מים זבוע׳טשטוואָ.

פון די זעמטליכע חברות און לאָדזשען האָב איך בעקומען אַ קליין ערדענעם קבר׳ל. טויטע ברידער קען מען דארין אפילו ניט פיעל בעגראָבען, אָבער דיוס קען אין דעם בעגראָבען ווערען אַ גאַנצע וועלט.

פון אַלע שוהלען און מנינים האָב איך בעקומען איין יד׳ל מיט דעם קונסטפאָלען פינגער, אַז אין וועלכער האַנד מען זאָל עס ניט האַלטען, צייגט עס אַלץ אין רעכטען פּאַקעט אריין.

פון די זעמטליכע מיסיאָנען האָב איך בעקומען אַ ליימענעם גולם וואָס פּאָהרט אום אויף רעדלאַך און פערקויפט גאָט׳ס וואָרט מיט אַ שטיקעל קענדי צוגאָב אין אַלע מיסט־געסלאַך.

פון די זעמטליכע דייטשע קאָנגרעגיישאָנס — אַ מזוזה׳לע, מעור אחד אויף קלף צבי מיט אַ גאָלדען צלם׳ל אין דער מיט.

פון די היברו טשאריטיס האָב איך בעקומען איין אייזערנעם רוסישען אידען, מיט אַרומגעשלאָגענע זייטען, מיט אַ קופּערנעם שטערן, ער האָלט אויסגעשטרעקט די האַנד און אַ רייכע ליידי בלאָזט אויף איהם פּערפיום.

פון די בני ציון האָב איך בעקומען אַ שטיקעל חמארע פון דעם עמוד ענן און אין מיטען שטעקט אַ וואָלף־צאָהן פון בלעם אָבינו׳ס קבר און אויף׳ן שפּיץ צאָהן זיצט דער אידישער קעניג טודרוס מיט׳ן גאַנצען מיניסטעריום.

פון מיין פלונית׳טע האָב איך בעקומען אַ פּרעזענט דעם מוסר־ספר „צפנת פענח“ אונטער אַ פּאַרהאנגעל וואָס האָט די פּרעכטיגע אייגענשאַפט, אַז ביים עסען פערשפּאָרט מען חריין און ביים שלאָפען צו חראָפּען... אויסער נאָך אַ מענגע פּרעזענטען, וואָס איך וויל ניט מגלה זיין פאר׳ן עולם, מ׳זאָל ניט עובר זיין אויף לא תחמוד.

אָה, לעבען זאָל דער אידישער יום טוב קריסטמאס!

---

# VIII.

## מיין חמץ׳דיגע דרשה.

עס גיט זיך אַ רוק דער ליעבער יום טוב פּסח מיט אַ זעהר לאַנגען חול־המועד, און אין אַזאַ לאַנד ווי אין אַמעריקאַ וואו אַלע זיינען ביזי טאָג און נאַכט, זוכט מען דיעזע געלעגענהייט אויסצונוצען. ניט נאָר פּריוואַט־

מענשען, וועלכע ליגען אַף זייערע וויזיטען צו פריינדע און בעקאַנטע צו צייגען זייערע נייע קליידער און דזשולערי, זאָנדערן אויך חברות און סאָ־סייעטיס מאַכען זייערע עלעקשאָנס, אנשטאַלטען און אינסטיטושאָנס, פער־אנשטאַלטען מאַסענמיטינגס און זאָגאַר קלאָבס און עדוקיישאָן־סאָסייעטיעס האַלטען זייערע בעסטע לעקטשורס אויף פּסח.

ווי אייך איז אַלעמען בעקאַנט, בעלאַנג איך צו דער „שפּינאָזאַ־ביס־מאַרק סייענטיפיק־פּאָליטיקאַל יאָנג־מענס ראָשיען היברו אמעריקא סאָשעל־פלעזשור קלאָב אָף פילאַדעלפיא פּענסילווייניאַ“. שוין נאָך דעם גרויס־אַרטיגען נאָמען פון אונזער קלאָב פערשטעהט איהר, אַז אונזערע מעמ־בערס זיינען ניט אַבי וועלכע ליידאַקעס, און אַז אונזער צוועק איז זעהר אַ הויכער און אַ ברייטער, נעמליך: ערשטענס זיך אָבצוטהיילען פון די „פּאַר־שיווי זשידי“ און דער שמוציגער גהעטאָ און צו האָבען איין ענגען קרייז פון סאַמע „סוואָאיך“, און צווייטענס צו פערשפּרייטען די וויסענשאַפטס־שטראַהלען איבער דער פינסטערער, אונוויסענדער דאַון־טאַון פּאָפּולייששאָן.

יעצט שטעלט זיך פאָר, אַז פון דיעזען קלאָב בין איך דורך אַ ספּעשיאַל קאָמיטע בעאויפטראַגט געוואָרען צו האַלטען אַ רעדע, אָדער בעסער געזאָגט אַ לעקטשור די ערשטע נאַכט פּסח, ווען פיעלע אידען האַלטען נאָך אין שלינגען — די רויע אויסטערס.

דאָס טהעמאַ האָט מען מיר ניט בעשטימט, נאָר מען האָט עס איבער־געלאָזען גאַנץ צו מיין געשמאַק און דאָס איז געוועזן די טראָבעל. וואָלטען זיי מיר געזאָגט, אַז איך האָב צו רעדען איבער אַ בעשטימטען געגענשטאַנד, וואָלט איך שוין, אַלס „הויך וויסענשאַפטליכער“, דאָס אויפגעזוכט אין דער ענציקלאָפּעדיע אָדער אין פוירסט רידער און וואָלט שוין געזאָגט „ווי אין פּסוק שטעהט“, אזוי אָבער איז ענטשטאַנען די פראַגע — וואָס רעדט מען?

נו טאַקע, וואָס רעדט מען? פערגעסט ניט, אַז דאָ האַנדעלט זיך שוין ניט נאָר אום דעם אינהאַלט פון דער טהעמאַ, זאָנדערן אויך דעם נאָמען. עס מוז זיין אנציהענד, פּאַסענד, אָריגינעל, עס זאָל אויסצייכנען דעם קלאָב און איבערהויפּט מיך אַלס אָראַטאָר. איך וועל דאָך ניט געהן האַלטען אַ רעדע פּראָסט איבער אַסטראָנאָמיע, מעטאַפיזיק, פיזיק..., אַלץ אַלטע אָב־געניצעוועטע נעמען, עס דאַרף עפּעס קלינגען, ווי צום ב. ש. „די מיקראָבען־ענטשטעהונג אין די געהירען פון אַ אידישען רעדאַקטאָר און די פּאָליאַטיווע

מיטעל צו סטאַפּען זייער עוואָלוציאָן“ אָדער „דער סוועטינג סיסטעם אין בעצוג אויפ'ן פּאָליטישען קאטאליציזמוס“ אָדער „משה רבינו'ס אשה כושית (ניגערטע) און איהר שטעלונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער קאָרופּטיווער געזעלשאַפט“ אָדער „אויב אין צוקינפטיגען ציוניסטישען שטאַאט וועלען זיך אידען נאָך מעגען בענוצען מיט די אויסדריקע: „אפּ־טאָון אויף טערקיש, — ער האָט א פּנים ווי א טערק — א. ז. וו., אָדער „אויב דער ברוּיט־לייבעל פון די „תומכי היהדות“ שטימט געאָמעטריש מיט'ן חשן ואפוד פון אהרן הכהן?“ אָדער „אויב אין דער צוקינפטיגער סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישער אַריסטאָקראַטיע וועט דער טהראָן זיין פערערבליך (בירושה) אָדער עס וועט עס נעהמען דער יעניגער, ווער עס וועט זיין שטאַרקער?“...

זאָלכע און עהנליכע נעמען קלינגען וויסענשאַפטליך, היסטאָריש, נאַציאָנאַליסטיש, רעליגיעז, פּאָליטיש און אַלעס צוזאַמען. אָבער מיינע געדאַנקען האָבען זיך ניט געקענט אָפּשטעלען אויף איינעם פון זיי און האָבען געזוכט נאָך אָריגיניעלערעס און מעהר קלינגענדיג און דאָ איז שוין קורץ פאר פּבח, — דאָס טהעמא מוז שוין דורכגעדאַכט און אויפגעשריבען ווערען.

דאָ איז מיר פּלוצלונג איינגעפאַלען, א וואוילס, אַן אַנטיק כ'לעבען: „דער לעבענס צוועק — דער צוועק אין לעבען און די צוועקמעסיגקייט פון מענשליכען געבוירען ווערען און שטאַרבען“. ערשטענס איז דאָס אָריגינעל, צווייטענס פרעגען דאָס אַלע, דריטענס פערשטעהט עס קיינער ניט, פיערטענס פערשטעה איך עס אויך ניט, פינפטענס לאָזט זיך דערביי זעהר פיעל זאָגען, און דאַוואַי דראַט, — מיינע געהירען האָבען שוין אָנגעפאַנגען צו ארבייטען:

נו טאקע, צו וואָס לעבט איהר? א יענע וועלט? ניטאָ, מען האָט שוין אויסגעפונען אַלע וועלט־טהיילען, אפילו דעם נאָרד־פּאָל, מען מאַכט שוין איין עלעווייטעד אפילו צום שטערן מאַרס, און א יענע וועלט ווי גאָר אויף דער וועלט ניטאָ.

צוליעב די וועלט? אומשטיינס געזאָגט, וואָס פאר א טעם דאָס האָט מיר; פּיזישע ווייטאָגען פון פּאָקען און מאָזלען ביז אַפּענדיסיטיס און קאָנסאָמפּשאָן איז דאָס לעבען פול מיט צייהן־שמערצען, דיספּעפּסיע, בלוט־אָרמוט, ראָמאַטיזם, געלער, פיבער, א. ז. וו.; סאָציאַלע שמערצען: קנאה, שנאה, לאָדזשען, רייסעריי, טשאַריטי סאָקערס, שוהל־צופּעריי; נאַציאָנאַלע

און ראסען פלאַגען, פּאָליטישע קעמפּפע און בלוט־פערגיסונגען, עקסידענטס און זעלבסט־מאָרדען; עקאָנאָמישע טראָבעלס, לויפען, האָבעווען אום דאָס שטיקעל לעבען, פאמיליען און ליעבעס־שמערצען... פּע, עס כאַפּט אָן א שרעק! מען מוטשעט זיך מיט'ן טויט א לעבען צו מאַכען; עס איז זאָ שרעקליך שווער צו ערקעמפּפען דאָס לעבען, אז עס בלייבט ניט ווען צו לעבען.

וואָלט דען ניט בעסער געווען אז די געטער, פוי איך מיין גאָט, איך מיין די נאַטור, חלילה! איך מיין אַלע צוזאמען זאָלען ניט בעשאַפען מי־ליאָנען קליינע מענשעלעך, נאָר א פּאָר טויזענד גרויסע מענשען, וואָס זאָלען פּאַרטווערענד וואקסען און ענטוויקלען זיך ביז אין די עוויגקייט, אַלע מיט איין שפּראַכע, איין נאַציאָנאַליטעט, איין גלויבען און איין אידעאַל. קיינע נאַטירליכע קראַנקהייטען, קיינע טראָבעל פיר נאַהרונג, די מענשען זאָלען ניט דארפען געפּלאַנצט ווערען איינער ביים אַנדערען אין בויך געגען יענעמ'ס ווילען, זאָנדערן ווער עס וויל א קינד זאָל זיך געהן אָפּרייסען פון א בוים, אָדער אויסקנעטען פון א שטיקעל ליים, זאָל זיך שפּיעלען דערמיט ווי לאַנג עס איז איהם ליעב... פערגעסט ניט, אז דאָס וואָלט געווען א גרויסע רעפאָרם, ווי פיעל יונגע ווייבלעך בלייבען יעצט קריפּעלס, קראַנקע פיר זייער לעבען לאַנג, אָדער זיי געהען יונג פון דער וועלט, ווייל זיי ווען־דען אָן מיטלען פּטור צו ווערען פון דעם אומגעלומפּערטען הויקער אויפ'ן בויך, סאמע וואו מען דאַרף איינציהען דעם קאָרסעט אם איינגסטען, עס זאָל פּאַסען דאָס נייע קלייד נאָך לעצטען זשורנאַל (א כפּרה דאָס לעבען, אבי אויסזעהן סטיילליש).

היינט פערגעסט ניט, אז ביי אזא סיכטעם וואו מענשען זאָלען וואק־סען אין די עוויגקייט, וואָלטען זיי דאָך אין דער הויך מיט דער צייט ער־רייכט ביז'ן כסא הכבוד אין דער ברייט ביז אין נאָרד און זיד פּאָל. ווי פיעל פּראָבלעמען וואָלטען ביז יעצט געלעזט געוואָרען, ווי פיעל נייע ענט־דעקונגען וואָלט מען שוין געמאַכט, זיי וואָלטען זיך מיט גאָט געקענט דורכ־שמועסען פערזענליך, וואָלט די רעליגיאָנס־פראַגע שוין געלעזט געוואָרען וועלכע איז בעסער צו די אידישע צו די אַנארכיסטישע, דער ציון־קאַמפּף וואָלט אויפגעהערט, ווייל ווען איינער זאָל שטעהן אין דעם אומריינעם

פראַנקרייך, וואָלט ער זיך געקענט איינבויגען קושען די ערד פון ציון במילא אָהן גלגול מחילות און אָהן שקלים...

און זאָ האָב איך מיך פערטיעפט אין די געוואַלדיגע פּאָרציגע פון די אונגעהייערע גרויסע געזונטע מענשען און בין געווען ענטציקט פון דער סאָלאָסאַלער מענשהייט און פון דעם איינפאַל פון מיין וויסענשאַפטליכער רעדע, אָבער ווי אין פיעלע זאַכען אויף דער וועלט, ווען מען קומט צו דעם העכסטען פאַקט, טרעט איין די רעאַקציאָן, אַ שרעקליכער קריזיס האָט איינגעטראָטען אין מיינע געדאַנקען און עס האָבען זיך אָנגעהויבען ארויס־שטעלען די אונבעקוועמליכקייטען פון אַזאַ אומגעלומפּערטע מענשהייט.

צום ביישפּיעל די טראָבעל פון אַ טוטפּיק פאַר אַזאַ גרויסען מענשען ביז אין שטערן מאַרס, ווי פיעל קראַפט און ארבייט וואָלט געדאַרפט פער־וועגדעט ווערען צו מאַכען אַ שפּיץ אויף דעם גרעסטען קלאָץ פון דער וועלט און ווי פיעל שטריק מיט שלעפּ־מאַשינען ביז מען וואָלט געבראַכט דעם גיגאַנטישען טוטפּיק צו די צייהן פון דעם גרויסען מענשען.

און ווען דיעזער גרויסער מענש זאָל דערפיהלען אַז ער דאַרף אויס־שנייצען די נאָז, ביז ער וואָלט געבראַכט זיינע דריי פינגער צו דער נאָז, וואָלט דערווייל חלילה געוואָרען איין איבערשווימונג, אַ מבול אויף דער וועלט.

דאָן, ווער עס איז בעקאַנט אַביסעל מיט כעמי, קען זיך פאָרשטעלען די ענדערונג פון דעם וועטער, וואָס וואָלט געווען פוןביידע זייטען פון זאָלכע גרויסע מענשען.

ווען פון פאָרענט וואָלטען איהם געברענט די זאָנען־שטראַהלען און ער וואָלט געדאַרפט טראָגען אַ דזשאָמפּער מיט לייוועגדענע הויזען און מיט אַ פאַטשיילקע ווישען דעם שוויס, וואָלט הינטער זיין רוקען געהערשט איין עוויגער ווינטער, און ריעזיגע שנעע־בערג וואָלטען איהם געקיהלט זיין פאַטילניצע, אַז ער וואָלט געדאַרפט מיליאָנען בערען־פעלען זיך צו שיצען פון פערגליווערט ווערען.

ווי פיעל פּעקטאָריעס, אין וועלכע מען פאַבריצירט נוצליכע זאַכען, ווי קאַנאָנען, פּעדערען צו פרויען־היטעלעך א. ז. וו. וואָלטען געמוזט פערווענ־דעט ווערען צו פּאַבריצירען קאַסטאָר אָיל טאָמער כאַפּט אַזאַ ריעזיגער מענש איבער אַ ביסען אויף אַ סעודת מצוה...

און אַזוי בין איך געגאַנגען אַראָפּ־באַרג פון מיין אידעע און די אונבע־קוועמליכקייט פון אייביג וואַקסענדע מענשען האָבען זיך מיר פאָרגעשטעלט וואָס ווייטער אַלץ שרעקליכער, ביז ענדליך איך האָב מיט געוואַלד פון מיר פערטריבען דעם געדאַנק איבער דיזע טהעמאַ און שפּרינגענדיג איבער צעהנדליגע אַנדערע טהעמאַן האָב איך מיר ענטשלאָסען אויפצוגעבען ווי־סענשאַפט און בעסער רעדען איבער אַ לעבענס־פּראגע, דאָ דאַרף מען קיינע טהעאָרעטישע טערמינאָ־טעכנישע ווערטער, יעדער פּראזע, יעדער וויץ קען אָנגעווענדעט ווערען צור צופריעדענהייט פון פּובליקום, דען דאָס איז דאָך ווירקליך אַ מתנה פון גאָט, וואָס ער האָט בעשאַפען אויף דער וועלט פּראזען, און ביי פיעלע לעערע קעפּ פון געדאַנקען קומט אַ פּראזע און זעצט ווייטער די צונג איז בעוועגונג.

און גראָד איז מיר איינגעפאַלען אַ פּרעכטיגער נאָמען צו מיין רעדע: „פערליעבט, פערלאָבט און פערלייבט".

און טאַקע באַלד איז מיר איינגעפאַלען זאָגאַר דער טאָן און די האַל־טונג ביי דיזע ווערטער, אַ קלייניגקייט, פערליעבט, פערלאָבט און פערלייבט! — דאָס זיינען די דריי וויכטיגסטע פּעריאָדען אין מענשליכען לעבען, די שעהנסטע איבערגענגע פון דער מענשליכער יוגענד צום ריכטיגען לעבען. וויפיעל טייכען פון פּאָעזיע זיינען שוין אויסגעגאָסען געוואָרען בלויז אויף דעם וואָרט „ליעבע", די יונגע פערליעבטע ווערען אויס מענשען, זיי ווערען ענגלען און געטער גלייך, מיט פאַנטאַזיען הימעלש הויך אין דער צייט פון זייער „ליעבע".

היינט וועלכער גליק ביי דעם קאָנטראַקט שליסען, ביי דעם איבערגאַנג פון פאַנטאַזיע צו דער ווירקליכקייט, ביי דער „פערלאָבונג", ביי די תנאים.

און ענדליך ביי דער פערווירקליכונג פון אַלע פאַנטאַזיען ביים עררייכען אַלע הימלישע שטרעבונגען, ביי דער האָכצייט, ביי דער „פערלייבונג", וואו עס קומען די כונות פון דעם „אחד", פון והיה לבשר אחד, אָדער ווי דאָס פאָלק דריקט זיך אויס „מאַן און ווייב זיינען איין לייב".

יעצט לאָמיר בעלייכטען די דריי געטליכע פּעריאָדען אין מענשליכען לעבען...

— יואל! געה וויג צו דאָס קינד, איך מוז געהן צו דער שניידערין און פּאַסען נאָך אַ מאָל דאָס קלייד אויף פּסח — האָט מיך אין מיטען דרינען

איבערגעשלאָגען די שטימע פון מיין יענטע, און פּלעצליך האָט אונטער מיינע פיס געפּלאַצט דער בלויער הימעל פון די געטליכע פערליעבונג, פער־לאָבונג און פערלייבונג, די דאָזיגע וואָלקען זיינען צוגאַנגען ווי אַ רויך. אָנ־שטאָט פערליעבט האָב איך דערזעהען אַ קאָמעדיע פון קאָקעטעריי און שטרע־בען פון איין זייט צו טהירישע ליידענשאַפט און פון דער אנדערער זייט צו שעהנע קליידלעך; די פערלאָבונג אַ קאָנטראַקט פון געגענזייטיגע אונטעריאָ־כונג און פערשקלאַפונג, און מיין צוקערדיגע טהעמאַ איז געוואָרען קאַפּוט.

שרעקליך, עס איז שוין נאַכט און אָט שטעהט שוין דאָרט אין האָלל אַ פּובליקום און וואַרט אויפ'ן רעדנער און איך האָב נאָך אפילו קיין פּיצעל טהעמאַ ניט.

אַך, ווי אונגליקליך איך בין! צו פערלירען זאָ איין גלענצענדע געלעגענ־הייט, צו צייגען זיך פאַר אַלע בעקאַנטע אַלס טאַגעסהעלד, דער געלעהרטער, דער אָראַטאָר, אַז אַ פּאָר דוצענד שעהנע מיידלעך זאָלען זיך ווינשען אַזעלכע חתנים ווי איך, אַז אַ צעהנדליג ווייבער זאָלען בעטראַכטען דעם אונטערשיעד פון מיר ביז זייערע מאַנען. אָבער אָהן אַ טהעמאַ געהן זיך בלאַמירען, דאָס קען איך ניט, רעדען טאָר איך שוין היינט ביי נאַכט ניט, ווייל מיינע געדאַנקען האָבען מיר פעראורזאַכט אַ העפּטיגען קאָפּ שמערץ.

שאַ, דאָס איז דאָס בעסטע, איך האָב אַ פּרעכטיגען תירוץ, איך קען היינט ניט רעדען, איך בין קראַנק. גרויסאַרטיג! — מיין צוועק האָב איך דאָך כמעט אין גאַנצען עררייכט, אין די צייטונגען איז דאָך שוין געוועזן אַדווער־טייזט, צווישען די מעמבערס אַנאָנסירט, אַז דער וועלט־בעריהמטער רעדנער וועט רעדען, נון מסתמא האָט ער גערעדט, איי רעדען? עקסידענט! דער קאָפּ טהוט וועה....

און באַלד האָב איך געשטעקט אין מיין יום טובדיגען יוניפאָרם און דאַ־ווײ לויפען אין האָל אריין. גאַנץ גענוג מען וועט מיך פאָרשטעלען אַלס דעם אָראַטאָר און איך וועל ארויפגעהן אויף דער פּלאַטפאָרם מיך ענטשולדיגען און אַלעס איז פאַראיבער.

איך קום אין האָל, הוסט מיך אויס נאָך אויף די טרעפּ, גרייזעל צו אַ בי־סעל די מאָסטעש, אום אַנשטענדיג צו ערשיינען פאַר'ן פּובליקום. איך עפען לאַנגזאַם די טהיר, אַ וועהטאָג! וואָס איז דאָס, ליידיג, פּוסט.

— העללאָ! — האָט מיר געזאָגט אונזער קלאָב קלערק — אונזער רעד־

נער איז שוין דאָ, אבער פּובליקום, קיין הונד אין דער ווייבערשער שוהל.

— הפנים איך בין געקומען צו פריה. — האָב איך געענטפערט א בי־סעל פערשעהמט. —

— אָה, ניין! עס איז שוין גאָר ניט פריה, פערגעסט ניט, אז עס איז אדווערטייזט פאר פּונקט 7 אוהר און יעצט איז שוין באלד 10, זיי וועלען טאקע קיינער שוין ניט קומען, די מייסטע האָבען מיר געזאָגט אז זיי וועלען ניט קענען זיין. איהר מיינט טאקע אין אמת, אז אונזערע לייטע דארפען לעק־טשורס, מען רעדט נור מיט'ן מויל פון בילדונג, פּאָרטשריט, וויסענשאפט, אָבער אין גרונד זיצען זיי אלע ביים סדר דער צוליעב זיין וויב, דער צוליעב זיין שווינער, דער צוליעב שכנים און מען זאָגט די הגדה... איך געה שוין שליסען די האָלל. —

אָה, איך שלים־מזל, עס איז מיר ניט געלונגען א רעדע צו האלטען, עס איז מיר אויך ניט געלונגען צו צייגען א תירוץ פאר'ן פּובליקום, און פאר גרוים ערגערניש בין איך שנעל געקומען אהיים און האָב מיך אויך געכאפּט צום אָפּריכטען דעם סדר פאר מיין יענטע.

---

# זיבעטע סעריע.

# מאנאלאגען

## I.

### שלאָף שוין.

— ביזט שוין דאָ, מיין תכשיט? מן הסתם שוין גרויסער טאָג.

— עס איז נאָך 3 שעה צו טאָג, עס איז ערשט צוויי דער זייגער.

— צוויי דער זייגער! א גרויסער וועהטאָג איז דיר! ביזט נאָך אפשר צו פריה געקומען? געה זיך דורך נאָך א ביסעל, האָסט נאָך אפשר ווייניג גע־טרעמפּעוועט. אז אָך און וועה איז מיין פינסטער מזל, אז איך דאַרף זיין גאַנצע נעכט אליין, און ער לעבט א גוטען טאָג מיט זיינע טהייערע חברים. און איך מעג דאָ אפילו צו גרונד געהן; די נשמה מעג מיר דאָ אויסגעהן, זאָל עס איהם אפילו א פּיצעל הארען, אז מיין מאַמע זאָל אויפשטעהן פון קבר זעהען מיין זיסע דאָליע, וואָס זי האָט מיר געגעבען, וואָלט זי זיך צוריק בע־גראָבען....

— שאַ, שאַ! זי האָט שוין געעפענט איהר מענה לשון און דאָס צינגעל געהט שוין ביי איהר ווי אויף שרייפלעך.

— א וויסטער חלום צו זיין קאָפּ, וואָס! דו ביזט נאָך גערעכט, זאָג מיר, צרה, שלים־מזל, וואו ביזטו געוועזן א גאנצע נאכט? הא?

— וואו בין איך געוועזן? איך האָב דאָך דיר געזאָגט, איך געה אלס דע־לעגאַט.

— זאָל איך אזוי וויסען פון דיר, גאָטוניו, ווי איך ווייס פון דיינע לאַ־גאָטעס מיט דיינע שמאָטעס, וואָס! שוין אודאי ווייטער א חתונקע! האָסט שיין חתונה געמאַכט דיין מוזינקע, חתונה זאָלסטו שוין האָבען מיט'ן מלאך המות, הארציגער פאָטער! א יונג האָט אין זינען חתונות! שוין צוויי מאָנאַט,

אז ער סטאַפּט, און מיך לאָזט ער איבער ווי אַ וואַלקאַלאַק אַליין, און איהם גלוסט זיך טאַנצען אויף חתונות !....

— וואָס'ערע חתונות ? לעפּעטוכא ! אַז דו צורעדסט זיך קען מען דיר מיט דריי פּאָר פערד ניט דעריאָגען, איך זאָג דיר אַז איך בין געווען אין דער עקזעקוטיוו קאָמיטע אַלס דעלעגאַט.

— נוג געה פּיהר מיט אזעלכען אַ וועלט, אַז ער איז גאָר געוואָרען אין דעם וועסטען אמעריקא אַ גאַנצער מאַכער ! הער נור וואָס ער איז געוואָרען, אַ דעלאַגאַט אויף אַ אָקסען קאָמעט, זאָלסטו אזוי קענען לעבען, ווי איך קען עס אפילו נאָכזאָגען.

— וואָס דען, דו קענסט עפּעס ? מעהר ווי שעלטען און שרייען קענסטו ניט, מיין יוניאָן האָט מיך אויסגעוועהלט אלס דעלעאַגאַט צו דער עקסטרא מיטינג פון די פעדערייישען אָף לייבאָר.

— הער נור, הער נור אַ טערקיש לשון אַ ביסעל, עקסטרא פעדערען לאָקשען מיט לעבער, וואָס ער האָט דאָ צוזאַמענגעמישט, מישען זאָל זיך איהם דער קאָפּ, רבונו של עולם, הער נור זלמן ! זאָלסט זיך גאָר ניט איינרעדען, אז דו וועסט מיר פערטומלען דעם קאָפּ, איך בין ניט פון די יענטעס, וואָס דריי פאָר אַ גראָשען. איך וויל וויסען וואו ביזטו געווען אַ גאַנצע נאַכט ?

— פּראָסטער גוט שבת, דו ווייסט עפּעס ? איך בין געווען אויף דער מיטינג, וואו מען האָט בעשלאָסען מאָרגען צו מאַטשען פאר די עלעקשען.

— וואָס איז מיט דיר אזא שמחה, נאַ דיר אַ נייער שמחת תורה אויף זיין קאָפּ !

— געוויס איז ביי אונז שמחת תורה, אַז מיר האָבען דערלעבט....

— דערלעבט ! דערלעבט האָט ער, וואָס פּאָר אַ גדולה האָסטו דערלעבט ?

— צו געהן מיט כלי זמר איבער די גאַס אין די פרייע אמעריקאַ !

— אַ וועהטאָג איז דיר, און אין שניפּעשאָק ביזטו ניט געגאַנגען מיט כלי־זמר איבער דער גאַס אויף אַלע סיום'ס, אויף אַלע חתונות ?

— דאָ אָבער האָבען מיר געוויזען, אַז מיר האָבען יוניאָנס, מיר זיינען שטאַרק, מיר ווילען קעמפּפען געגען...

— געגען אייערע ווייבער ! קעמפּפער ! האָסטו דיר שעהנע מלחמוניקעס, זלמן ! מיר וועסטו דאָך ניט איינרעדען, איך וויים דאָך מיט וואָס פּאַר אַ הארץ דו ביזט געגאַנגען, הפנים מיט דיין ווילען ? דיר איז געלעגען מוזיק אין

קאפ? נור אט דו האסט מורא געהאט פאר די 10 דאלאר שטראף וואס דו וואלסט געמוזט בעצאהלען.

— האבט אפילו א ביסעל רעכט, אבער זיי זיינען דאך געניטער, און זיי ווילען דאך אונזער טובה.

— דיין טובה, אט צוקראצען זיי זיך נאר פון דיינעט וועגען, און וואו זיי קענען דיר אויסברענגען א דאלאר אויף כלי־זמר, אויף פאהנען, אויף לענטים, ברענגען זיי דיר אוים, און אז דו שטארבסט פון הונגער קימערט זיי אפילו גאר נים

— יא, זיי ווילען דאך איבערצייגען די קאפיטאליסטען אז מיר זיינען שטארק, און מען וועט פון אונז אויסוועהלען א פרעזידענט, וואס איז כמעט אזוי ווי א קיסר.

— חא, חא! איהם וועט מען אויסוועהלען פאר א קיסר! בהמה וואס דו ביזט, מן הסתם וויל פון זיי אימיצער ווערען א מאכער, א רעדעל־פיהרער, אדער עפעליכע דאלאר מאכען, פערדרעהט ער אייך דעם קאפ. אוי, נארישע בהמות! עס מאכט אוים ווער עס וועט דארטען זיין פון אויבען, ווייסטו דען נים, אז דער זאטער גלויבט נים דעם הונגעריגען, ווער עס וועט האלטען דעם קאנטשיק, דער וועט שמייסען, אלין איין טייוועל! טהו דיך שוין אוים, שלים־מזל, עס איז שוין 2 דער זייגער, זאלסט חאטש האבען צייט עס זאל זיך דיר חלום'ען א קיסר.

— יא, יענטע, איך האב דיר גאר פערגעסען זאגען, ווייסטו וועמען איך האב היינט געזעהן?

— וועמען?

— א נו טרעף!

— דעם סאציאליסטישען קיסר.

— פלוידער שוין נים, טרעף בעסער.

— ביזטו היינט פעררוקט צו וואס, אדער זאג וועמען דו האסט געזעהן, אדער שלאף שוין און לאז מיך שלאפען.

— תמיד איז זי שלעפעריג, קיין מאל שלאפט זי זיך נים אוים.

— אז דאס קינד זאל דיך אזוי מוטשען א גאנצען טאג און ביינאכט נים לאזען שלאפען, וואלסטו מיך געפיהלט, נור וואס הארט דיר פאר מיר, אבי דו

האָסט דיר דיינע מיטינגס מיט דיינע מאַט־עןֹ, אז אָך און זועה מיינע יאָהר, אז איך האַלט עס אויס בין איך שטאַרקער ווי אייזען...

— האַ, האַ! זי האָט זיך ווייטער צולאָזט, שלאָף שוין, מיט דיר אָנ־הויבען.....

II.

## די סקעביכע.

— שוין, ביזט שוין דאָ צוריק מיט מזל, צוויי מאָנאַט איז ער אומגע־גאַנגען ליידיג, פּוסט און פּאַס און מען האָט פערזועצט פון זיך די הויט, און קוים וואָס ער האָט בעקומען אַ ביסעל ארבייט האָטש אויף איין וואָך, האָט ער אָבגעאַרבייט צוויי שעה און איז שוין דאָ צוריק... בעסער האָסטו געזאָלט צו־ברעכען די הענד מיט די פיס, איידער דו האָסט מיך פערשלעפּט אין דער וויסטער שטאָדט אמעריקא, טאָמער האָט מיר נאָך געפעהלט קאָלאָמבעס מיט זיין אמעריקא... —

— אָבער, יענטע, שיטסט מיר נאָך זאַלץ אויף די וואונדען, דו זעהסט דאָך, אז איך האַלט מיך קוים אויף די פיס, מען האָט מיך צו׳הרג׳עט, צושלאָ־גען ,אז איך בין קוים אַ לעבעדיגער.... —

— אַ שעהנע ריינע כּפּרה אויף דיר, אז דו מוזט זיך אומעטום אריינ־מישען! וואו צוויי, מוז דאָך מיין שלים־מזל זיין אַ דריטער. אז מען האָט אָבער אין זין די ארבייט.... —

— טאַקע ביי דער ארבייט זיינען זיי מיך דאָך בעפּאַלען, ביי דער מאַשין האָבען זיי מיך שיער ביז אין טוידט געשלאָגען. —

— ווי קומט דער באָס אריינצולאָזען די לויפער אין שאַפּ אריין? אז ־ו זוכסט דיר אָב אַזעלכע באָסעס!

— וועלכע לויפער? טאַקע די יוניאָן ארבייטער, די וואָס סטרייקען, זיי, זיי האָבען מיך שיער דער׳הרג׳עט. אוי, מיינע ביינער! —

— דער׳הרג׳עט זאָלען זיי ווערען פון גאָט, רבונו של עולם! וואָס האָסט געדאַרפט מיט זיי זאַצעפּען?

— ווער האָט מיט זיי זאַצעפּעט? זיי האָבען מיך געשלאָגען דערפאַר וואָס איך אַרבייט. —

— אַ גרויסער וועהאַג זיי אין האַרצען! וואָס, זיי זיינען דיר מקנא? פאַר וואָס איז זיי די אויגען ניט אַרויסגעקראָכען, ווען דו ביזט אומגעגאַנגען לייַדיג און מען האָט געגעסען פון זיך די פליישׁ, שונאי ישראל? אוי, בעסער וואָלט איך אויסגערונען ביי די מאַמען אין בויך איידער איך בין געבאָרען געוואָרען אין אַזאַ פינסטער מזל צו דעם ווייסטען אַמעריקאַ! האָסטו דיר, איז אַרבייטען אויך אַ חטא, — לעמעשקע! האָסטו דאָך זיי געקענט זאָגען, אַז דו האָסט אַ ווייב מיט זעקס קינדער, אַז מיר געהען אַלע אום נאַקעט און באָרוועס, אַז מען לאָזט זיך אויס פאַר אַ שטיקעל ברויט. האָבען זיי דען גאָר ניט גאָט אין האַרצען! נור דו, שלים־מזל, דו האָסט דען אַ מויל אומשטיינסגעזאָגט, נור מיט מיר קענסטו זיך אויס׳טענה׳ען; מען עפּענט אַ מויל ווי אַ מענש און מען זאָגט... —

— זאָג היינט, זאָג מאָרגען, אַז זיי שרייען, אַז איך בין אַ סקעב. —

— אַל׳די בייזע חלומות צו זייער קאָפּ! האָסטו דיר אַ סקעבער! האָסטו זיי ניט געקענט זאָגען, אַז דו ביזט ניט קיין סקעבער, נור אַ שניפּעשאָקער? איבערגעקעהרטע וועלט אין דעם אַמעריקאַ: סקעב און שניפּעשאָק איז ביי זיי איין זאַך. און אַז אפילו אַ סקעבער, דאַרפסטו ניט לעבען? אַ סקעבער האָט ניט קיין מאָגען? וואָס איז נעבעך דער סקעבער שולדיג, אַז ער איז געבוירען געוואָרען אַ סקעב? און וואָס איז דאָס עפּעס דאָס שטעדטעל סקעב אַזוי זינדיג, עס איז זייער אַמעריקאַ, זיי האָבען עס אוועקגעקויפט און די אָרמע סקעבער טאָרען ניט אַ מאָל כאַפּען אַ דזשאָב? מיר שיינט, אַז איך וועל צו זיי אַוועקגעהן וועל איך אויסלאָזען מיין ביטער האַרץ צו זיי — האָסטו דיר גאָר אַ סקעבער... —

— אָבער געוווג דיר שוין סקעבען, אַ סקעב הייסט ניט, ווער עס איז פון סקעב, נור ווער עס איז ניט איינגעקויפט אין יוניאָן. —

— אָט דאָס איז דאָך מיין טענה וואָס דו קענסט ניט רעדען, האָסט זיי ניט געקענט זאָגען, אַז דו ביזט געווען אַ קיילעכיג יאָהר אין יוניאָן און האָסט נור געמוזט אַלע ווייַלע צוטראָגען די קוואָרטערס דאָ אויף אַ פּיקניק, דאָ אויף אַ צייטונג, דאָ אויף די סטרייקערס, דאָ אויף דעם, דאָ אויף יענעם און אַז דו ביזט אומגעגאַנגען דאָס גאַנצע יאָהר ליידיג — זי זאָל זיך עס איינמאָל דער־

מאָגען הונגר טייוועל! דו האָסט זיך אַזוי פיעל אָנגעצאָהלט, גאָ דיר עטליכע דאָלאר, זאָלסט האָבען רענט צו בעצאָהלען, אַזוי לעבען זאָל די יוניאָן, ווי זי האָט האָטיש אַ מאָל אין זינען געהאַט, זיך צו שטעלען ווי אַ מענש. וואָס האָב איך פון די יוניאָן, איך לעב עפּעס פון זיי? אַבי גיב איהר געלד, און דערצו נאָך גיה צו איהר טאָג ווי נאַכט, און מיך מיט די קינדער לאָזען אַליין, ווי אַ וואָלקאַלאַק! איך האָב אין דער ערד די יוניאָן, נור דו... —

— אוי, אַז דו כאַפּסט זיך אָן אָן איין וואָרט האַלסטו זיך דערביי נאָך ערגער ווי די יוניאָן־רעדנער. יוניאָן, יוניאָן, און עס ווערט דיר גאָר ניט מיאוס....

— וואָס? תכשיט מיינער! דו נעהמסט זיך נאָך אָן פאַר די יוניאָן, ניט דערלעבען וואָלט זי, איך זאָל מיך נאָך אָננעהמען פאַר איהר, הערסט אַ ביי־סעל? זי שלאָגט איהם, פאַר וואָס ער גיט איהר ניט קיין געלד, און ער, דער שלים־מזל... —

—וואָס'ער געלד, בהמה, וואָס דו ביזט. —

— פאַר וואָס דען שלאָגט זי דיר? וואָב דען האָט זי צו אַ טאַטען פון קינדער, דו האָסט איהר עפּעס אַ קינד געקוילעט? געקוילעט זאָל זי ווערען פון גאָט! וואָס האָט זי צו דיר? אדרבא, יענקעל, זאָג מיר פאַר וואָס קומט דיר צו שלאָגען? —

— פאַר וואָס? זיי ווילען אויספיהרען דעם סטרייק, זיי ווילען אָנלער־נען דעם באָס, ער זאָל ניט האָבען ווער עס זאָל איהם מאַכען די ארבייט, וועט ער זיי מוזען געבען מעהר אַ פּעני אויפ'ן ראָק.

— אַ וועהטאָג זיי אין פּיבק! איבער זייער פּעני זאָל איך מיט די קינ־דער זיך אויסלאָזען פאַר הונגער? האָט מען עס נאָך אַזוינס געהערט? זיי איז ווענינ 8 און 10 דאָלאר אַ וואָך און ווילען נאָך אַ פּעני, און אַז ער האָט קיים מיט צרות בעקומען אַ פּאָר טעג ארבייט, קריכט זיי די אויגען אַרויס. וואָס, זיי זאָרגען עפּעס פאַר דיר, אַז דו גערסט אום ליידיג? איך וועל עפּעס מיט זיי זאַט זיין? קאזשדי כאַבי, יעדער מענש איז צו זיין העמד נעהנטער, נור געה טענה מיט אַ לעמעשקע, ער קען זיך דען אויס'טענה'ן? נישט־קשה, עס זאָל זיך טרעפען אויף מיר, וואָלט איך שוין געוואוסט ווי אַזוי דאָס מויל צו פערשטאָפּען. נור דו, דו ביזט געוועזען אַ שלים־מזל און בלייבסט אַ שלים־מזל. —

— אָבער, יענטע, זאָג מיר נור, וואָס האָסטו דיך צושריען ? גלויב מיר, עס העלפט ניט קיין רעדען און קיין שרייען מיט זיי. אָט אַזוי האָט מען זיי איינגעדרומעלט אין קאָפּ אריין, אז א סקעב איז כל בו און מען מעג איהם דער'הרג'ענען אויפ'ן אָרט, און אזוי האַנדלען זיי.

— אָבער דו ביזט דאָך גאָר א שניפּעשאָקער. —

— טאַקע א שניפּעשאָקער, אָבער א סקעב. —

— וואָס זשע הייסט א סקעב ?

— ווער עס גערט ארבייטען דאָרט וואו מען סטרייקט. —

— משוגע זאָלען זיי ווערען פאר אלע אידען ! וואו דען זאָל מען גערן ארבייטען, וואו מען סטרייקט ניט, וואו אלע מאַשינען זיינען בעזועצט, און מען דארף קיינעו ניט ? לעמעשקע, וואָס זאָגסטו זיי ניט ! — יאנקעל, פון דיר וועט שוין קיין לייט ניט זיין. —

— וואָס זאָל איך מיט דיר רעדען, און וואָס זאָל איך מיט דיר טענה'ען, אַז דו ביסט ניט מעהר, ווי א נאַרישע אידענע און דערצו נאָך א גרינהאָרן, און פערשטעהסט גאָר ניט, אז ארבייטער ווילען זייער לאַגע בעסער מאַכען, איז טאַקע אַן אונרעכט, אז דורך איין מענשען זאָלען זיי ניט אויספיהרען. פערגעס ניט, אז זיי טהוען עס אויך ניט אויס וואָוילטאָג ; זיי האָבען אויך ווייבער מיט קינדער, און עס איז טאַקע א יושר זיי צו אונטערשטיצען, ווארום, אַז אלע ארבייטער וועט גוט ווערען, וועט דאָך מיר אויך זיין גוט, און ווער עס וויל דאָס ניט בעטראַכטען, דער איז א סקעב, אַן אונמענש. —

— אָט דאָס איז דאָך טאַקע וואָס איך זאָג, אז דו ביזט געוועזן א שלים־מזל און בלייבסט א שלים־מזל ! אַן אָרעמע ארבייטער ווילען מאַכען א לעבען נעבעך, וואָס האָסטו געדארפט קריכען ? אוי, פון דיר וועט שוין קיין מענש ניט זיין ! —

— אָט האָסטו דיר ! זי שרייט שוין! פערקעהרט. — גיב מיר שוין עטליכע בולבעס, לאָמיר אָפּעסען, ווייל איך מוז מיך צולעגען, איך קען קוים איינזיצען.

— זאָל איך דיר האָבען פאר א מאַן, גאָטוניו ! ווי איך האָב עפּעס געקאָכט ; דו גיבסט מיר עפּעס צו קאָכען ? אז אָך און וועה איז מיר, אז דו ביסט געוואָרען אויף דער עלטער א סקעב און איך מוז זיין א סקעביכע...

## III.

## נאָך די עלעקשאָן.

— אַ שווארץ, חושך'דיג, וויסט פינסטער יאָהר אויף דיין קאָפּ. גיב אַ קוק, שוין צוועלף אַ זייגער און ער האָט נאָך גאָר ניט ברעה אויפצושטעהן. חתונה געמאכט זיין מוזינקע, התונה זאָל ער האָבען מיט'ן מלאך המות. ער פערגעסט גאָר אז ער איז אַ טאַטע אויף צרות פון זיעבען קינדער, לויפען זאָל מען אויף זיין בייז וואונדער. און דאָ איז אַזוי קאַלט אין די רומס און עס איז ניטאָ אַ קויהל אויף אַ רפואה. איך בין הויל ווי אַ קאַטויל, די קינדער נאַקעט און באָרוועס און אָט קומט ווייטער רענט, ווערען זאָל ער פערברענט, און ער ליעגט און כראָפּעט ווי נאָך אַ באָד! יואל, אז דו שטעהסט ניט אויף, ווי איך בין אַ אידישע טאָכטער אז איך גיס דיך אָב מיט אַ פייל קאַלט וואַסער, אַז דו וועסט בעקומען דאָס זיעבען־יעהריגע קדחת, און עס וועט מיט דיר וואַרפען איילען הויך, אזוי ווי עס וואַרפט מיר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. גאָטעניו, הארציגער פאַטער, פּאַרוואָס שטראָפּסט דו מיך אַזוי, און האָסט מיר צוגעשיקט אַזאַ שלימזל אויף מיין קאָפּ, כאָטש נעהם און ציה דיך אויס פאַר הונגער און איהם הארט עס גאָר ניט. אַבי ער האָט מיר אָנגעפּלאָדעט זיעבען ממזרים אויף מיין קאָפּ און איהם, אז עס הארט איהם גאָר ניט. וועה איז מיר, וועה איז מיינע יונגע יאָהר, אז מיין מאַמע וואָלט אויפשטעהן פון דעם קבר, וואָלט זי פון קלעמענים זיך צוריק אַ לעבעדיגע בעגראָבען, בעגראָבען זאָל איך איהם, וואָלט איך כאָטש געוואוסט אז איך בין אַ וויסטע אלמנה, וואָלטען כאָטש גוטע לייט אויף מיר רחמנות געהאַט. יואל, אז דו שטעהסט ניט אויף וועט זיך די וועלט איבערקעהרען, וועט די גאַנצע שטאַדט לויפען אויף דיין בייז וואונדער, וועל איך דיר אָבשפּיעלען אַ חתונה אָהן קלעזמער, אז לאַנד און לייט וועט מיט דיר האָבען צו טהון. שטעה אויף, דו הערסט, וואָרום אז ניט, וועל איך...

— אהא, מיין יענטע האָט שוין אויפגעשפּיעלט איהר מאָרגען־מוזיק. — האָט יואל געזאָגט נאָך האַלב שלעפעריג, אויסרייבענדיג די אויגען — בהמה דו, וואָס קאָכסטו זיך איצט? עס איז דאָך שוין דאָ אַלע רעטוירנס.

— טאָרען און באָרען זאָלען דיך שדים, גאָטעניו. — האָט ער בעקומען יענטע'ס אנטוואָרט.

— אבער וואָס רע׳ט׳ט זיך, פרעג איך דיך? — האָט יואל געזאָגט, זיך אויפזעצענדיג — דו ווייסט דאָך שוין מן הסתם אז אונזער פּאַרטיי האָט געוואונען, און גאָווערנאָר איז טאַקע מעק־קארטי.

— נו, געה־זשע מיט איהם צוזאמען אין דער העלל.

— נו, וואָלט דען בעסער געוועזן, אז דער דעמאָקראַטישער זאָל געווען געווינען?

— איהר מעגט פון מיינטוועגען ווערען די כפרה צוזאַמען מיט אַמעריקא.

— וואָס, דו האָסט אויך טענות צו אַמעריקא? נור געה רעד מיט א בהמה. דו ווייסט דען וואָס הייסט פרייהייט? דו פערשטעהסט דען צו געהן מיט מוזיק איבער די סטריטען?

— שפּיעלען זאָל דיר אין קאָפּ, רבונו של עולם. א גדולה אויף איהם, עס פעהלט איהם קלעזמער, וואָס הארט איהם דען, אז דאָס ווייב און קינדער לאָזען זיך אויס פאַר א פּעגי, אבי ער האָט דאָרט גובר געווען די טאַמאַווני העלל.

— פערשטעהט זיך, ביי דיר איז דאָס גאָרניט. דו האָסט דען הפנים געוואוסט, וואָס אין עלען סטריט האָט זיך געטהאָן! און טאַקע נור איהם אליין האָבען מיר צו פערדאַנקען וואָס עללען סטריט איז איצט א מחיה דורכצוגעהן.

— אז איך זאָג, אז דער מענש איז אראָב פון זינען, ווילען זיי מיר ניט גלויבען. אַט דרעהט איהם דער קאָפּ פאַר עללען סטריט. עס געפעלט דיר ניט עללען סטריט, געהט מען דורך עלדרידזש סטריט. אז דו האָסט אין דיינע אייגענע רומס מכות מיט צרות! הערסטו יואל, אז דו וועסט ניט אוועקוואַרפען אַט דיינע הינטישע שטיק מיט די חזיר׳שע פּאָליטיקס און האָבען אין זינען דיין ווייב און קינדער, זאָל איך אזוי דערלעבען מאָרגען, ווי איך וועל דיר א שפּיי טהון אין פּנים מיט דיין בכול אשר לכול און וועל אוועק־געהן דיענען, אָדער זיך א מיתה אָנטהון, אבי דיין לעמעשקענעם פּנים ניט אָנצוקוקען, גיב מיר שוין א ביסעל טשענדזש אין הויז אריין, און לאָמיך ארויפ־כאַפּען עפּעס פאַר די קינדער אויף דינער, זיי וועלען באַלד קומען פון סקול די עופה׳לעך, זיי האָבען אין דער פריה אויף גאָרניט אין מויל געהאַט. שעהן האָב איך מיר דערלעבט פאַר דיין קאָפּ. וואָס־זשע קראַצסטו זיך דאָרט א

יאהר? גיב שוין די פּאָאר סענט, איך שטעה ווי אויף הייסע קויהלען, דאָס קינד וועט נאָך דאָרט ארויספאלען פון טשער'ל.

— ביזט א גרויסער גנב, יענטע, דו האָסט שוין ארויסגענומען דאָס ביסעל טשענזש פון פּאקעט.

— איך זאָל אזוי וויסען פון דיר, מיט דיין וואוט, מיט דיין טאמעווייי סטריט, ווי איך האָב מיך אפילו צוגעריהרט צו דיינע...

— טאָ וואו איז אהינגעקומען די 75 סענט וואָס איך האָב געהאט דאָ אין רעכטען פּאקעט?

— אז איך זאָג אז די פּאָליטיקס וועט איהם משוגע מאכען! 75 סענט, מעהר א פערציג פּענים האָב איך דאָרט ניט געפונען, האָב איך עס אוועק־ נעגעבען דער הויזקיפּערקע, וואָס איך האָב נעכטען ביי איהר געליהען. האלט מיך ניט אויף, לאָמיך ארונטערלויפען.

— וואָס זאָל איך דיר געבען, די נשמה? אז איך האָב געבראכט א פּאָאר סענט, האָסטו שוין געלעגט די האנד אויף זיי.

— אָללראיט, אָללראיט, פיהר דיין וועלט! אזא יאָהר אויף דיר מיט דיינע שכור'ע באָמס, ווי דו וועסט אויספיהרען. אָט קומען שוין די קינדער, וועל איך זיי הייסען זאט ווערען מיט דיין פּאָליטיקע, מיט דיין מחיה'דיגע ליעבע עללען סטריט. דערבארמדיגער פאָטער, פארוואָס נעהמסטו מיך ניט צו פון דער וועלט? וואָס פּלאגסטו מיך? וואָס לאָזטו מיך פינסטערן מיינע יאָהרען פאר אזא צרה, פאר אזא שלימזל. כאָטש נעהם און קיי די ערד. אבער ווארט, ניט דערלעבען וועסטו, יואל, איך זאָל ויינען און געהען יונגערהייט פון דער וועלט דורך דיר. איך וויל פון גאָרנישט וויסען, — ביזט א מאַן, גיב געלד. געה פון מיינטוועגען דורך דער ערד און ברענג מיר א דאָלאר אין הויז אריין. נור איך בין א גרויסער נאר, וואָס איך ערגער מיך גאָר. וואָס, די קינדער זיינען מעהר מיינע ווי זיינע? זאָל ער זיי געבען עסען, זאָל ער אפילו אקערן מיט'ן נאָז די ערד.

— יענטע, מען טאָר ניט אקערן דאָס יאָהר די ערד, — דאָס יאָהר איז א שמיטה.

— ער מעג ווערען די כפּרה מיט דיר אינאיינעם. טאקע, וואו איז ער טאקע דיין סמיטה, ער האָט דאָך דיר נעכטען געזאָגט אז ער איז דיין פריינד, אבי דו זאָלסט נור געהען וואָוטען, ער וועט דיר שוין פערזאָרגען א דזשאב, ער

וועט דיך שוין גליקליך מאַכען, נו, געה טאַקע צו איהם, לאָמיך זעהען ער זאָל דיר טאַקע אויסלייהען אַ פּאָאר דאָלאר. ביזט איהם קראַנק צו דערצעהלען אז דו ביזט אַ שלימזל׳דיגער קבצן ? נור דו האָסט עפּעס אַ מויל ? נור געגען מיר האָסטו אַ מענה־לשון, אבער וואו מען דאַרף ביזטו אַ שטומע בהמה. איך היים דיר טאַקע שוין געהן צו איהם, און עפּען אַ פּיסק, לאָז אוים צו איהם מיין צרה׳דיג הארץ, און טרעט איהם טאַקע ניט אָב. נישט־קשה, דער טייוועל וועט איהם ניט נעהמען ער זאָל דיר אויסבאָרגען אַ 25 דאָלאר, עס וואָלט, כ׳לעבען, גוט צונוץ געקומען, מען וואָלט אביסעל בעלאַטעט דאָס הויז, אָבגעצאָהלט רענט, די קינדער עטוואָס געמאַכט, און אָט איז טאַקע ביי מירקע׳ן באלד חתונה, — וואָלט איך ניט געדאַרפט אַ פּאָאר שיך מיט אַ היטעלע ? און טאַקע דו, שלימזל, האָסט אפילו אַ וואַרים העמד אויף ווינטער ? געה שוין טאַקע, דערמאָן איהם זיין הייסע פריינדשאַפט פון נעכטען, נעווער מאַין, ער וועט דיר מוזען געבען ניט־ווילענדיג.

— ביזטו שוין פערטיג ? אללראיט. וועל איך טאַקע ניט געהן.

— וואָס הייסט ?

— ווייל ער וועט מיך הערען ווי די קאַץ.

— ער האָט דאָך דיר צוגעזאָגט !

— דאָס איז געוועזן פאר די עלעקשאָן.

— אבער דו האָסט געוואָוט פאר איהם ?

— סוירטענלי.

—און ער האָט דיר צוגעזאָגט ?

— סוירטענלי.

— טאָ וואָס־זשע מאַכט עס אוים נעכטען אָדער היינט ?

— פּאָסליע חופּה... קענסט פּוילִיש ?

— שלימזל, איך וויל ניט הערען דיינע פּויליש. איך האָב נעכטען אליין געהערט ווי ער האָט דיר צוגעזאָגט צו שטעהן אין אלע נויטען.

— דאָס איז געוועזן נעכטען.

— וואָס־זשע מאַכט עס אוים נעכטען, היינט ?

— פערשטעהסטו מיך, נעכטען איז געוועזן פאר די עלעקשאָן, און היינט איז נאָך די עלעקשאָן.

—וואָס עס האָט געזאָלט זיין מיר, מיינע קינדער און אלע מיינע גוטע

פריינד זאָל אויסגעהן צו דיר, צו איהם, צו עללען סטרים, צו אייער קאָפּ, צו אייער לייב און לעבען פאר די עלעקשאָן און נאָך די עלעקשאָן, הארציגער פאָטער...

און יענטע האָט עס פאָרטגעזעצט א צייט לאנג, ווען יואל איז שוין לאנג אוועקגעגאנגען זוכען א דזשאב.

---

# IV.

## פאנטאָפּעל־מאַן.

איך האָב א שלעכט ווייב! נור ווען מען קימערט עס? — דאָס איז דאָך בּערקווירדיג: אז ביי יעקעל דעם שוסטער ברענט די הייזקע, וואָס איז אין גאנצען ווערטה הונדערט דאָלאר, קלינגט מען אין די געוואלט־גלאָקען, מען פּויקט טרעוואָגע, מען לויפט מיט א שפּריץ־מאשין, אלע שפּרינגען אויס די בעטען, מען שרייט געוואלד, מען ראטעוועט, מען לעשט אָב, און אז מיין ווייב ברענט ווי א פייער טאָג ווי נאכט, עס קאָסט מיך דאָס גאנצע לעבען — און עס פאלט גאָר קיינעם ניט איין צו שרייען געוואלד, צו קלינגען און צו קומען מיך ראטעווען... פערפלוכטע וועלט! זיי קוקען ווי מיין ווייב צינדט זיך אָן און ברענט מיך, און זיי שטעהען און לאכען...

איך האָב א שלעכט ווייב. מיינע איז די ערגסטע פון אלע, אבער ניט לויט דעם שפּריכוואָרט: איין שלעכט ווייב איז דאָ אויף דער וועלט און יעדער זאָגט, אז דאָס איז זיינע — נור זי איז ווירקליך די ערגסטע אויף דער וועלט. פון קיינעמס ווייב לייד איך ניט א טויזענד חלק, ווי פון מיינער, זי פערקירצט מיר פשוט די יאָהרען.

אין יוראָפּ איז נאָך געווען א האלבע צרה. זי פלעגט זיך אביסעל שעהמען פאר לייטען. אז זי פלעגט פון א פייט מיט מיר אָבשפּאָרען א בלוי אויג, פלעגט זי זאָגען פאר די שכנים אז זי איז אראָבגעפאלען פון דעם בוידעם. און איצט פאר דער קלענסטער קלייניגקייט, אהאָ, זי האָט שוין א ווארראנט, מען שלעפּט מיך אין קאָורט, און אָט שיקט מען מיך שוין איבער'ן וואסער, שרעקליך!

אָך, ווי אונגליקליך איך בין! עס זיינען דאָ מענער, נאָך גאָר יונגע לייט, וואָס פערמאָגען אפילו מיין שיחת חולין ניט און דאָך, ביי דעם שטארבט דאָס ווייב פון א קינדבעט, ביי דעם פון א לונגען־פעהלער, ביי דעם פון א פערקיהלונג אין מקוה און פון טויזענדער אנדער אורזאכען, און מיר איז אפילו דאָס גליק אויך ניט בעשערט. זי איז שוין דאר ווי א שטעקען, געל און גרין ווי א יעלקע הערינג, און געהט אין מקוה פון קינדבעט צו קינדבעט, און לעבט אויף מיינע צרות, און ווערט נאָך אימער ערגער.

אָה! פערפלוכטער לעבענדיגער קערקער! מיין ברודער זיצט אין גע־פענגנים, עס איז איהם שלעכט, אָבער דאָך דער קערקער מייסטער שטעהט מיט די שליסעל אויף יענער זייט טהיר, לאָזט איהם דאָך א מאָל ארויס אויף דער פרישער לופט, פלוידערט מיט איהם א מאָל פון וועלט זאכען און ער האָט האָפנונגען, ווען זיין טערמין וועט אויסגעהן ערלעזט צו ווערען, אָבער איך אונגליקליכער בין פערשפּארט אין מיין קערקער אָהן האָפנונג א מאָל בעפרייט צו ווערען און מיין קערקער מייסטער איז דער רב, ער האָט דעם שליסעל מיך צו בעפרייען און איז ערגעץ אין אלדי שווארץ יאָהר און קימערט זיך גאָר אום מיך ניט. די כפרה זאָל ער ווערען מיט איהר אין איינעם!

יא, זי זאָל ווערען די כפרה! איבעריגענס פאר וואָס זאָל איך איהר שעלטען? אבי איך זאָל פון איהר פטור ווערען, הארט דאָך מיר ניט, אז זי זאָל אפילו לעבען. זי זאָל אנטלויפען מיט א סאָלדאט, מיט א באָרדער, מיט א הונד, אבי איך זאָל פון איהר פטור ווערען, נאָר, ווי עס ווייזט אויס, איז זי שוין ניט ראוי אפילו לאכילת כלב, און וועלכער משוגענער וועט מיט איהר אנטלויפען?

נאָר נאָך אלע זאכען בין איך אליין שולדיג. וואָס דארף איך וואַרטען, ביז זי וועט ענטלויפען, איך קען דאָך אייגענטליך פון איהר אנטלויפען?...

יא, פון איהר אנטלויפען! וועט זי מיך דען ניט אויפזוכען אפילו אין דר'ערד? און דאַן וועלען זיך ערשט אָנפאַנגען די רעכטע סקאַנדאַלען! און וואָס וועט זאָגען די וועלט?

וואָס וועט זאָגען די וועלט? א רוח אין דער וועלט'ס טאַטע אריין! וואָס דארף איך מיך עפּעס קימערען אום דער וועלט? קימערט זיך עפּעס די וועלט אום מיר? גיט איינער א קרעכץ איבער מיינע צרות, הארט עס אימעצען וואָס זי גריזעט מיך ווי א וואָרעם, קען עס מיר אימיצער מיטפיהלען? ווען עס

קומט צווישען אונז צו א געשלעג, איז שוין דאָמאָלסט אונזער גליקליכסטע צייט, דאַן וועניגסטענס דערהיצט מען זיך א ביסעל, מען קלאַפּט זיך אויס און מען כאַפּט א ביסעל פרייען אָטהעם און עס ווערט שטיל אויף א קורצע צייט. אָבער מיין ארורה איז אזא בייזע שלאַנג, אַז זי פערגינט מיר דאָס אויך ניט, נאָר וואָרצען, בורטשען, שעלטען, וויינען, זידלען, כליפּען און זויער מאַכען ראָס לעבען.

איך קום פון אבענד פון די ביזנעס, איך עפען נאָר די טהיר, אהא! עס ווערט שוין אויפגעשפּיעלט:

— ער איז שוין דאָ מיין תכשיט! זיין זאָל ער אין דר'ערד, ער גערט אַוועק, געהן זאָל ער אָהן א קאָפּ, און לאָזט מיר אפילו א פּעני ניט איבער, לאָזען זאָל ער שוין די נשמה! א מאַן זאָל נאָר אומטראָגען מיט זיך דאָס געלד, פערגעלט און פערגרינט זאָל ער ווערען; און אזוי ווי אַן עקזעקוציע קומט ער זיך א היים עסען, עסען זאָלען איהם די ווערים...

גלויבט מיר, מיינע פריינד, אַז נאָך פּאַרטאָג האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און אַרויסגענומען די לעצטע פּעני פון מיין הויזען קעשענע, איך האָב איהר אפילו קיין וואָרט ניט געזאָגט; איך אַליין געה אין א סעקאָנד הענד רעקעל שוין צוויי יאָהר מיט אַן אַלטען קאַפּעלושעל פּאַר א קוואָדער און איך זאָג איהר אפילו קיין וואָרט ניט, און זי האָט תמיד טענות צו מיר. דאָס איז דאָך מערקווירדיג, איך בין דער פערדיענער און הושך אַלע מיינע יאָהרען צוליעב דעם פערפלוכטען געלד און אַלעס גיב איך איהר אָב. עס איז מיר אפילו א שאַנדע צו ריידען פון געלד, און זי ווייס ניט אין איהר גאַנץ לעבען א כענט צו פערדיענען, און האַלט אין מאָהנען און פאָדערען געלד.

אך ווי עס עקעלט אָן א פרוי, וועלכע שטערט דעם הויז פריעדען, די רוהע, און האָט נאָר אין זינען געלד!...

זי שעלט מיך, פּאַר וואָס איך געה אַוועק, מיינט איהר חלילה ווייל זי האָט מיך ליעב און וויל מיך האָבען לעבען זיך? זאָל גאָט היטען! איינפאַך זי וויל האָבען וועמען צו שעלטען, מיט וועמען זיך צו רייסען, פּשוט זי לאַנגווייל׳ט זיך. אין וועלט זאַכען האָט זי קיין אינטערעסע, טאַגעס־פראַגען קימערט זי ניט, זי זאָל זיך רייסען מיט אַנדערע, ווילען יענע ניט, בלייב איך אַליין די כפרה הינדעל.

איז זי נאָך ביי נוטער לוינע, הייבט זי מיר אָן דערצעהלען איהרע העלדען

טהאַטען, ווי זי האָט צוואוואשען די לייליכער, די ציכען, די האַנטיכער, די כטאָקינגס, די דייפּערס, די פּלאָארס, די טעפּלעך, די טעלער, די לעפּעל, די גלעזער, און אַלעס זי אַליין, און אָט אָט פאַלט זי ווי אַ סנאָפּ אין די האַלאָבלעס און האָט שוין קיין כח ניט צו ארבייטען, חאָטש איך דערצעהל איהר פון מיינע זאָרגען, פון מיין ארבייט, אפילו קיין פּיצעל ניט. און טאַקע אין דער לוינע געהט זי באַלד איבער אויף אַ העכערען טאָן, אויף אַ שנעלערע טעמפּאָ, און עס פאַנגט אָן דאָס עווינע בורטשען און וואָרצען, קרעכצען און אָכצען, שרייען און שעלטען ביז איך שלאָף איין, ווי אויף אַ שלאַכטפעלד...

אַם פריה מאָרגען איך עפען די אויגען, מיין איך אַז זי האָט שוין אַלעס פערגעסען, עס וועט שוין שטיל זיין, אָבער וואו! זי געפינט ניט אזוי גיך דעם לינקען סטאָקינג און די קאַטערינקע איז שוין אָנגעדרעהט און די האַרץ־רייסענדע מוזיק האַלט שוין ביי דער העכסטער אקטאַווע. — זאָ איז ביים שלאָפען, זאָ איז אויך ביים עסען — און איך האָב קיין רוהיגען מאָמענט אין מיין לעבען און אַז איך גיב אַ קוק אויף מיינע זיעבען פופקעלעך איז מיר ווירק־ליך אַ רעטזעל: וועןְ?... וועןְ?

איך האָב אַ שלעכטע ווייב! גיט מיר פריינד אַן עצה, ווי ווערט מען פון איהר פּטור?

מיין שכן זאָגט מיר, איך בין אַ פאַנטאַפּעל מאַן, ער וואָלט מיט איהר געלערענט בלק. אָבער פריינד! לעהרען מיט איהר בלק, לעהרען מיט איהר פּנחס, אַז עס העלפט ניט, ניט מיט גוטען, ניט מיט בייזען, כאָטש צורייס זיך!... איבעריגענס גלויב איך גאָר ניט, אַז זיינע איז בעסער.

אָה, גאָטעניו! איך האָב אַ שלעכטע ווייב, דיין שטראָף איז פערשיעדען, שטראָף מיך חלילה מיט קיין זאַך ניט, נאָר שטרעק אויס דיין רעכטע האַנד און נעהם זי צו פון מיר, אָדער מיך פון איהר, זאָל זי בלייבען אַן אלמנה, אָדער איך אַן אלמן. פאַר דאָס לעצטע וואָלט איך געווים געדאַנקט און געלויבט דיין ליעבען נאָמען.

---

# אכטע סעריע.

# דער קיבעצער

## I.

### יואל'ס נשמה.

די צייטונגען מאכען די לעצטע פּאָאר וואָכען חוזק פון די ספּיריטו־אַליסטען און וואונדערען זיך, אז ביי היינטיגע צייטען זאָלען נאָך זיין אזעלכע אבערגלויבישע מענשען...

יא, פילאָזאָפירען לאָזט זיך איבער אלעס, אָבער וואו פאקטען רעדען, העלפט קיין חכמות ניט. איהר קענט מיך אלע, אז איך בין ניט שטאַרק אַבערגלויביש, און דאָך הערט מיינע ערפאהרונגען איבער נשמות, איך מיין ספּעציעל איבער „יואל'ס נשמה“.

איהר קנעט דאָך מיין יואל, ער איז מיין צווייטעס „איך“ און ער איז זאַ אַלט־מאָדיש, אָהן די נייע פּאָליטיקס, אז ער זאָגט אימער דעם אמת אונפּער־שטעלט. דעם ווינטער איז ער אָבער קראנק געווען און איך האָב איהם שוין א צייט לאַנג ניט געזעהן, אָבער הערט און שטוינט! אפּנים, אז נאָר זיין קער־פּער איז קראנק געווען, אָבער זיין נשמה איז אומגעפלויגען איבעראַל און האָט פאָרטגעזעצט זיין ארבייט, צו זאָגען יעדען די וואהרהייט אין די אויגען. מען זעהט ניט, דאכט זיך, קיינעם, און דאָך הערט מען און מען דערקענט יואל'ס שטימע. דאָ העלפט ניט קיין פילאָזאָפיע, גלויב יא, גלויב ניט, דו זעהסט דאָך, איך מיין דו הערסט דאָך! —

א געוואלד, א געפילדער, היינט ביינאכט איז א באנקעט פאר גערשוני, אפילו 2 דאָלאר א טיקעט, אָבער דאָס איז דאָך פאר דער רוסישער רעוואָלו־ציאָן און איך כאַפּ ארויף מיין כטאָוו־פייפ מיט'ן „פרינץ האלבער“ און דאַוואַ־אין דעם גרויסארטיגען האָטעל אויפ'ן באנקעט.

עס האָט מיר אפילו געקלאַפּט דאָס האַרץ איידער איך האָב געעפענט די טיהר, ווארום וואָס פאר א ווערטה האָט מיין קליין רעוואָלוציאָנערע נשמה'לע געגענאיבער די גרויסע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע מוזען דאָ זיין פערזאמעלט מיט גערשוני?

פאר מיין קליין נשמה'לע האָבען זיך פאָרגעשטעלט העלדען מיט פער־רויכערטע געזיכטער פון געפלאַצטע באָמבעס, העלדען מיט פערבלוטיגטע הענד פון צוריסענע גובערנאַטאָרען, מארטירער מיט צובראָכענע גליעדער פון די קיי־טען און פון די רייפען פון די פעסלאך, אין וועלכע זיי זיינען ניצול געוואָרען פון די סיבירישע קאַזעמאַטען... און ווי קליין איך בין, האָב איך נאָך קלע־נער אויסגעזעהן ביי זיך געגען אָט די פערזאמעלטע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע איך וועל דאָ טרעפען, און איך האָב שוין געוואָלט מאכען השיבנו נאַזאַד, אָבער סטאָי! די טהיר האָט זיך פּלוצלונג געעפענט און די עלעקטרישע שטראַהלען, וועלכע האָבען זיך אויף מיר א גאָס געטהאָן, האָבען מיר אריינ־געשלעפּט, ווי א מאַגנעט א קליין טשוועקעל אין זאַאל אריין, און איידער וואָס ווען, איך זיץ שוין אין געהאַקטע וואונדען צווישען די געסט און ציטער ווי א בלאַט און קען ניט אויפהויבען מיינע אויגען צו זעהען דיעזע ערהאבענע כנופיא פון אידעאַליסטען, מארטירער, העלדען פון דער רוסישער רעוואָלו־ציאָן, אזוי פיעל אָהן עין הרע אויף איין פלאַץ, אין איין אבענד, בעזעעלט פון איין אידעאַל, בעלויכטעט פון דעם העלישען פאַקעל דער פרייהייט... און איך, מי אנכי? וואָס בין איך? און איך האָב געמיינט, אז אָט ווערען מיינע דאַרע ביינדלאך אויפגעלעזט אין תוהו ובוהו און אויס הינקעדיגער שלים־מזל.

אָבער פּלוצלונג זיינען מיינע פינסטערע געדאנקען איבערגעשלאָגען גע־וואָרען פון צוויי ערליי שטימען און אזעלכע עקסטרימע שטימען, איינע א באַ־סאָווע שטימע פון דעם פּאָרזיצענדען און א צווייטע א סאפּראנא, וועלכע איך האָב גלייך דערקענט פון יואל'ס נשמה:

איצטער וועלען מיר פאָרשטעלען איינעם פון אונזערע פעהיגסטע לייטע, ביי וועלכען די רוסישע רעוואָלוציאָן איז דאָס אויג אין קאָפּ און ביי וועלכען...
און יואל'ס נשמה קוויצעט נאָך:

— א מאַן וואָס שלעפּט ביי טויטע און לעבעדיגע אבי געלד, וואָס האסט אלע ראַדיקאַלע ווי דעם טויט...

גערשוני האָט א פּנים אויך דערהערט דעם דינעם קוויטש און האָט אויס־

געגלאָצט די אויגען ארויף, זעהן פון וואנען קומט די שטימע. א פּנים ער איז בעקאַנט מיט די גייסטער און עס האָט איהם גאָר נישט איבערראַשט. ער האָט נאָר געגעבען א שמייכעל און אויפ׳ן טעלער איז געלעגען נאָך א פּופּציגער.

— איצט האָב איך די עהרע פאָרצושטעלען איינעם פון די סוקסעספאָלע ביזנעס־לייט, וואָס דער פאָרטשריט איז ביי איהם דאָס לעבען און די רוסישע רעוואָלוציאָן זיין חיות און העלפט....

און יואל׳ס נשמה קוויטשעט נאָך: — פון די אומגעלומפּערטערסטע ביז־נעס־לייט, וואָס וויסען פון פאָרטשריט, ווי א קוה פון רבינו תם׳ס תפילין און דאָס וואָרט רעוואָלוציאָן שטעכט זיינע אויערען....

נאָך אפינף און צוואַנציגער און גערשוני זעהט, הערט און שמייכעלט.

— יעצט שטעל איך פאָר א דאַמע, וואָס איז בעגייסטערט פון דער רוסי־שע פרייהייט און ספּענדעט... — זאָגט דער פּאָרזיצענדער און יואל׳ס נשמה קוויצקעט אונטער: — וואָס איז בעגייסטערט פון זיידענע קליידער און בע־לער, רכילות און לשון הרע, און איז בעגייסטערט מיט דער פרייהייט ארויס־צונעהמען פון מאַן׳ס פּאַקעטס, וויפיעל עס לאָזט זיך... —

גערשוני הערט אויך דיזען אַקאָרד און א ביטערער שמייכעל פּאָלגט, און דער טעלער איז רייכער מיט א צעהנעריל.

— יעצט האָב איך די עהרע אייך פאָרצושטעלען הערען דאָקטאָר זאָ און זאָ וואָס אָפּפערט זיין לעבען פאר דער אידעע פון בעפרייאונג, און די רוסישע רעוואָלוציאָן איז זיין גאַנצעס שטרעבען... — טענה׳ט דער פּאָרזי־צענדער, אז די סלינע געהט איהם איבער׳ן מויל און יואל׳ס נשמה מזמור׳ט זיך נאָך סאפּראנא:

— א דאָקטאָר, קאַטאָרי, וועלכער, וואָס אָפּפערט זיין לעבען פאר׳ן דאָלאר, און אלעס וואָס ער טהוט פאר דער רוסישער רעוואָלוציאָן איז וואָס ער רעדט רוסיש און פעראכטעט אלע דענקער, ווי שפּינען... — גערשוני לאַכט, איך שעהם זיך.

— און ענדליך, איידער מיר הויבען אָן א נייעם קאָן, וועל איך אייך פאָר־שטעלען איינעם פון אונזערע פּראָמינענטסטע בעלי בתים, וואָס צאָהלט טהייער פאר יעדער פאָרטשריטליכע בעוועגונג, און ביי יעדען אידישען אונ־גליק איז ער אָן דער שפּיצע מיט וואָרט און טהאַט און...

זאָגט דער פּאָרזיצענדער זיך ווישענדיג דעם שוויס, און יואל'ס נשמה'ס בת קול סאפּראנא זאָגט:

— און איידער מיר וועלען ווייטער אָנהויבען שלעפּען א פּאָנד פאר דער רעוואָלוציאָן אָט ביי דער באַנדע, וועל איך אייך אויס'חנפ'ענען איינעם פון אונזערע בעריהמטע האַפּ־לאַפּניקעס וואָס צאָהלט טהייער פאר א בעוועגונג.... און ביי יעדען אידישען אונגליק פּאַטשט ער זיך אין בייכעל וואָס ער איז דערביי ניטאָ, און אנטלויפט פון אידישען פערטיל ווי פון א פּעסט, וואָס העלפט אידען צו יעדער צייט מיט א ספּיטש, ווען עס קען איהם אדווערטיי־זען און.... —

איך האָב זיך מעהר ניט געקענט איינהאַלטען, איך האָב מיר נאָר געשראָ־קען, טאָמער הערען אָט די אלע געוועהלטע געסט, איז דאָך א סקאַנדאַל, און איך גיב א פרעג גערשוני'ן אויפ'ן אויער:

—איהר וועט מיר זאָגען דעם אמת, חבר גערשוני, איהר הערט עפּעס א סאפּראַן זיך נאָכשלעפּען נאָכ'ן פּאָרזיצענדען באַס? —

— וואָס דען, איך הער ניט.

— וועה איז מיר, טאָמער הערען אָט די בעליידיגטע?

— געוויס הערען זיי, נו וואָס איז?

— וואָס הייסט, זיי וועלען דאָך רויט ווערען פון שאַנדע? —

— נאַרעלע, ווען זיי זאָלען האָבען שאַנדע, וואָלטען זיי דאָך קיין געלד נים געהאַט.

— טאָ צו וואָס טויג זיי אזא באַנקעט?

— פערשטעהסטו מיך — זאָגט גערשוני מיט זיין אייביג פריינדליכען שמייכעל — קויפען אתה הראית, פּתיחה און מפטיר איז שוין אויס מאָדע און עס געלוסט זיך זיי דאָך ווייזען דעם עולם, אז א פופציגער איז ביי זיי ניע־פּאַטשאָם. און צו האָבען א ביסעל נצחון איבער אונזער בינטעל דליתים, געהט מען געבען א פופציגער וואו עס איז נאָר דאָ מעהר סענזיישאַן און מען קימערט זיך גאָר ניט, וואָס יואל'ס נשמה קוויצעט דאָרט. יעדער מיינט, אז ער אליין הערט עס נאָר, אָבער די אַנדערע א מכה, אזוי ווי דאָס קינד פער־מאַכט די אויגעלעך צו גנב'ענען א שטיקעל צוקער —

— אָבער די שאַנדע פאר אונזערע געגנאָסען צוזעהען ביי וועלכע סוביעק־טען מען נעהמט געלד אויף אזא הייליגען אידעאַל ווי די רוסישע בעפרייאונג.

— א פּנים, אַז דו קעהרסט זיך עפּעס אָן מיט יואל'ס נשמה — לאַכט גערשוני ווייטער — אַז מען דאַרף דעם גנב, שניידט מען איהם פון דער תליה, איז דער טעראָר א כשר'ע זאַך פאַר מענשען וואָס זוכען וועלט־פריעדען און מענשען־גליק און זיינען געגען יעדע בלוט פערגיסונג ? דאָך נעהמט מען דעם טעראָר אַלס מיטעל, אום דעם ציעל צו עררייכען.

ווי טרויעריג עס איז די אָבשטאַמונג פון דעם גרונדזאַץ „דער צוועק היי־ליגט דעם מיטעל", דאָך מוז ער אין יעדען קאַמפּף אָנגעווענדעט ווערען און דאַרום טאַקע שטרעבען מיר דעם לעצטען קאַמפּף אויסצוקעמפּפען אום מעהר קיינע קעמפּפע צווישען מענש און מענש ניט צו האָבען — האָט גערשוני גע־ענדיגט אַלץ מיט זיין פריינדליכען שמייכעל, און יואל'ס נשמה האָט צוגע־קוויצקעט : — טרויעריג, אָבער וואהר ! געה אהיים !

---

## II.

### די ניו יאָרקער אידישע אַרבייטער־בעוועגונג.

„צווישען די פאַנאַטיקער פון יעדער רעליגיאָן, וועלכע האַלטען די גלויבּיגע פון אנדערע רעליגיאָנען פאַר געטצען־דיענער ; צווישען די יאַקובינער, וועלכע האָבען געוואָלט אויסראָטען אַלע, וואָס האָבען געדענקט אנדערש ווי זיי ; דער סאָציאַל־דעמאָקראַט, וואָס זעהט אין יעדען אנאַרכיסט א שפּיאָן און פּאָליציי־שפּיאָן און דעם אַנאַרכיסט, וואָס פערדאַמט דעם סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַלס דער יעניגער, וואָס האַלט אָב די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן ; צווישען דיזע אַלע פאַרטייען איז גאָר קיין אונטערשיעד ניט, אַלע ווערען געלייטעט פון די זעלבע מאָטיווען : פון פאַנאַטיזמוס, אייטעלקייט און הערשזוכט."

דיזע ווערטער האָט געזאָגט א דייטשער דענקער און האָט דאַרונטער גע־מיינט ניט גראַדע אידען און ניט נאָר די אַרבייטער־פּאַרטייען.

ווען מיר, אַלס אידען, זאָלען אָבער וואַרפען א בליק ספּעציעל אויף דער **זאָגענאַנטער אידישער אַרבייטער בעוועגונג** אין ניו יאָרק, זאָ ווערט יעדע דענקענדע זעעלע מיט עקעל ערפילט, און יעדעס האַרץ, וואָס פיהלט ווירקליך מיט די ליידען פון דער אָרמער אַרבייטער קלאַסע,

ווערט פון א טיעפען וועה ערגריפען, זאָ דאָס פאר יעדען סימפאטייזער מיט דער ארבייטער זאכע, און פאר יעדען אידעאליסט. וואָס וואָלט גערן געקעמפפט מיט זיין לעבען פאר זיין בעפרייאונג, בלייבט ניט איבריג, אלס מיט בעדויערן זיך צוריק צו ציהען און צו ווערען א פעסימיסט געגען אלע אידעאלען...

די אידישע ארבייטער בעוועגונג אין ניו יאָרק בעשטעהט פון דריי הויפט־פארטייען: אנארכיסטען, סאָציאל־דעמאָקראטען און טרייד יוניאָניסטען. די איבריגע פארטייען זיינען נעבען־סעקטען.

יעדע פון דיזע דריי פארטייען האָט אין זיך ווידער דריי עלעמענטען:

1) דאָס ערשטע עלעמענט איז דער מלך בכיפה, דער יחיד ומיוחד, דער ערשטער רעדנער, דער ערשטער שרייבער; ער איז דער טאָן־געבער, דער נביא, דער גאָט, ער האָט אין זיין האנד דעם אָפיציעלען אָרגאַן, ער לויבט, ער שענדט, ער זידעלט, ער פלוכט, ער בלאָזט נאָך הערצענס לוסט, ווי איין עכ־טער דעספאָט, אויטאָקראט, גראָס־אינקוויזיטאָר, און ליידעט קיין קריטיק אי־בער זיך.

ער שימפפט איבער אלעקסאנדער׳ס צענזוריע, דאָך פערדאמט ער יעדער קריטיק, וועלכע איז געגען זיינע אייגענע אינטערעסען. ער שימפפט איבער אמעריקאנער רעדע־פרייהייט, דאָך פייפט ער, ליארעמט ער איבער יעדען רעד־נער פון אַן אנדער פארטיי. ער שימפפט איבער די קאפיטאליסטען וואָס לע־בען אויף די ארבייטער׳ס רעכנונג, דאָך אליין לעבט ער דירעקט פון דעם אר־בייטער׳ס לעצטען סענט, אָהנע צו ברענגען אירגענד וועלכע נוצען, אומגע־קעהרט נאָך פיעל שאדען. אין זיינע גנאדען פערשטעהט ער שוין ווי צו בעאיינפלוסען זיינע אנהענגער מיט א בארג פון פראזען, וויצען, אנעקדאָטען, ווען נויטהיג אויך טראגישע אָדער קאָמישע מימיק, קללות, ברכות, שבחים, פערדאמונג, יע נאָך דעם, ווי דער ווינד בלאָזט. די הויפט־פּאָליטיק בע־שטעהט אין דעם, מעהר צו צימבלען אויף די געפיהלע פון דער פארטיי, די רעליגיעזע געפיהלע אין זיי אויפצוהאלטען, אלס זיי ווירקליך די אויגען צו עפענען און זיי צו בעלעהרען.

און גאנץ נאטירליך, ווייל אלע דריי אנפיהרער זיינען אויטאָ דידאקטען (זעלבסט־געלערנטע) דאָס הייסט, אָהנע סיסטעמאטישע ערציהונג, אָהנע שוהלען דורכצומאכען, זאָנדערן רוסיש־פּוילישע בית המדרש אינגלעך, וואָס האָבען דאָס גוטע אפילו פון דער אידישער נאציאָן ניט גענאָסען, נאָר זיי איז

געבליבען די אידיש־פּוילישע שלויהייט (חיטראָסט), קליינליכקייט און צאַנקזוכט.

2) דאָס צווייטע עלעמענט בעשטעהט אין יעדער פּארטיי פון די לייב־גווארדיע, וועלכע בילדען די מיטארבייטער, אונטער־רעדנער, אונטערשטיפּער, די גרופּען — כעקציאָן — און יוניאָן פיהרער, סעקרעטערע, גענעראַלען, פּאַר־זיצענדע, פּייפער, שרייער, פערדאמער, חסידים הראשונים, בראווא קלאַ־טשער; דאָס זיינען די יעניגע האַלב־געבאַקענע אידעאליסטען, פראַזען־יעגער, וואָס רעדען פון האָהע וויסענשאַפט, אָהנע עטוואָס גרינדליכעס צו וויסען, גלויבען אין קיין אויטאָריטעט ניט, נאָר אין זייער רב'ן דעם רעדאקטאָר; דע־באַטירען פּאָרטוועהרענד, וועמעס רבי עס איז גרעסער; ביי זיי איין מענשען העפליך צו בעגעגענען, הייסט אנערקענען אויטאָריטעט, און דארום איז ביי זיי דער פיינסטער טיטעל פאר יעדען, זאָגאר פון זייער פארטיי, טרעמפּ, עזעל, אידיאָט, פּעררעטער, שפּיאָן...

דיזער עלעמענט איז זעהר א צווייפעלהאפטער און שוועבט צווישען אר־בייטער, פּראָלעטאריער און ביזנעס מאַן און מייסטענס פון זאָלכע אונערצוי־גענע אינדיווידיומס, וואָס קוים פּאַסען זיי אויף דעם האס געגען די בעשטע־הענדע אָרדנונג און זיינען ניט אימשטאַנד אויסצולאָזען דעם כעס צום רייכען, ווייל זיי קומען מיט איהם ניט אין בעריהרונג, לאָזען זיי אויס זייער גרימצאָרן צו זייערע נעבען־מענשען, צו ארבייטער פון אן אנדער פּארב, דאָס זיינען די בעוועגער, די פּארטיי נעגנער, די גענאָסען, די אידעען טרעגער, וואָס עקלען זָיך, אָדער פערטרייבען יעדען עהרליך דענקענדען אידעאַליסט פון זייער מיטע.

3) דאַן קומט דאָס דריטע עלעמענט, די מאסע! אָה, ארמע ארבייטער מאסע! דאָס איז א ווייכע מאסע, וואָס לאָזט זיך קנעטען ווי איינער וויל: דער קנעט אויס פון איהר א פערדעל און פּאָהרט אויף איהר רייטענדיג; דער קנעט אויס פון איהר איין שאָף צו שערען, איין קוה צו מעלקען, איין עזעל ביי די אויערען צו שלעפּען...

דיזער דריטער אונגליקליכער, אונוויסענדער עלעמענט לאָזט זיך קנעטען פון אלע פּארטייען, דער ארבייטער דער איז וויסען־און ווילען־לאָז! היינט קומט א קאפּאניסט און דערצעהלט איהם א מעשׂה זעגעביץ מיט האָניג מיט א פּערדאמונגס־אורטהייל געגען אנארכיסטען און באַראָנדעסיסטען, קלאטשט

ער בראוואָ און פערדאמט יענע, קומט מאָרגען א באראָנדעסיסט מיט א ליסטע פון קאָהאניסטישער פארטיי עבירות, אָדער א קאָנצערט מיט א חרם געגען יענעביידע, קלאַטשט זי דעם בראוואָ און באָיקאָטעט יענעם.

ארמער ארבייטער! דיין אונוויסענהייט שאדעט דיר מעהר, ווי דיינע קעטען; דיינע ארבייטער פריינדע שאדען דיר מעהר ווי דיינע בלוטיגע פיינדע, ווייל פון דיינע פיינדע וועסטו דיך ענדליך אליין בעפרייען, אָבער פון דיינע פריינדע זאָלען דיך טאקע נור די געטער בעפרייען.

ארבייטער! האָסט נאָך דיינע אויגען ניט געעפענט צו צו זעהען דאָס דיינע באָיקאָטס געגען זיך אליין, געגען דיינע ליידענס־ברידער זיינען ארויס־גערופען געוואָרען פון אונעהרליכע, אונוויסענדע איינגלעך? אַז זיי שינדען דיר מעהר, ווי די ענטוויקלונג פון די מאַשינען? זעהסטו ניט, אַז די צאנקערייען אין דיינע אייגענע רייהען שאַדען דיר מעהר, ווי דיינע שווערע קעטען פון דער קאָנקורענץ פון קאפיטאל?

פיהלסטו נאָך אלץ ניט, אַז דיינע אונאייניגקייט איז דער גרעסטער טריי־אומפף, דער איינציגער טרויסט פון דיינע געגנער און אונטערדריקער?

ביזטו נאָך ווירקליך זאָ קינדיש נאַאיוו און זאָ שטאָק דום, אַז דו פער־שטעהסט נאָך אלץ ניט, אַז דו אליין ביזט געגנוג שטארק דיין גליק צו ער־קעמפפען און זוכסט נאָך אימער אנפיהרער?

פערשטעהסטו דעם הייליגען רוף: „אַרבייטער אַלער לענדער פעראייניגט אייך!“ טאקע נאָר צו רייסען זיך און צו פערפּאָלגען זיך, ווייל עטליכע אינ־טריגאַנטען ווילען עס?

פערשטעהסטו דעם צווייטען הייליגען זאַטץ: „די בעפרייאונג דער אר־בייטער, מוז זיין פון ארבייטער אליין!“ אַז דו זאָלסט נעהמען פּיאווקעס אויף דיר, וואָס זוינען דיין לעצטען טראָפּען בלוט?

זאָלסט נעהמען אָנטרייבער אויף דיר, וואָס זאָלען דיר פיהרען אין זומפּען און בלאָטעס?

ביזטו ווירקליך אזוי דום?

ניין! דאָס וויל איך ניט גלויבען! זייער זידלען זיך צווישען זיך איז פאר דיר א צו דייטליכע לעקציאָן, אַז דיינע פריינדע, דיינע פיהרער מיינען עס ניט עהרליך מיט דיר; זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז אין דער קריטיק איבער די יעצטיגע פערהעלטניסע גלייכען זיך אלע פאַרטייען אויס, קען מען אויך

אין איין געוויסער טאַקטיק געהן האנד אין האנד. נאָר דיין אייניגקייט פּאַסט ניט אין זייער קראַם אריין.

דו ווייסט גאַנץ גוט, אז די איינציגע פראגע אין דער ארבייטער־פראגע, איז די ברויט־פראגע און „אלעס וואָס קען פיהרען צו דעם זיכערען צוועק דעם מאָגען ערפילען", איז די אנטוואָרט דארויף.

און דער זיכערסטער וועג דערצו איז ד י י ן א י י נ י ג ק י י ט, ד י י ן ו ו י ס ע ן א ו ן ד י י ן מ א כ ט.

פערטרייב פון דיין מיטע דיינע אנפיהרער, וועלכע פרעדיגען דיר האַס געגען דיינע אייגענע ברידער און דו וועסט מיט אלע ארבייטער א י י נ י ג ווערען.

פערדאמע פון זיך דיינע דעמאגאָגען, וועלכע שלאָגען זיך איבער דער בכורה און פרעדיגען דיר באָיקאָטס, פערדאמונג, פערליימדונג, און לערען בע־סער דיין אלגעמיינע לאגע ערקענען, דאן וועסטו אויף דיין וועג די הילפע געפינען.

ביז ווי לאַנג דו וועסט דיענען דיינע פּאַרטיי געצען, אז אויף א פער־זאמלונג פון 20 טויזענד ארבייטער, אָנשטאָט אזא גאָלדענער געלעגענהייט אויסצונוצען, איר צו ערקענען די לאגע, זיך צו בעראטהען אום הילפע, זאָל מען גאָר פערברענגען אין פּרינציפּיעלע פייפעריי, דאַן האָסטו ניט קיין אר־בייטער בעוועגונג, נאָר איין פייפער בעוועגונג און בלייבסט אָהנמעכטיג.

---

## III.

### עקס־גענאָסע.

איך האָב געמיינט, אז די מענשען שטערען נור דאָס „לעבען" פון דעם ארמען, יעצט בין איך געקומען צור איבערצייגונג, אז זיי שטערען אויך דאָס „שטאַרבען"...

פונקט ווי א קאַץ מיט א מויז, ווייל זי אַנטלויפען, דריקט זי איהר צו מיט איהרע נעגעל, בלייבט זי ליגען אָהן קרעפטען, טאָרעט זי איהר אויף, זי זאָל זיך בעוועגען....

די געעזעלשאפט וויל אלזאָ, אז דער ארבייטער זאָל ניט שטארבען, און לאָזט איהם אויך ניט לעבען. יעצט געה זוך א מיטעלוועג פון ניט לעבען און ניט שטארבען.

אפשר ווייסט איהר, ליעבע לעזער, עפּעס אזא מין אָבשטורקען די צייט עס זאָל זיין ניט געלעבט און דאָך ניט געשטאָרבען?

ווידער האָב איך מיין יואל׳ן צו פערדאנקען, ער איז מיר אן אמת׳ער הארץ פריינד, אין יעדער נויטה שטעהט ער מיר ביי: דארעק — זאָגט ער צו מיר — דו זעהסט, אז דאָס לעבען האָט פאר אונז קיינען רייץ און קיינען ווערטה, און ווייל מיר זיינען דאָך געצוואונגען צו לעבען, איז וועניגסטענס אונזער פליכט מיר זאָלען אונזער לעבען אָפּפערען פאר א היילינער אידעע, און די היילינסטע אידעע, פאר וועלכעס עס איז ווערטה דאָס לעבען צו אָפּפערען, איז נור דאָס אלגעמיינע וואהל, דער קאמפּף, וועלכער עס קען פיה־רען צום גליק פון דער גאנצער מענשהייט, און דיזע אידעע איז די אָבשאפונג פון פריוואט־אייגענטהום, אז אלע מענשען זאָלען גלייך ארבייטען און גלייך טהיילען אלעס וואָס די מוטער־נאטור גיט אונז, מיר זאָלען קענען לעבען פריינדליך, ברידערליך, אָהן נויטה און מאנגעל.

— זאָג, מיר אלזאָ, ליעבער יואל — וואָס אייגענטליך דארף איך טהאָן, אום צו לעבען פאר דער אידעע?

— הער נור א ביסעל א פראגע, עס איז דאָ געגוג צו טהאָן, קויף זיך איין אין אן ארבייטער־אָרגאניזאציאָן, אגיטיר, פּראָפּאגאנדיר, האלט רעדען, שרייב ארטיקלען, לאָז זיך וועהלען אין קאָמיטעען, קעמפּף, שטרייט, זאמעל, מיט איין וואָרט, טרעט אריין אין דער בעוועגונג און בעוועג דיך אין איהר.

— זאָג מיר נאָר, ליעבער יואל, האָב איך רעכט דאצו, איך זאָל פערנאכ־לעסיגען מיין אייגען עקזיסטענץ און פון מיין פאמיליע?

— ביזט א נאר.. קוים פרעגסטו, איז שוין קיין אנטוואָרט ניטאָ. ביי דעם, וואָס זיין עקזיסטענץ און די עקזיסטענץ פון זיינע אנגעהעריגע איז איהם טהייער, דער קען ניט אויפאָפּפערען זיין לעבען פאר אן אידעע, און ביי וועמען די אידעע איז טהייער, דער קוקט ניט אויף זיין עקזיסטענץ. אלזאָ קיין מענש קען ניט געבען איין עצה דערצו, נור די אינגערע געפיהלע טרייבען דעם מענשען צום קאמפּף פאר זיין אידעע.

יעצט פיהלסטו זיך צוגעצויגען צו דיין עקזיסטענץ, זאָ הייסטו איין ענגאָ־

איסט, און געה זוך דיר דיין עקזיסטענץ. פיהלסטו אָבער דאָס ליידען פון די אונטערדריקטע מענשהייט, און דאָס רעגט דיך אויף און פיהלסט זיך אויפ־געפּאָדערט ראַכע צו נעהמען פון די אונטערדריקער, אויפצוקלעהרען די אונ־טערדריקטע, דאַן ווערסטו במילא פערגעסען דיין עקזיסטענץ.

און ריכטיג, איך בין דאָך טאַקע א געוואַלדיגער אידעאַליסט און די אַלע זאַכען, וועלכע אינטערעסירען דעם פּראָסטען עולם, האָט דאָך ביי מיר גאָר קיין ווערטה ניט; איך בין דאַן א גאַנצער פילאָזאָף און בין געבאָרען צו עטוואָס גרעסערעס, העכערעס, ערהאַבענעס אַלס א פּאָר שיך מיט באַרשט, און דאָס איז ווירקליך מיין איינציגער בערוף זייט איך בין צו מיין שכל געקומען. איך האָב אַלזאָ קיין בעסערען וועג אין לעבען אַלס איין גרויסער מענש צו ווע־רען, א קעמפּפער, א מאַרטירער, א וועלט־לעהרער, א ניט־לעבעדיגער און ניט געשטאָרבענער, דאָס הייסט אַן אונשטערבליכער.

געטראַכט—געטהאָן. איך האָב מיך שוין איינגעקויפט אין דריי אָרגאַ־ניזאַציאָנען: אין איינעם בין איך סעקרעטער, אין איינעם טרעזשורער, אין איינעם שרייער; דאָ בין איך א דעלעגאַט, דאָ אין א קאָמיטע, איך רעד מיט גרויס היטץ און מען קלאַטשט מיר בראַוואָ. פון איייניגע הער איך, ווי מען לויבט מיינע עהרליכקייט, מיינע טהעטיגקייט און איך פיהל מיך איבער־גליקליך אין מיין נייער קאַריערע; דאָ האָב איך שוין אָנגעפאַנגען צו טרוי־מען פון מיין צוקונפט, ווי ווייט איך וועל עס ברענגען.

מיט דער צייט וועל איך ווערען א אידישער לאַסאַל, א קראָפּאָטקין! מען וועט אַלע יאָהר פייערען מיין יובילעאום, מיין יאָהרצייט, מיינע רעדען וועט מען דרוקען, מיינע אַרטיקלען וועט מען זאַמלען, מען וועט דארויף מאַ־כען פירושים, מען וועט עס איבערזעצען אין אַלע שפּראַכען — גרויסאַרטיג! יעצט פיהל איך מיר ניט פּאַר א קליין מענשעלע...

שפּעטער מיט א פּאָאַר וואָכען האָט מיר אָנגעהויבען צו קוואַצקען דאָס וואַסער אין מיינע שיך, און מיינע הויזען האָבען אָנגעפאַנגען צוריק אָבצוואַ־וועבען איינציגע פעדים פון אונטען, מיין ראָק האָט אָנגעהויבען צו פערלירען מיטגליעדער פון זיין קנעפּעל יוניאָן, און מיין העמד האָט בעקומען א לופט־לאָך פאַמע אין דער איסט זייט. מיינע קראַגען זיינען געוואָרען ברונעט, א ביסעל אָבגעברענט פון דער זון און, צו מיין אונגליק, האָב איך אויך פערלאָרען מיין טאַשען קעמעל אין האָב מיך שוין איייניגע טעג ניט געקעמט, אָבער וואָס קי־

מערט עס מיך, וואָס פאר א ווערטה האָבען ביי אונז קעמפפער אזעלכע קליי־ניגקייטען ?

עס קוואצקעט דאָס וואסער אין די שיך, ווער דערקענט עס זאָ גענוי, זאָל זיך דאכטען עס סקריפּעט ; דער ראָק אָהן קנעפּ — זאָל דאכטען א מאַנטעל, א לאַך אין הוט — זאָל דאכטען אַ שטרוי־הוט, וואָס האָט פול לעכער, און איך געה מיר מיין וועג.

מיין ביסעל בעקאַנטע אָבער פון דער ביזנעס־וועלט האָבען מיר אָנגע־הויבען בעדויערען, בעוויינען און האָבען מיר געזאָגט אָפען, אז איך בין אַן איינפאכער טרעמפּ.

— וואָס הייסט אייגענטליך אַ טרעמפּ ? — האָב איך זיי געפרעגט.

— דער יעניגער, וואָס קימערט זיך ניט אום זיין עקזיסטענץ.

— שטייטש, איך קעמפּפע דאָך אָבער פאר די מענשהייט ?

— אך, שוטה, וואס דו, קליין מענשעלע, קענסט פערזאָרגען פאר די מענשהייט... דיעזע רייד האָב איך שוין ניט געוואָלט הערען, זיי זיינען אונ־ערפאהרען אין מענשליכע לײדען, זייער הערץ איז קאַלט, זיי קענען ניט פיהלען, ווי די מענשהייט ליידעט, און ווי פיעל יעדער מענש קען העלפען, ווען ער טהוט עטוואָס און איך האָב צו זיי געקעהרט דעם רוקען. אי דאָס, וואָס זיי זאָגען, אַז איך בין געוואָרען אַ טרעמפּ, נו וואָס זאָל איך טהאָן, איך קען דאָך ניט זיין אויף צוויי ירידים, ווען איך ארבייט פיר דאָס אַלגע־מיינע וואָהל, מוז איך מיך דאָך פערנאַכלעסיגען. אי ביי זיי הייסט עס טרעמפּ, וואָס האַרט מיך ווי עס הייסט, זאָל עס הייסען ווי עס וויל ביי דער פּאַראַזיטען־קלאַסע, ביי מיר בין איך איבערצייגט, אַז איך קעמפף פאר איין אידעע, אַלזאָ פאַר דער אויסען וועלט האָט מיך שוין גאַר ניט געהאַרט.

— אָבער אָה איך, שלים־מזל. יעדע זאַך האָט איהר שאָטען־זייטע, און אויף יעדען וועג טרעפט מען קאָנקורענטען.

איך האָב געהאַלטען איין אויסגעצייכענטע רעדע אין אַ פערזאמלונג, וואָס איך בין מיט מיר אַליין צופריעדען געווען און דאָס פּובליקום האָט מיר בראַוואָ געקלאַפּט, האָט אָבער מיין נאָכרעדנער בעוויזען מיט אותות ומופתים, אַז ער איז גערעכט און איך בין איין עזעל. אין דער צווייטער פערזאַמלונג האָט מיין נאָכרעדנער געמאַכט אַ געוואַלד, אַז איך בין אַן אַנאַר־כיסט און מען זאָל מיך אַרויספיהרען פון דער פערזאַמלונג. פון איין אָרגאַ־

נאַזאַציאָן האָט מען מיך אויסגעשלאָסען, ווייל איך האָב גערעדט מיט אַ רעוורענד. אויף איין ארטיקעל האָט מען געזאָגט, דאָס ער איז שוין ניט ניי, אויף דעם צווייטען האָט מען געזאָגט, אַז עס איז וועניג פּאָליטיק.

און אימער ווארען די קריטיקער ניט דאָס פאָלק, נור מיינע מיטקעמ־פּפער, און זאָ האָב איך מיר אָנגעפאַנגען צו פיהלען פערדרענגט פון דער טהעטיגקייט.

צוואר האָב איך נאָך איין מיטעל געזעהן ווי מיך אויף מיינער פּאָזיציאָן צו ערהאַלטען, נעמליך איך זאָל מיך אויך צוהיצען, שרייען, זידלען, שטופען זיך אויבען־אָן, פערדרענגען אנדערע, אָבער ליידער האָט מיר דערצו געפעהלט אי די ענערגיע, אי אַ ביסעל פרעכהייט...

און אַזוי האָבען מיינע עטליכע מיטקעמפּפער אָנגעהויבען טומלען, אַז איך בין ניט געטריי דער בעוועגונג און אַז איך בין גאָר אַ קאַפּיטאַליסט — אָהן קאַפּיטאַל.

אָה, מיינע מיטקעמפּפער, די האָבען מיר איינפאַך מיינען מוטה גערויבט, זייער מיסטרויען אויף יעדען טריט האָט מיך פערלעצט ביז טיעף אין מיין הערצען, די הייסע טעמפּעראַמענטען, די פּערזענליכקייטען, די פערשיעדענע פּלענער אין דער אידעע זעלבסט, דאָס האָט מיך מיט יעדען טאָג שוואַכער גע־מאַכט אין מיין טהעטיגקייט.

צוואר האָב איך גוט געוואוסט די אורזאַכע, ווייל איינפאַך מיר לעבען נאָך אַלע אין דער געגענווערטיגער פּערדאָרבענער געזעלשאַפט; מיר זיינען אויף יעדען טריט געבונדען צו די מאַטעריעלע פערהעלטניסע, צו די גע־וואָהנהייטען און ערציהונג. אָבער וואָס איז צו העלפען, ווען מען ווייס פון וואַנען די צייהן־שמערצען זיינען געקומען, — טהוען די צייהן דעריבער ניט מעהר וועה?

און כאָטש איך האָב די אורזאַכע דערפון געוואוסט, האָט עס מיר אָבער דאָך געשמערצט, וואָס עס פעהלט די איינינקייט, דאָס צוטרויען איינער צום אַנדערן און דאָס האָט מיך יעדען טאָג שוואַכער און אונגליקליכער געמאַכט ביז איך בין ניט פאַר אייך געדאַכט געוואָרען אויס געגאָסע.

איך בין געוואָרען קאָרופּט.

---

## IV.

### שלמה זלמן און דער חית, אָדער דער פערדאמטער גענאָסע.

„גיפט! גיפט! געוואלד, גיט מיר גיפט. איך מוז מיר נעהמען דעם לעבען“, האָט געשריען שלמה זלמן קוקענדיג פון דעם חסידישען קלייזעל דעם ניטל (קריסטמאס) ביינאכט. ער איז געווען בלאס ווי א טוך, האָט געציטערט ווי א בלאַט, האָט ניט געזעהן זיין ווייב און קינדער, וואָס זיינען געוואָרען זעהר צושראָקען און האָט אויך ניט בעמערקט זיין נאכבאר יואל דעם אפיקורס, וואָס איז אריינגעקומען דורך זיין געשריי זעהר איבערראשט.

— נאָר גיפט! איך וויל מעהר ניט לעבען!

— אָבער שלמה זלמן! זיי דאָך א מנעש, פאס דיך, זאָג וואָס איז דיר געשעהן? האָט מען דיך געשלאָגען?

— ניין.

— איז אָבגעברענט געוואָרען דיין קרעמעל?

— ניין.

— איז געשטאָרבען ווער פון דיין משפחה?

— ניין.

— וואָס זשע דען?

— נאָך פיעל ערגער אלס די אלע זאכען, איך ליג אין דער חית! געוואלד שטארבען!

— אין וואָס?

— אין דער חית.

— שלמה זלמן, בערוהיג דיך. וואָס פלוידערסטו? דו ליגסט דאָך גאָר ניט, ביזט דאָך ביי דיר אין דער היים.

— אוי וועה, זעה, זעה! דער רבי מיט די חסידים האָבען מיך אריינגעלעגט אין דער חית!

— טפוי צו דיין קאָפּ, איך האָב געמיינט גאָט וויים וואָס; זיי האָבען דיך אריינגעלעגט אין דער חית, לעג זיי אריין אין דער טית.

— יואל, וואָס מיינסטו טית?

— שלמה זלמן, וואָס מיינסטו חית?

— אין חרם, וועה איז מיר!

— נו און טית... פערשטעה אליין וואָס מען מיינט דערמיט, הער נאָר, פון וואָס אַ מענש מאַכט זיך אַ גאַנצען צימעס! דער נארישער רבי מיט עטליכע נאָכטענצער האָבען איהם אַריינגעלעגט אין חרם, איז ער אַזוי צו־קאָכט, אַז ער איז קאַפּאַבעל זיך צו נעהמען דאָס לעבען. פּע, אַזוי דום האָב איך דיר ניט געהאַלטען.

— אָבער, יואל, גלויב מיר, איך בין אונשולדיג. דו מעגסט מיר געוויס דאָך גלויבען, פאַר דיר דאַרף איך מיך דאָך ניט פערענטפערען, ווייל דו לאַכסט במילא פון מיר פאַר מיין פאַנאַטיזמוס, איך שווער דיר אָבער, אַז איך האָב גאָר נישט געטהאָן אַזוינס, אַז איך זאָל פערדיענען אַריינגעלעגט צו ווערען אין חרם.

— זאָג זשע מיר טאַקע, שלמה זלמן, וואָס האָבען זיי טאַקע ווירקליך צו דיר? מן הסתם מוז דאָך ע פּ ע ס זיין דאַרין.

— גאָר נישט! אָט ווי איך בין אַ איד... דער איינציגער חטא מיינער קען העכסטענס זיין, וואָס דער רבי ווייס, אַז איך קען בעסער לערנען פון איהם, בעסער דרשה׳נען, בעסער אויפשרייבען אַ שטיקעל תורה, און ער וויל אליין זיין אַ גדול בישראל; ער וויל ניט האָבען קיין מבינים איבער זיך! זאָגסט פיהל איך מיך אין קיין זינד ניט.

— עס לאָזט זיך אפילו גלויבען אויף אַזאַ צבוע׳יאַק, אָבער דאָס וואָלט דאָך געוועזען דום פון איהם, ווייל ער דרשנ׳ט דאָך אליין, ומלאה הארץ דעה כמים לים מכסים, אַ ל ע זאָלען עפּענען די אויגען אין דער הייליגער תורה, — דאַרף ער דאָך גראָד מקרב זיין אַזעלכע יונגע לייט ווי דו? ניין, עפּעס מוז נאָך דאָ זיין וואָס אַנדערש.

— גאָר נישט, ניין! איבריגענס, איך ווייס? פיעלייכט ווייל איך מאַך אָן אַנשטענדיג לעבען, געה שעהן געקליידעט; איך טרינק ניט מיט זיי די יאָהרצייט־ברוינפען, איך רייב מיך מיט זיי ניט ביי דער הרובע קאַרטאָפלעס צו בראָטען.

— אָבער דאָס איז דאָך נאָך דומער; איבריגענס, איידער זיי האָבען דיך אַריינגעלייגט אין חרם, האָבען זיי דיר דאָך געמוזט זאָגען, פאַר וואָס פאַר אַ חטא.

— נאָר נישט, גאָר נישט! אַלע חסידים זיינען געזעסען מיט אָפענע

מויל און אויערען און געהערט דעם רבינ'ס דרשה, ווי ער האָט מיך מחרים געווען און האָבען געוואָלט וויסען פאַרוואָס, נאָר אויסער משה דעם מומחה האָט קיינער ניט געוואגט צו פרעגען, אָבער די הייסע הניאָקעס האָבען איהם אויסגעלאַכט: „סטייטש, אז דער רבי זאָגט, טאָר מען דען קשיות פרעגען, אָבער ענדליך בין איך אָנגעצונדען געוואָרען פאר בושה און כעס און האָב אויסגעשריען: „וועס עס וועט ניט זאָגען פאר וואָס מען לעגט מיך אריין אין חרם, איז א כלב שבכלבים, אפילו דער רבי אליין חס ושלום“.

דאָ איז באַלד ארויסגעשפרונגען א הייזעריג הסיד'על, וואָס האָט א מאָל ארויסגע'גנב'עט די פושקע, און האָט געזאָגט, אז ער האָט אויף מיר א חשד, אז איך האָב א מאָל גע'הרש'עט אין א בית המדרש, וואו עס זיינען געווען עטליכע נשים אויך.

— נו, און דאָס איז א חטא? שטייטש, דיין רבי אליין דרש'ט דאָך תמיד פאר מאנסבילען מיט נקבות?

— געוויס! נאָר א רבי מעג. דאַן איז ארויסגעשפרונגען נאָר א מלמד'ל און האָט געזאָגט, אז ער וויים אויף מיר הטאים, וואָס איז? איך בין צו קלוג, און אין קלויז דארף מען נאָר האָבען אזעלכע, וואָס זאָלען גלויבען אָבער [illegible]ט פערשטעהן.

— סטייטש, איבעראל רופט מען דאָך אָן די תורה חכמה און די איינ־ציגע חכמה?

— איך וויים? אפשר ווייל בהמות לאָזען זיך גיכער פיהרען ביי דער נאָז... דאַן איז ארויסגעשפרונגען א הייט'ל און האָט געזאָגט, אז איך האָב א מאָל געמאכט א פאָרשלאג, אז אלע הסידים זאָלען טראָגען ביי זיך כפול־שמונה'דיגע ציצית.

— נו איז וואָס? אדרבה, דאָס איז דאָך דער צוועק פון אייערע חסידים, די פרומסטע?

— ניין, ער האָט בעהויפטעט, אז דאָס וואָלט געדארפט פאָרשלאָגען א נארישערער פון מיר, ווייל איך בין א ביסעל קליגער פון איין אנדער הסיד, מיין איך עס געוויס ניט עהרליך, נאָר איך וויל זיי פערראטהען, איך וויל ווערען א שפיאָן.

— א שפיאָן! וואָס קענסטו זיי דען פערראטהען? וואָס טהוען זיי דען אזוינס געפעהרליכעס?

— גאָר נישט, ווי איך בין אַ איד. העכסטענס, וואָס זיי קריגען זיך, וועלכער רבי עס איז גרעסער, וואָס זיי שעלטען דעם יצר הרע אונטער'ן אויווען, וואָס זיי לויזען זיך פאַר דעם נר תמיד, ווייטער גאָר נישט, און דאָך אַזאַ סקאַנדאַל! אַ סך זיינען געווען פון מיין צד און זיי האָבען געשריען, אַז זיי זעהען נאָך דערוויילע גאָר קיינע בעווייזע געגען מיר. די פליאַסקע־דריגעס אָבער האָבען געשריען, אַז איך ליעג שוין אין דער חית און איך מוז אַרויסגעהן. דאָ האָב איך הם געהאַט אויף כבוד התורה און האָב ניט געוואָלט עס זאָל קומען צו חלול השם, בין איך אַרויסגעגאַנגען. איך האָב נאָר געבעטען די עהרליכע אידען, אַז זיי זאָלען אונטער מיינע אויגען נאָר פערלאַנגען בעווייזע... און איצט וועה איז מיר! איך בין אין חרם; איך וויל ניט מעהר לעבען!

— ווייסטו וואָס, שלמה זלמן, איך וואָלט דיר געזאָגט, אַז עס איז שוין צייט זאָלסט ווערען קליגער. כ'לעבען דו האָסט אַ ווייב מיט קינדער, זוך בעסער צו מאַכען אַ לעבען און וואַרף אַוועק די גאַנצע האָפּטע מיט די חניאָקלאָך.

— עך מאָרים דו ביסט אַן אַפּיקורס, דו קענסט עס ניט פערשטעהן. ווי קען איך אַוועקוואַרפען די יעניגע, וואָס זוכען מיט זייער תורה גליקליך צו מאַכען די גאַנצע וועלט. וועניג צרות, וועניג ליידען, וועניג מענשען שטאַרבען פאַר הונגער? ניין! איך קען ערשט דאַן ווערען אוים חסיד, ווען אַלע מענשען זאָלען גליקליך ווערען, אָדער איך זאָל פריהער שטאַרבען.

— אַפּילו ווען אַזוי, קענסטו דאָך אַליין דרש'נען תורה אויף דער וועלט. זעהסט דאָך, אַז דו האָסט צו טהון מיט פאַנאַטיקער.

— אָבער עס איז דאָך אַ צבור, ווי קען איך דרש'נען ביחידות?

— אָבער, שלמה זלמן, איז פאַר אַ י ח י ד ניט געגעבען געוואָרען די תורה? איבעריגענס, וואו דו וועסט קומען דרש'נען, וועסטו דאָך געפינען אַ צבור. לעבען אַזאַ דומען רבי'ן, אַזאַ צבוע'ק דאַרפען זיך נאָך האַלטען חייטים'לעך, וואָס זיינען ניט פּאָפּ ניט האָפּ, אָבער אַזאַ מענש ווי דו, תורה און חכמה, קענסטו אַליין ניט בעשטעהן דיין שטעדטעל? אדרבה, וועסט נאָך קענען מעהר אויפטהון; גלויב מיר, וואַרף זיי אַוועק און וועסט מיר דאַנקען.

— ניין, ניין! איך קען עס ניט! אַזאַ סקאַנדאַל, — איך אין חרם! געוואַלד, סם! איך וויל ניט לעבען, אַזוי אונשולדיג, ניין, נאָר שטאַרבען.

און מיט שנעלע טריט האָט ער פערלאָזען דאָס צימער. זיין ווייב האָט מיט גרויסע שרעקען איהם געוואָלט צוריקהאַלטען, אָבער איידער עס איז איהר דאָס געלונגען, איז ער שוין געווען אין דער אַפּטייק געגען־איבער דער סטרים און האַלב־פערווירט איז ער באַלד אריין צוריק. יואל האָט א וואונק געטהאָן צו זיין ווייב זי זאָל אויף איהם אכטונג געבען. אָהנע א וואָרט צו ריידען האָט ער זיך באַלד געלעגט שלאָפען. זיין ווייב האָט נעבעך א גאַנצע נאכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט און האָט איהם געהיט. 7 אוהר מאָרגענס איז ער שוין געווען אויף די פיס און אזוי ווי זיין ווייב האָט זיך נאָר אָבגע־קעהרט צום קינד, האָט ער געכאַפּט פון קלאָזעט עפּעס א פלעשעל מיט א גלעזעל. אָבער אזוי ווי ער האָט עס געטראָגען צום מויל איז גראָד פלוצלונג אריינגעקומען יואל און האָט איהם א כאַפּ געטהאָן ביים האַנד. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט; ער האָט עס שוין אויסגעטרונקען.

— סטייטש, שלמה זלמן, וואָס האָסטו געטהאָן?

— איך האָב געמאַכט א שנאַפּס. וואָס איז דען?

— איז דאָס ניט קיין גיפט?

— גיפט! וואָס פאַלט דיר איין; וואָצו גיפט?

— סטייטש נו, און דיין חית?

— נו, האָסטו מיר דאָך זיי געהייסען געבען א טית.

— וואָס איך הער?! שלמה זלמן, ווערסט אוים חסיד?

— אָה ניין, פרום בלייב איך, נאָר פאַר זיך אליין, די מענשהייט נוצען צו ברייגנגען. אָבער איך גלויב ניט מעהר אין קיין רבי'ן מיט פליאַסקעדריי־נעס — איך בין געהיילט...

---

## V.

### דער רעווורענד אויף יענער וועלט.

איך בין געשטאָרבען. (ברוך דין אמת) קיין אינגערער פון מיר זאָל ניט שטאַרבען, קיין שטאַרקע יסורים האָב איך ניט, וואָס איך בין געשטאָרבען, ווייל איידער אזאַ געמוטשעט לעבען, ווי איך האָב אויף אייער וועלט פער־בראַכט, איז מיר שוין ליעבער דער טויט.

ביי אייך האָב איך מיך דאָס גאַנצע לעבען געפּלאָגט אויף אַ שטיקעל ברויט און איך בין אימער הונגעריג געווען; דאָ וועניגסטענס דאַרף מען ניט עסען און דאָס איז דאָס גרעסטע גליק פאַר אַן אָרימאַן.

אייגענטליך איז איבערהויפּט אַ דומהייט, וואָס אייערע לייטע האָבען מורא פאַר'ן טויט — דאָ איז פיעל לעבעדיגער און לוסטיגער איידער ביי אייך. ווי איהר וועט זעהן פון מיינע בעריכטע אַלע וואָך, וועט איהר זיך איבערצייגען, אַז איך פערברענג די צייט זעהר אינטערעסאַנט.

אָנפאַנגס אַלס עהרליכער איד האָב איך מיר געשטופּט צום גן עדן, ווייל איך האָב גערעכענט, אַז דאָרט איז דאָס רעכטע לעבען, און מיט מיינע חסידישע עלענבויגענס האָב איך מיך אַריינגעשטופּט אהין.

אָבער איך בין פּשוט פערשעהמט געוואָרען, ווייל דאָרט איז זאָ לאַנגווייליג, ווי אויף אַ אידישען באָלל און קאָנצערט, אַלע גענעצען און זוכען מיט וואָס זיך צו אונטערהאַלטען. איי וואָס מען שטופּט זיך? דאָס איז קיין פראַגע, אַלע אייערע מענשען קומען אהער מיט דער געוואָהנהייט זיך צו שטופּען, וואו עס איז לאַנגווייליג, ווי אין די קירכען, אין טהעאַטער, און גראָד וואו עס איז אינטערעסאַנט, צום ביישפּיעל אין באָד, שטופּט זיך גאָר קיינער ניט.

איך האָב אָבער אויף דיזע גרינהאָרנס ניט געקוקט און האָב מיך באַלד אַרויסגעכאַפּט פון דאָרט אין גיהנום אַריין.

דאָ ברידער איז אַ לעבען ווי אין אַ אידישע רעדאַקציע. מען שרייט, מען ליאַרעמט, מענער, פרויען, בחורים מיט מיידלעך אַלע דורכגעמישט דורך איינאַנדער, און דאַן איז גראָדע אָנגעקומען עפּעס אַ גאַנצער טראַנספּאָרט גרינע פון אייער וועלט, און כביכול האָט זיי גענומען צום עקזאַמען אין דעם הימעלשען קעסעל גאַרדען.

דאָ האָב איך געטראַכט וועט זעהר אינטערעסאַנט זיין און אין מאָמענט האָב איך זיך שוין צוגעשטופּט ביז צום שטוהל.

— מה שמך? — האָט דער רבונו של עולם אַ פרעג געטהאָן אַן אַלטיטשקען.

— רעווערענד, שוחט קדושין, מסדר מומחה ומוהל עופות, — האָט דער אידעל געענטפערט מיט פערגלאָצטע אויגען.

— וואָס, טענדראַוואַרענדאַ? — האָט דער אַלטער געשמייכעלט.

— פערשטעהסטו מיר, הארעניו, — בין איך אריין אין דער מיט, — דאָס איז אזא פרנסה, א אידישער קוילער, אייגענטליך א אידישער שניידער, וואָס שניידט גאָרגלען, שניידט ערלות, דאָס הייסט ער צאַפּט בלוט, צאפּט געלד פון אידען, דאָס הייסט ער טהוט גאָרנישט און לעבט אויף קהל'שען חשבון, דאָס הייסט א רעווערענד...

— שטיל ! — האָט מיר דער שטן א שלעפּ געטהאָן פּלוצים ביין ארבעל. — דו שיינסט מיר אויך צו זיין א גרינהאָרן דאָ אין הימעל און דו געהסט שוין צוגעהמען מיין דזשאב. — דעם רעווערענד אליין האָט ער אויך ניט צוגעלאָזט זיך צו פערטהיידיגען און האָט אליין אָנגעהויבען מיט א ברענענדע שפּראכע, אז עס איז געגאנגען פון זיין מויל שוועבעל און פּעך :

— דו גאָט פון דין און משפּט ! שוין פיעל מאָל האָב איך דיר ערקלעהרט, וואָס די רבנים אין יוראָפּ טהוען אָפּ פּאר אקטען, אָבער די רעווערענד מכּה אין אמעריקאָ איז א מכּה אשר לא כתובה בתורה און האָט גאָר קיין רפואה ניט. רעווערענד רופט זיך ביי זיי אין אמעריקאָ ניט נאָר א רב, וואָס איז געזעצט פון דער שטאָדט צו פּסק'ענען שאלות, דין תורות און אכטונג געבען אויף אידישקייט, נאָר יעדער בטלן, יעדער עם־הארץ, וואָס וויל ניט ארבייטען אויף א לעבען צו מאכען, יעדער באנדיט, וואָס וויל לעבען אויף קהל'ס רעכ־נונג, יעדער גראָבער יונג, וואָס קען ניט קיין צלם פּאר קיין אלף, דער ווערט א רעווערענד, אָהן קבלה וואקסט ער אויס א שוחט, אָהן תורה וואקסט ער אויס א דרשן, אָהנע צו לעהרנען ווערט ער א מוהל, און אָהן זינגען און אָהן עברי ווערט ער א חזן, און אין דער לעצטער צייט טרייבען דיזע ליידיג־געהער זאָ ווייט, דאָס יעדער שדכן, יעדער פּאקטאָר, יעדער אדווערטייזינג איידזשענט נעהמט זיך שוין אויך דעם טיטעל רעווערענד, און מען בעשווינ־דעלט דאָס דומע פּאָלק אונטער דער רעווערענד מאסקע, און דאָס דומע פּאָלק מאכט גאָר קיין שאלה ניט, אבי דער רעווערענד צייגט נאָר א קארד מיט דעם נאָמען רעווערענד.

— דיזע רעווערענדס פערברייננגען מייסטענס די נעכט אין קאָרטען שפּיעלען, אין די קאפּע הייזער, אָדער זיי געהען אום אויף די קאָרנערס זעהן, וואו עס שטעהט א באָי מיט א סוויט־הארט אום ער זאָל כאפּען דעם סדור קדושין. דיזער רעווערענד לעבט גוט מיט א פּאאר באָבעס, דיזער געהט אליין נאָכקוקען ביי וועלכע נשים צדקניות דער פּארטנער איז העכער פּאר'ן נאָז,

אום צו האָבען אַ ברית׳ל. דיזער רעוורענד דרעהט זיך אַרום אַלע קורעלאָפּ־ניקעס און שלעפּט יעדע אידענע, וואָס קויפט אַ טשיקען, זי זאָל עס ביי איהם שוין קוילען. דיזער רעוורענד... אָבער גענוג מיט זיי, דו הארציגער אל קנא, גיב מיר רשות און איך וועל זיי אַלע אַ נעהם טהאָן אין אונזערע פּאַלטער קאַמערען פון די שבעה מדורי גיהנום, אבי זאָל דיין פאָלק פון זיי פּטור ווערען....

וואָס זאָל איך זאָגען, ליעבער הערר רעדאַקטאָר, איך האָב דאָך שוין ביי איך געהערט גענוג פּאָליטישע רעדנער, סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע, אָבער אזא מויל ווי דעם שטן׳ס האָב איך ביים לעבען ניט געהערט. אַלעס איז געגאַנגען אין איין אָטהעם און דייטליך, ער האָט ניט איבערגעזאָגט איין וואָרט צוויי מאָל, ער האָט זיך ניט פערהוסט, ער האָט זיך ניט געדרעהט און ניט געזונגען, נאָר ער איז געשטאַנען ווי אַ ליכט און זיין קול איז געגאַנגען ווי אַ דונער ביז צו ענדע.

— נון ! — האָט דער רבונו של עולם געזאָגט צום גרינעם רעוורענד, — ביזטו מאקע געווען אַ רעוורענד אין אַמעריקאַ ?

— יעס סער — האָט דער רעוורענד געציטערט מיט זיין גאַנצען קערפּער.

— ווי אַזוי האָסטו דאָס געוואַגט, דו שאַרלאַטאַן, צו זיין מיין פער־טרעטער ביי מיין פאָלק ? האָב איך דיך געשיקט צו זיי ? האָסטו כאָטש עטוואָס געלעהרענט פון מיין תורה ? האָסטו אַליין געהיט מיינע מצות ? זעה, קוק אין ספר הזכרונות פון דיינע מעשים, זעה וואָס פאַר אַן אונמאָראַלישען לעבען דו האָסט געפיהרט, וויפיעל מאָל דו האָסט ניט גערדאַוועט, האָסט קיין אָרימע לייט קיין נדבה ניט געגעבען, דו האָסט דיין ווייב טיראַניש בעהאַנ־דעלט און מיט פרעמדע געמאַכט חן׳דלעך, האָסט ליגען געזאָגט, געחנפ׳ט יעדען מענשען. און דו געהסט זיין דער פערמיטלער צווישען מיר און מיין פאָלק ? אָה ! דאָס איז שוין צופיעל. באַלד זאָל מען איהם....

— אה ! אל מלא רחמים ! — האָט דאָס רעוורענד׳ל אויסגערופען מיט שרעק. — האַלט איין דיין צאָרן ! זיי מוחל מיר זינדיגע בעטעפּענים. אין יוראָפּ אין מיין פאָט־שטאָדט וואָלט איך דאָס געוויס ניט געטהאָן און וואָלט געבליבען שוסטער, ווי איך בין געווען, אָבער דאָרט איז דאָך דאָרויף אַמעריקאַ, און אַמעריקאַ....

— שמיל! — האָט כביכול אויף איהם אַ געשריי געטהאָן. — דאָס איז דיין פערטהיידיגונג, ווייל דו ביזט געווען אין אַמעריקאַ? וואָס איז אַמעריקאַ? איז דען אַמעריקאַ ניט אויף מיין וועלט? האָסטו דען אין אַמעריקאַ ניט געלעבט צווישען מיינע בעשעפענים? זיינען מיינע שעהנע געזעצע ניט געגעבען פאַר אַמעריקאַ אַזוי ווי פאַר יוראָפּ? ווער האָט עס דיר געזאָגט, אַז אין אַמעריקאַ דאַרף מען קיין געוויסען ניט האָבען? אַז אין אַמעריקאַ מעג מען לעבען פון שווינדעל און בעטרוג? וואַרט! דו זאָלסט איצט דערפיהלען מיין שווערע שטראַפע.

און ווי כביכול האָט נאָר אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „שטראַפע“, האָט זיך באַלד פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען הימעל אַ שרעקליכער רויך, ווי פון אַ קאַלך אויווען און עס האָבען אָנגעהויבען פליהען קליינע קינדערלעך, וואָס זיינען דורך דעם רעווערענד'ס מל זיין געשטאָרבען דורך בלוט פערגיפטונג; געקויילעטע טשיקענס, וואָס האָבען נעבעך געפּאַטשט מיט די פליגעל און ניט געקענט שטאַרבען, ווייל ער האָט זיי נים דערקוילעט מיט זיין שטשערע־באַטען הלפ'ל; יונגע ווייבלעך מיט אונטערגעשלאָגענע אויגען פון שכור'ע מאַנען, פערהושך'טע מענער, וואָס זייערע ווייבער האָבען זיי פערנאַכלעסיגט צוליעב די באָרדערס, וועלכע דער רעווערענד האָט צוזאַמענגעשדכנ'ט, דאַן ערשט האָבען אָנגעהויבען צו פליהען צובראָכענע עברי ווערטער, וואָס ער האָט זיי געמאַכט פאַר קאַליקעס ביים עמוד, פאַלשע לאָטעריי צעטלען, וואָס ער האָט פערקויפט זיינע שוהל־מעמבערס, צוריסענע דאָלאַרס וואָס ער פלעגט נעהמען ביי די דייטשע טשאַריטיס, צוריסענע פּעסלעך קאָרטען, וועלכע ער פלעגט מישען ביי נאַכט אין קאַפע הויז, אָבגעריסענע סיגאַרעטלעך, וואָס ער פלעגט אַוועקוואַרפען שבת אין וואָטער־קלאָזעט, אַלעס האָט זיך געמישט און געדרעהט אין דעם געדיכטען רויך אַרום דעם רעווערענד.

דער רויך איז אַלץ געוואָרען געדיכטער און רויטער און פּלעצליך האָט דיזער כאַאָס אַ כאַפּ געטהאָן דעם רעווערענד, אויך זיינע קולות האָבען געשפּאָלטען דעם הימעל, און ווען אַלעס איז ווידער רוהיג געוואָרען, האָט מען דערזעהן דעם אָפּענעם גיהנום און אויבען גאַנץ ווייט איז געשטאַנען אַ קעסעל בלוט פון די מילה'ס מיט די טשיקענס און דער אונגליקליכער רעווערענד האָט זיך געקאָכט דרינען.

---

# VI.

## רעווערענד דר. אויסטער.

עס פרעגען פיעלע מענשען, ווארום גיבט עס פיעלע אויסשטודירטע דאָקטוירים, אינזשינירען און אדוואָקאטען, וועלכע זיינען זעהר פראָמינענט אין זייער פאך, דאָך בלייבען זיי פאנאטיש, רעליגיעז, דום מיט פאַראור־טהיילע און פרעמד פון פאָרטגעשריטענע אידעען?

ביי מיר איז דאָס גאנץ פשוט. זיי האָבען אויסשטודירט זייער פאך און זיינען גוטע שוסטערס, אָבער עס האָט זיי געפעהלט אין זייער לעבען „דער שטארקער קלאפּ“ וואָס עפענט דעם מוח...

טויזענדער פערהעלטניסע לעבען מיר אָפּט דורך אָהן דעם גרויסען איינ־דרוק, וואָס ענדערט אונזער דענקונג ארט, און איין אומשטאנד מאכט א מאָל אזא שטארקע ווירקונג אויף אונזער הערץ און געהירען, אז דאָס ענדערט אלע אונזערע געזינונגען, מיר ווערען מיט איינמאָל נייע מענשען, אלע פאָראור־טהיילע פערשווינדען און די גאנצע וועלט ערשיינט אונז אין גאנץ אנדערע קאָלירען, דאָס הייסט, אונזער הארץ און מוח האָט זיך געעפענט, און זעלטען, זעלטען אים לעבען ווערט עס צוריקגעשלאָסען...

דיעזער „שטארקער קלאפּ“ פעהלט אָבער ביי פיעלע געלעהרטע, איבער־הויפּט ביי די רעפאָרמירטע רבנים.

וואָס פאר א מין חיה א רעפאָרמירטער רב איז, ווייס איך נאָך ביז יעצט ניט. א לייב בומט, א טיגער ברילט, א וואָלף רייסט מיט די צייהן, א היענע מיט די נעגעל, אן אָדלער מיט'ן שנאָבעל אָדער מיט דער לאפּע, א מענש מיט וואפען... אָבער א רעווערענד־דאָקטאָר בענוצט ניט די צייהן, ניט די נעגעל, ניט קיין שארפע וואפען, אדרבא, די נעגעל זיינען זאָרגפעלטיג ארומגעפּוצט, די צייהן אזוי שעהן פערגאָלדעט, די שטימע אזוי גלאט און עלאסטיש, און דאָך, און דאָך רייסט ער שטיקערווייז פון דער רעליגיאָן, נאָך גרעסערע שטיקער פון פראָגרעס און נאָך גרעסערע שטיקער פון זיינע צאן קדשים.

מיין רעווערענד דאָקטאָר אויסטער שלינגט נאָך איין 12 טויזענד דאָלער א יאָהר געהאלט, 1000 דאָלאר א מאָנאט, 250 דאָלאר א וואָך און פארוואָס?

נון טאָקע פרעג איך אייך, וואָס אייגענטליך איז די מיסיאָן פון אַ רעפאָרם־ראַבאַי? אפשר ווייסט איהר?

איין אָרטהאָדאָקסישער רב נעהמט געהאַלט (אַז אָך און וועה!) פאַר פראָטעקטען די אידישע רעליגיאָן, אַ גלח (שוין קיין מעשה ניט) פאַר די גויעשע אמונה, אַ פראָפעסאָר פאַר אַ געוויסע וויסענשאַפט, אַ היצעל פאַר כאַפּען הינד, אַ פּאָליסמאַן פאַר קלאָבען אונשולדיגע און לאָזען לויפען גנבים, אַ סענאַטאָר פאַר מאַכען (די פּותיקאַ) געזעצע, אַ פּרעהליכע — פאַר מאַכען פּרעהליך, אַ כלי זמר פאַר מאַכען טאַנצען... אָבער אַ רעפאָרם־ראַבאַי, פאַר וואָס קומט איהם טויזענדער? רבונו של עולם, פאַר וואָס?

די רעליגיאָן פערדאַרבט ער, קיין וויסענשאַפט פערשטעהט ער ניט, ער איז ניט קיין איד, ער איז ניט קיין גוי, שפּיעלען קען ער ניט (העכסטענס קאָרטען), טאַנצען וויל ער ניט...

שאַ, זעהט איהר, ביים וואָרט טאַנצען איז מיר אויפגעלעזט געוואָרען די גאַנצע רעטעניש.

ער נעהמט הפנים דאָס גאַנצע געלד פאַר „טאַנצען“ איין מאָל אין דער וואָך אין דעם הייליגען טעמפעל זאָגענדיג „זיין“ דרשה, וועלכע ער גנב’עט פון אַנדערע, און וואָס קלעפּט זיך איין וואָרט צום אַנדערען ניט, און פון אַלע געפלאָכטענע פּראַזען בלייבט דער קאָפּ זאָ ליידיג ווי פאַר דער דרשה; עס זעטיגט דאָס האַרץ, ווי יום כפור טראָפּענס דעם מאָגען. עס איז עפּעס אַ קאָמעדיע אָהן קאָמיק, פּעטרושקע אָהן זאַלץ, און דערפאַר בעצאָהלט מען 250 דאָלער אַ שטיק!

אָך, דו ליעבער הערר גאָט! ווי גרויס איז דיין אירדען־הויז און ווי פּערריקט זיינען דיינע פּאַציענטען! און זאָ וועניג צוואַנג יאַקען דרין!...

אין מיין פּוסטען קאָפּ פּאָטויפּעט זיך ניט איבערהויפּט אייער מענש־ליכע לאָגיק, נאָר וואָס זאָג איך מענשליכע, דאָס פּאָלק ווייס דאָך איבערהויפּט ניט קיין טאָלק, דער עולם איז אַ גולם, אַ מזוזה אָדער אַ צלם, גוה דערציעהל איהם מיט וואָס עס איז איהם וואויל, אָבער די אויפגעקלעהרטע: וואָס פערשטעהען זיי אונטער רעפאָרם אין רעליגיאָן?

איז רעליגיאָן הייליג, ווייל גאָט דער בורא וויל אַזוי, דאַרף דאָך די „אַלטע רעליגיאָן“ זיין טהייער, וועלכע מען גלויבט אַז גאָט האָט נעגעבען, ניט די וואָס יעדער ראַבאַי פאַבריצירט צו אָרדער.

איז רעליגיאָן הייליג, וואָס האָט געבראַכט ליכט און מאָראַל דער מענש־הייט, דאַרף דאָך די „אַלטע רעליגיאָן“ זיין טהייער, ווייל זי איז דאָס אַלטע היסטאָרישע אַנטיק, אָבער ניט די נייע קאָקעטקע וואָס האָט קיין אָריגינאַ־ליטעט, נאָר זי קרימט זיך נאָך דעם קריסטענטהום.

זוכען זיי ריינליכקייט? דאַכט זיך האַלב פון דער אַלטער רעליגיאָן בעשעפטיגט זיך ספּעציעל מיט ריינליכקייט, ווי גאַנץ סדר נשים, קדשים, טהרות...

זוכען זיי די ביבעל? דאַכט זיך דער קלענסטער אידישער מלמד’ל פער־שטעהט מעהר חומש ווי די גרויסע פּרעדיגער.

זוכען זיי ניט צו פערליערען די ווייבער אין דער צייט פון דעם דאַוונען? דאַכט זיך, אַז עס קאָסט פיעלע פון זיי שווערעס געלד פון זייערע ווייבער פּטור צו ווערען, אום מיט די קעבס־ווייבער צו פערברייננגען.

זוכען זיי די רעפאָרם, אום פון דער רעליגיאָן פּטור צו ווערען? ווער צווינגט זיי? מען האָט מיר דערצעהלט, אַז עס גיבט אַ סך אָרטהאָדאָקסישע אידען, וואָס דאַוונען ניט און וואַשען זיך ניט צו אויסטערס.

גענוג, אַז די רעפאָרם האָט קיין אורזאַכע און בערעכטיגונג צו איהר עקזיסטענץ, און אפילו איך שלימזל, וואָס איך בין אַן אפּיקורוס, בין איך אויך שטאָלץ דערמיט, וואָס איך בין איין אָרטהאָדאָקסישער אפּיקורס און ניט קיין רעפאָרמירטער אפּיקורס...

אָבער ווי די מעשה איז מיט דער רעפאָרם, מיין יעצטיגער באָס ראַבאי דאָקטאָר אויסטער פיהלט זיך גאַנץ גוט אין זיין קאַריערע, נעהמט געלד אַ סך און טהון טהוט ער גאָר נישט.

הבטלה אב כל חטאת, דאָס ליידיג־געהן איז די אורזאַכע פון פיעלע זינד, זאָגט ערגעץ אַ חכם, און מיין רעווערענד ווערט פּשוט משוגע פון ליידיג־געהן, און דערפאַר זוכט ער אַלע מיטעל די צייט צו טויטען:

דאָ האָט זיך געגרינדעט אַ צער בעלי חיים חברה פון אַלטע מיידען צוליעב זייערע שעהנע מאָפּסלעך, אהא! מיין ראַבאי איז דער פּרעדיגער און אָניטאַטאָר..

דאָ רודערט זיך אַ וועלט מיט סאָציאַליזמוס און אַנאַרכיזמוס, אהא, מיין ראַבאי דרש’נט שוין אריין דעם גאַנצען אַנאַרכיזמוס אין דעם פּסק ובני דן חושים.

דאָ קומט דר. הערצעל מיט א אידען־שטאַאט, אהא, מיין רבי פערגעסט גאָר, אז ער האָט ארויסגעוואָרפען פון זיין סדור דעם ותחזינה עינינו בשובך לציון און פּרעדיגט פייעריג פאַר'ן ציוניזם.

דאָ גיסט ער אויס די גאַל איבער די רוסישע שנאָרער אין דעם דייטשען פעדלער טעמפּעל „עמנו ככה" און דאָ זאָגט ער שירים ותשבחות איבער די רוסישע אידען אין בערדיטשעווער שוהל.

דאָ הויבט ער מיט שטאָלץ ביז אין הימעל דעם דזשודאַיאיזם און טאַקע באַלד צייגט ער אז דזשיזוסעס לעהרע איז ליעבע און גערעכטיגקייט.

קורץ, מיין ראַבאַי האָט א סך צייט און א גרויסע אמביציאָן צו הענגען אויפ'ן עפּענטליכען הענגלייכטער, א סך הוצפּה און ווענינ געהירען און איז פול איבעראַל און איבעראַל ווערט ער עמפּפאַנגען מיט גרויס כבוד און מיט נאָך גרעסערע אדווערטייזמענטס, ניט חלילה ווייל די איינלאַדערס גלויבען אין איהם, נאָר פּשוט בעסער צו פּושען זייערע אונטערנעהמונגען מיט דעם וואָרט דאָקטאָר אין זייערע אנאָנסען.

---

## VII.

### די טיטעל־מכה.

„האחיך יצאו למלחמה ואתה תשב פה ?" (דיינע ברידער זיינען ארויס־געגאַנגען אין דער מלחמה און דו זיצט גאָר דאָ ?). גראָד אָט דער פּסוק איז מיר היינט, אויפשטעהענדיג פון דעם שלאָף, איינגעפאַלען, אבער אין דער א י י נ צ א ה ל, ניט אין דער מעהרצאהל, ווי ער שטעהט אין דער תורה, און ווען איך האָב מיך געוואונדערט וואָרום אין דער איינצאהל ? האָב איך מיך עראינערט, אז דאָס איז מיר געקומען פון דעם ארטיקעל „רעוורענד־מכה", וואָס איך האָב געלעזען אין א צייטונג.

— סטייטש ! — האָב איך געטראַכט — איך בין דאָך אויך עפּעס א שטיקעל פייטער, צוואָר ניט מיט'ן קולאַק, נור בלויז מיט דער פעדער. אבער וואָרום זאָל איך אויך עפּעס ניט זאָגען א וואָרט וועגען די „רעוורענד־מכה", אָבי העלפען מלחמה־האַלטען מיט די רעוורענדס ?

דאָ האָב איך באַלד אָנגעגאָסען פרישע טינט אין מיין טינטער אריין, אויסגעקליבען אַ נייע פעדער, גענומען אַ גרויסען בויגען פּאַפּיער, פערקאַשערט ביידע ארבעל און — איבער׳ן פּאַפּיער. אבער עס געהט ניט. איך קען אפילו ניט איין שורה אויפשרייבען, ווייל טויזענדער פראגען האָבען זיך מיר אַ שאָט געטהאָן אין קאָפּ.

1) סטייטש, ווי וואגט עס אַ גראָבער יונג, אַ שווינדלער, אַ בעטריגער זיך צו רופען רעווערענד?

2) אונטער׳ן וואָרט רעווערענד פערשטעהען מיר געוועהנליך אַ רב, אַ דרשן, ווענינגסטענס אַ חזן. ווי קומט אָבער יעדער קהל׳שער באָק, יעדער קאָכלעפעל, יעדער לעדיגגעהער זיך צו רופען רעווערענד?

3) אַז איינער רופט זיך שוין רעווערענד, ווארום זאָל ער ניט געדענקען זיין נאָמען און זיך אנשטענדיג אויפפיהרען?

4) ווארום זאָל ער טהון ערגערע מעשים פון איינפאַכע מענשען, וואָס האָבען ניט קיין טיטעל? ווארום זאָל ער מיט זיינע טהאַטען ברענגען שאַנדע אויף כל ישראל?

אַלזאָ כסדר, וואָס ווילען מיר אייגענטליך פון די רעווערענדס? יעס, ענטוועדער, אַז זיי רופען זיך רעווערענדס, זאָלען זיי זיך אַנשטענדיג אויפ־פיהרען עס זאָל ענטשפּרעכען זייער נאָמען; אָדער, ווען זיי קענען ניט זיין קיין אַנשטענדיגע מענשען, זאָלען זיי זיך ניט רופען רעווערענדס.

אַ יאַ, דאָס מיינט דער עולם.

אבער דאָ ענטשטעהט אַן אנדער פראגע:

וואָס זיינען מיר גראַד אָנגעפאַלען אויף די עלענדע רעווערענדס? וואָס אַטאַקירען מיר גראָד די געמיינע מענשען נעבעך, וואָס זוכען צו פערדעקען זייערע אָרימע כאַראַקטערע אונטער׳ן טיטעל רעווערענד? זיינען זיי די איינציגע שווינדלער אין אַמעריקא, וואָס בעטריגען דאָס פאָלק אונטער אַ טיטעל?

און וואָס הערט זיך מיט די טויזענדער שווינדלער, וואָס רויבען און מאָרדען אונטער דעם טיטעל „דאָקטאָר“?

און וואָס שווייגט איהר די טויזענדער אונפערשעהמטע גראָבע יונגען, וואָס פערשטעקען זיך אונטער דעם טיטעל „פּראָפעסאָר“?

און וואָס הארט אייך ניט די מאַסע בעטריגער, וואָס בעדעקען זיך מיט'ן טיטעל „פּרעזידענט“?

און וואָס רעדט איהר ניט עפּעס אויף די טויגעניכטסען, וואָס בעפּוצען זיך מיט'ן טיטעל „אויטאָר“ (פּערפאַסער)?

און וואָס פערגעסט איהר עפּעס די האָלסייל שאַרלאַטאַנעס, וואָס טראָגען קאָקאַרדעס מיט'ן טיטעל „פּאַטריאָטען“?

און פּאַר וואָס לאָזט איהר זיך שערען און מעלקען פון די פרומע שופטען, וואָס בעטיטלען זיך מיט דעם נאָמען „פילאַנטראָפּ“?

און וואָס גערט איהר, ווי אַ קוה אין דער טשערעדע, ווען עס פּייפען אייך אָן די שכורים אונטער'ן טיטעל „פּאָליטישענס“?

און טאַקע נאָך אַמאָל דאָס אייגענע:

זעהט איהר ניט יעדען טאָג אַ העלפער פון אַ קליין־שטעדטעלשען חזן, וואָס בעקומט אַ קהילה פון 17 יהודים און שרייבט זיך: „דאָקטאָר, שייכעט, מייהעל, ומיסאַדייר קעדושעין“?

זעהט איהר ניט אַ היימישען קאַנאָוואַל, אָדער צירולניק וואָס שרייבט זיך: :דאָקטאָר, אַקושאַר, ורופא חולי אהבה?

זעהט איהר ניט אַ היימישען טענצער פון אַ קאַזאַצקע, וואָס רופט זיך דאָ „טאַנץ־פּראָפעסאָר“? אַ היימיישען פּורים־שפּיעלער, וואָס רופט זיך דאָ „ביהנען־פּראָפעסאָר“? אַ היימישען ישיבה בחור, וואָס רופט זיך דאָ „ליטעראַטור פּראָפעסאָר“? אַ היימישען צימבלער, וואָס רופט זיך דאָ „מוזיק פּראָפעסאָר“?

און וואָס איז מיט יעקעלע שכור, וואָס ער מאַכט אַ סאַלון און צונלייך אַ חברה שכורים, וואָס דאַווגען אין זיין סאַלון און בעטיטעלט זיך „פּרעזי־דענט“ און „עקס־פּרעזידענט“?

און רוסישע בעהעלפערס, וואָס שרייען אויף יעדען שריט „פּאַרשיווי זשידי“, „זשידאָווטשינא“ און די זיינען די רעטער פון דער אידישער מאָראַל אונטער דעם נאָמען „אויטאָר“ פון אידישע לעבענס־בילדער?

און וואָס בלייבט מיט יענע גרינהאָרנס וואָס שפּאַציערען איבער איסט בראָדוויי מיט דער רוסישער שפּראַכע און שטאָלצירען מיט'ן „קאַק טעביע אוגאָדנא“, און דאָך זיינען זיי מעמבערס פון אידישע פּאַטריאָטישע פעראיינען, וואָס זאָרגען פּאַר שיבת ציון?

וואָס האָט איהר זיך אַלזאָ גענומען גראד צו די בידנע אָרמזעליגע רעווערענדס ?

ווארום פערגעסט איהר, אז אמעריקא איז א וועלטטהייל, וואָס ליעגט אויף דער איבערגעקעהרטער זייט פון דער וועלט, ד. ה. אמעריקא איז אַן עולם הפוך, אמעריקא איז א וועלט פון איבערקעהריכטס, איבערקעהרעניש, און אַלעס איז דאָ איבערגעקעהרט מיט'ן אונטען ארויף ?

אין יוראָפּ ג י ט מען א טיטעל; דאָ נ ע ה מ ט מען א טיטעל אליין.

אין יוראָפּ קומט א טיטעל לויט ווי דער מענש האָט זיך פערדיענט געמאַכט; דאָ זיינען דעם מענשענס פערדיענסטען לויט דעם טיטעל.

אין יוראָפּ זיינען פריהער די טהאַטען, דערנאָך דער טיטעל; דאָ איז פריהער דער טיטעל און די בייזע טהאטען דערנאָך. אין יוראָפּ איז א טיטעל א יחוס און איז זעהר פיעל ווערטה, אבער מייסטענס ווייניג איינ־טרעגליך; דאָ איז א טיטעל א שאנדע, קאָסט ניט א פעני און טראָגט אָפּט איין זעהר פיעל.

אין יוראָפּ איז א ווערטעל: „טיטעל אָהנע מיטעל"; דאָ איז דער טיטעל א מיטעל צו יעדע שווינדעל.

אין יוראָפּ האָבען טיטעל די בעסערע קלאַסע מענשען; דאָ כאַפּען זיך צו טיטעל די ניעדריגסטע קלאַסע מענשען.

און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך: אין יוראָפּ קאָסט א טיטעל טהייער, איז ניט יעדען לייכט צוצוקומען דערצו, דאָ אין אמעריקא וואַלגערט זיך א טיטעל אויף דעם מיסט, בעקומט עס יעדער שמוציאַן אומזיסט.

אַלזאָ, דאָס אַלעס פערגעסט איהר, און פערגעסט צוגלייך, אז ניט אונטער'ן טיטעל רעווערענד אליין בעהאַלטען זיך די שווינדלערישע נאַטורען, נור אונטער יעדען טיטעל.

און דארום ווען איהר ווילט אויסהיילען די „מכת רעווערענד", מוזט איהר איבערהויפּט אויסהיילען די „טיטעל מכה": דאָקטאָר־מכה, פּראָפעסאָר־מכה, פּרעזידענט־מכה, אויטאָר־מכה, פּאַטריאָט־מכה, פילאַנטראָפּ־מכה, פּאָליטישען־מכה און אזוי ווייטער.

אבער דיזע מכה, אָדער מכות, צו היילען, איז ניט צו קריטיזירען דעם וואָלף, דעם טיגער. די רויבערישע נאַטורען פערשטעהען ניט זיך צו שעהמען פאר קריטיק.

ווען איהר ווילט היילען די מכה, מוזט איהר היילען דעם קערפּער פון די בערויבטע שעפּסען פון דעם צאן קדשים, וואָס הייסט „פּאָלק“.

לערנט זיי ווי זיך צו היטען פון מענשען מיט טיטלען, צייגט זיי אז אין אמעריקא גיט מען ניט קיין טיטלען, נור יעדער נעהמט זיך אליין. איבערצייגט זיי, אז דער וואָס נעהמט זיך אַ טיטעל, איז עס זיכער, אז דער בעטיטעלטער זוכט אירגענד וועלכען שווינדעל אונטער זיין טיטעל צו טרייבען.

זאָגט איהם אָן, דעם פּאָלק, ער זאָל זיך היטען פון אַ בעטיטעלטען ווי פון פייער, ביז איהר געפינט אויס אז ער האָט דעם טיטעל ווירקליך פערדיענט. ער זאָל אנטלויפען פון אַ טיטעל ווי פון אַ פּעסט. דאַן וועט דאָס פּאָלק געהיילט ווערען פון דער רעוורענד־מכה, פּראָפעסאָר־מכה, דאָקטאָר־מכה און פון אלע מכות און נגעים, פון פּאָקען און מאָזלען און פון אלע מגפות און עפּידעמיען, און דאָס פּאָלק וועט האָבען אַ רפואה שלמה, אמן.

---

## VIII.

### די אידען און די מצות.

די מייסטע אידען געדענקען נאָך, ווען מען באַקט מצות אין דער אלטער היימאַטה, אין דעם זאָגענאַנטען „פּאָדריאַד“; דעם גאַנצען פּראָצעס וועלכע די מצה געהט דורך פון דעם שניידען דעם ווייץ, ביז מיר בעקומען אַ פּאַרטיגען מאכל צום עסען.

דעם זעלבען קאָנוואולסיווען פּראָצעס געהען דורך די אידען זייט זיי זיינען אַ פּאָלק געוואָרען ביז אויף היינטיגען טאָג אין דעם וועלט־פּאָדריאַד.

מען היט די ווייץ בשעת הקצירה, פון שניידען אָן, מען האלט עס טרוקען עס זאָל חלילה ניט פערנעצט ווערען, כדי עס זאָל חלילה ניט „אויסוואַקסען“, מען כשר'ט די מיהל, די משגיחים היטען עס עס זאָל זיך חלילה ניט אריינכאַפּען אַ חשש חמץ, עס זאָל ניט עטוואָס זויער ווערען, קען עס חלילה בעקומען אַ „טעם“, און מען ברענגט עס אין פּאָדריאַד.

דאָרט אין ווינקעל נעבען אַ פערהאַנגענעם פענסטער, די זון זאָל חלילה ניט אריינשיינען, שטעהט דאָס זעקעל מעהל, מען היט עס ס'זאָל חלילה

ניט „וואָרעם“ ווערן, דער שיטער מיט פּערקאַטשעטע אָרבעל שיט דאָס מעהל אין „מיירע טעפּעל“, מאַכט עס גלייך, עס זאָל חלילה ניט זיין צו פול, דער „וואַסער־גיסער“ גיסט זעהר פאָרזיכטיג זיין טעפּעל וואַסער אַלס „פּן ירבה“, די קנעטערין אַרבייט שנעלביידע עלעמענטען צוזאַמענצודריקען, צוזאַמענצופרעסען עס זאָל חלילה ניט „אויפגעהן“ און גיט עס איבער צום „מיירע האַלטער“.

דער „מיירע האַלטער“ פאַנגט ערשט אָן דאָס ווייטער צו קעהרען, צו קנייטען, צו קלאַפּען עס זאָל ניט וואַקסען אין זיינע הענד און שניידט עס שטיקערווייז און פערטהיילט צו גלייכע שטיקער צו די „וואַלגערער“.

די „וואַלגערער“ מיט זייערע וואַלגער־העלצער העבען אָן די טייג צו דריקען, צו ציהען, צו מאַכען עס דין און צו געבען אַ פאָרם און עס קומט אַרויס פון זייערע הענד שפּיציג און צוריסען, אַבי שנעל, עס זאָל חלילה ניט אַנפאַנגען אויפצוגעהען אין זייערע הענד און זיי גיבען עס איבער צום „רעדלער“.

דער רעדלער אָדער שטופּלער צייגט ערשט זיין גרויסע קונסט און פאַנגט ערשט אָן מיט אייזערנע וואָפען מיט זיין רעדעל מיט די שפּיצינגע אייזערנע צייהן צו רעדלען און צו שטעכען דעם אָרימען שטיקעל טייג, וואָס עס זאָל חלילה ניט אויפגעהן, ניט „וואַקסען“, ביז ער גיט עס קונסטפאָל אַ וואָרף צום „זעצער“ אויף דער לאָפּעטע.

דער „זעצער“ ווייזט ערשט זיין קונצליכע גבורה און לאָזט די מצה ניט וואַרעמען, נור ער וואַרפט זי גלייך אין גיהנום הייסען אייוועו און קעהרט זי שנעל איבער, בעסער ברענען די זייטען איידער עס זאָל חלילה בלייבען רוי און אויפגעהן, און כאַפּט שנעל אַרויס, וואַרפט אין דעם ווייסען ליילעך, וואו זי ווערט מייסטענס צובראָכען און זעלטען קומט איינע אַרויס גאַנץ.

די „טרעגער“ כאַפּען דעם פּאַק מצות, מען טראָגט עס שנעל און צוגע־דעקט, עס זאָל חלילה ניט כאַפּען אַ זונען־שטראַהל אָדער אַ רעגען־טראָפּען, עס זאָל ניט אויפגעהן, און מען גיט עס איבער די הויז־פרוי.

די כשר'ע בעל־הבית'טע נעהמט די נאָך געבליבענע גאַנצע און לייגט זיי און שטויסט זיי, מאַכט פון זיי פאַרפעל און שטויב, און בעהאַלט עס ווייטער פון דעם אויג, די חמץ'דיגע מאכלים זאָלען זיך צו זיי ניט צוריהרען.

ענדליך קומט דער מלך בכיפה צום סדר. ער פאַנג ערשט אָן מיט געזאַנג

און כּוֹנה בּרעכען שטיקער, בּעהאַלטען אירגענד אין דער פינסטער צו קייען זאַטערהייד, צו טהיילען שטיקערווייז צו דער פאַמיליע, און מען היט עס אָלץ ניט צו בּענעצען, עס זאָל נאָך אויף'ן טיש שוין, חלילה ניט אויפגעהן, ניט זויער ווערען, קיין טעם ניט בּעקומען...

ווען מיר נעהמען יעצט די אידישע געשיכטע, זעהען מיר כּמעט אין גאַנצען די זעלבּע פּראָצעדור, ווי מען בּעאַרבּייט דעם אידען צווישען די פעלקער מיט אַ קאָנוואולסיווע פּראָצעסיאָן, ער זאָל חלילה ניט אויסוואַקסען, ניט אויפגעהן און בּעקומען אַ טעם.

נעהמענדיג די אידישע היסטאָריע, בּאַלד ווי זיי זיינען געקומען צו פּרעה אין מולטער מצרים, ווי מען האָט זיי געקנעטען מיט ליים און ציגעל, איינגעמויערט אין די שטיינערנע ווענד, געוואָרפען זיינע זכרים אין וואַסער, אַלס „פּן ירבּה“....

ווי דו בּיזט איבּערגעגאַנגען אין די הענד פון די מיירע האַלטער נבוכדנצר, סנחרב א. ז. וו., און מען האָט דיך פערטהיילט אַלס טייגלעך צו להלח און חבר, אשור, מדי און פּרס, וועלכע האָבּען געוואַלגערט, געצויגען און איבּערגעגעבּען אין גלות בּבל, וואו מען האָט פון דיר געריסען שטיקער, געלעכערט, אַלס זאָלסט חלילה ניט אויסוואַקסען.

דאָן צו די רוימער, וועלכע האָבּען דיך געראַדעלט, געשטאָכען און געמאַכט פּאַר אַ לעבּערדיגען שאַרבּען.

דאָן בּיזטו איבּערגעגאַנגען צו שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, וועלכע האָבּען דיך געבּרענט און געבּראָטען אין דעם הייסען אייוועז פון דער אויטאָ־דאַ־פע און אַלע מערטירער אַרטיקלען פון דער אינקוויזיציאָן.

דאָן בּיזטו איבּערגעגאַנגען אין די הענד פון די גשר'ע בּעלי־בּית'טעם אין אַרבּע פּנות עולם, ווי דייטשלאַנד, פּוילען א. ז. וו., און מען האָט דיר געשטויסען אין די שטופּעס פון דער היידעמאַטשינע פון חמעלניצקי, גזירות ת"ח ות"ט, גזירת פּראַג... מען האָט דיך געבּרעקעלט, געשטיקעלט, אַלס דו זאָלסט חלילה ניט אויפגעהן, ניט אויסוואַקסען.

בּיז דו בּיזט ענדליך אין דער געגענוואַרט געקומען צום רעכטען סדר, פון דעם איבּערגאַנג פון 19טען אין 20טען יאָהרהונדערט, האָט מען ערשט רעכט אָנגעפאַנגען די פּאָגראָמען מיט זינגען און זאָגען די הגדה אין מאַראָקאָ, רוסלאַנד און רומעניען, וואו מען שלעפּט דיך פון די פינסטערע גהעטאָס אַלס

אַן אפיקומן, און מען רייסט פון דיר שטיקער, זאָגענדיג דערביי גאַנץ הלל, און אלס זאָלסט חלילה ניט אויפגעהן, און ביי יעדע לייב שמערצען וואָס דיינע ברעכער האָבען, בעשולדיגט מען דיר אלס דעם פעראורזאכער און מען זוכט אָפּפיהר מיטעל צו דיר...

יעצט פרעגט זיך אָבער, איז שוין דער סדר צו ענדע? וועסטו שוין אָנ־פאנגען דיינע ספירה טעג צייהלען און דערלעבען דעם שעהנעם פריהלינג?

וועט שוין ווערען אוים פסח און דיינע מהדרים מן המהדרים וועלען דיך שוין פערגעסען און דיך אָנהויבען בעטראַכטען אלס אלע אנדערע מאכלים, און אמאָל שוין לאָזען דיך אויפגעהן, אויסוואַקסען און קריגען א טעם און א ריח ווי אלע אנדערע מאכלים, דו זאָלסט ווירקליך שוין קענען אניעדערשטעלען א מצה אלס מאָנומענט פון דיין היסטאָרישען לעבען, פון וועלכע יעדעם לעבעלע איז א סימבאָל פון אן אנדער גזירה און בלוט־פערגיסונג און ענדליך אויסרופען גלייך מיט דער מצה: יעצט איז שוין נאָך פסח און מיין פּראָצעס איז צו ענדע!

אָדער גראַד יעצט אין פריהלינג צייט, וואו עס ווערט ווארעם, היים אין אלע הערצער, וואו עס פאנגען אָן די זונען־שטראהלען אריינצודרינגען אין די ניעדריגסטע שיכטען פון די ווילדעסטע פעלקער, וועט ערשט מיט דיר חלילה אָנפאנגען זיך א נייער סדר, א נייער פּראָצעס? ....

ווער וויים? ....

---

# IX

## דער משכיל.

עס זיינען פאַרהאַן א סך מענשען אין אונזער גרויסער וועלט, אָבער ניט אלע קענען אייך אינטערעסירען, דאָס רוב זיינען זיי פארעווע, ניט מילכיג, ניט פליישיג, ניט קאלט און ניט ווארים...

און דיזע זיינען כמעט אין אלע נאציאָנען גלייך. זיינען זיי סוחרים, טראָגען זיי אלע די זעלבע קרעמער־זעעלע אין פראָנט; זיינען זיי ארבייטער — איז ביי אלע גלייך די פער׳חושך׳טע פנים׳ער; זיינען זיי געלעהרטע —

טראָגען זיי אַלע דעם אָנגעקראָכמעלטען שטאָלץ אויף אַנטקעגען... זיי אונטער־שיידען זיך העכסטענס אין זייער שפּראַך.

איין כאַרט מענש, וועלכער איז זעהר אינטערעסאַנט פאַר יעדען, ווער עס האָט נאָר די געלעגענהייט מיט איהם זיך צו בעקענען און וועלכען מיר טרעפען נאָר ביי אונז אידען, אין דער „אידישער משכיל“.

אויב מיר אידען קענען זיך ניט מעסטען מיט די פעלקער אין דעם רעגעלמעסיגען פאָרטשריט פון דער ציוויליזאציאָן, קענען מיר אָבער שטאָלצי־רען געגען זיי מיט דיזען נייעם טיפּ, מיט דעם אידישען משכיל, וועלכער האָט אין די לעצטע 50 יאָהר פון לעצטען יאָהרהונדערט דעם אידען געגעבען אזא שנעלען שטופּ פאָרווערטס, אז דאָס אידישע פאָלק האָט דורכגעמאכט דעם גאַנצען איבערגאַנג פון אַבערגלויבען צו ציוויליזאציאָן, וועלכער האָט ביי די אומות העולם געדויערט פיעלע יאָהרהונדערטע.

א וואונדערבארער טיפּ איז דיזער אידישער משכיל: געבאָרען אין פינסטערע געגענדען פון פערפאָלגונג און אונטערדריקונג, אָהן פרייהייט און אָהן רעגעלמעסיגע ערציהונג, ביי אָרימע אונוויסענדע עלטערען, זיך געוואל־גערט אין שמוציגען ענגען „חדר“, ד׳ על ד׳, אין זיין קינדהייט, אין בית המדרש אונטערן אויוון אין זיין יוגענד, און דאָך, קוים האָט ער נאָר געקראָגען עטוואָס צו געניסען פון דער השכלה, האָט אין דיזען חדר־אינגעל, אין דיזען קלויזניק, אין דיזען ישיבה־בחור ערוואכט דער משכיל, דער יונגער פילאָזאָף, דער יונגער רעפאָרמער, דער יונגער דאָקטאָר, דער יונגער דיפּלאָמאַט, דער יונגער קינסטלער, דער יונגער אידעאַליסט, דער יונגער דענקער און ענדליך, דער טרעגער פון דער אידישער קולטור.

אָבער וויפיעל ליידען זיינען אויסגעשטאַנען דיזע מערטירער אין דיזער קורצער פּעריאָדע, ווי שווער איז זיי געווען זיך ארויסצורייסען פון דער אַלטער וועלט און מיט איינמאָל אַריינוואַרפען זיך אין דער נייער וועלט. זיי האָבען דאָס ניט געקענט טהאָן מיט איין מאָל און האָבען זיך מיהע געגעבען צו פעראייניגען ביידע צייטען, וועלכע גייסטיגע קראַפט זיי האָבען דערביי אָנגעווענדעט, און עס האָט זיי ווירקליך אויך געלונגען, צו ענט־דעקען פאַר דער וועלט די שעהנקייטען פון דער אַלטער אידישער ליטעראַטור, וועלכע גלענצען יעצט אין שעהנע בענדער אין די גרויסע ביבליאָטהעקען.

און זעהענדיג אַז די השכלה הויבט אָן איינגעפלאַנצט צו ווערען אונטער

זייערע ברידער, און דערקענענדיג אז זייער ארבייט איז צו ענדע, האָבען פיעלע פון זיי אָנגעפאנגען דענקען פון זייער אייגענער עקזיסטענץ.

זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזט אויף דער וועלט, אין די גרעסטע שטעדט פון יוראָפּ און אמעריקא, וואו עס זיינען נאָר אָפען די טהירען פון בילדונג, האָבען בענוצט דעם איינפלוס פון אייגענע פריינדע אָדער פון פריינדע דעם יודענטהומס, און האָבען אָנגעפילט די אוניווערסיטעטען, אקאדעמיען, לאַבאָראַטאָריען, סעמינארען און קאָנסערוואטאָריען, און פּלוצלונג וואָס זעהען מיר? דיזע געוועזענע קלויזניקעס זיינען געוואָרען גאונים, זשעניען פון אנדערע נאציאָנען אויך.

נאָר א קליינער טהייל פון דיזע משכילים, וועלכע האָבען שוין געהאט גרויסע פאמיליען צו ערנעהרען, האָבען קיין רעגעלמעסיגען סטודיום ניט געקענט ערררייכען, אָבער דאָך זיינען זיי אויך ניט צו גרונד געגאנגען פאר דעם אידישען פאָלק. דעם אידישען משכיל געפינט איהר אלס די אגיטאטאָרס פון די אויפלעבונג פון דער אידישער נאציאָן, פאר דעם מאָדערנעם ציוניזמוס, דעם אידישען משכיל זעהט איהר אלס לעהרערס פאר די אידישע יוגענד, דעם אידישען משכיל זעהט איהר אלס קריטיקער, אלס הומאָריסט, אלס טהעאטער דיכטער, אלס געשיכטע שרייבער, ערהויבענדיג די אידישע ליטע־ראטור צו דער זעלבער שטופע פון אלע וועלט ליטעראטורען און דעם אידישען נאָך פיעל העכער אלס מאנכע אנדערע נאציאָנען.

די פּאָעזיע פון אידישען משכיל מאכט דעם ארבייטער פערגעסען זיין שווערען טאָג ארבייט, די הומאָר פון דעם משכיל ברענגט א שמייכעל אויף די ליפּען פון א ביזנעס־מאַן, נאָך די הארץ־וועהטאָג פון שלעכטע געשעפטען, דער משכיל שאפט די עפענטליכע מיינונג אונטער אידען, און דאהער קוקט שוין יעצט יעדערער עהרליך דענקענדער מענש, אפילו דאָ אין אמעריקא, מיט רעספּעקט אויף דעם אידישען משכיל.

און ביז ווי לאנג די אידישע נאציאָן וועט ניט האָבען איהרע גרויסע מענער דורך רעגעלמעסיגען שטודיום, בלייבט דער אידישער משכיל נאָך אויף זיין פּאָסטען, אלס דער פאָלקס־לעהרער און קולטור טרעגער פון דער אידישער נאציאָן.

# X.

## די ווילדע קאַטץ.

וועלכער מענש האָט ניט געהאַט די געלעגענהייט צו קלייבען נחת פון א קליין בייבעלע, ווי עס מאַכט פערשיעדענע מינעס: אָט לאַכט עס, אָט וויינט עס, אָט רייסט עס די מאַמע'ס האָאר, דעם טאַטע'ס מאָסטעס, אָט רייסט עס זיך אויף דר'ערד, אָט וויל עס פליהען אין הימעל, אָט שטופּט עס זאַמד אין מויל, און אָט פליהט עס כאַפּען די שטערען אין הימעל.

אָבער אַלעס איז אַזוי חן'עוודיג, אַלעס אַזוי אינטערעסאַנט, ווייל אין יעדער בעוועגונג ליגט אַזוי פיעל אונשולד, אַזוי פיעל ערנסט, אַז עס מוז אונבעדינגט בעגייסטערען יעדען צושויער, און דער טיעפער בליק פון די טונקעלע אויגען פליסט אריין האָפנונג אין יעדער צושויער'ס האַרץ, אַז פון דער שעהנער בייבעלע וועט אויסוואַקסען א גרויסאַרטיגע יונג־פרוי, און עס וועט זיך ענטוויקלען אין איהר ערנסטערע, ערהאַבענערע שטרעבונגען, און וועט פערשאַפען נאָך מעהר פערגעניגען אַלע מענשען אַרום איהר, וועלכע וועלען געוויס בעוואונדערען איהרע אויסערע שעהנקייט און איהרע גייסטיגע פעהיגקייטען.

ווי ענטטוישט פיהלט זיך אָבער יעדער מענש, ווען ער זעהט שפּעטער מיט 18 יאָהר, אַז פון דיזער שעהנער בייבעלע מיט איהרע אונשולדיגע מינעס און בעוועגונגען איז אויסגעוואַקסען א גרויסע קורנאָסע מויד מיט רויטע האָאר, מיט אברייטען פּנים; פון איהרע אויגען שיינט ניט מעהר קיין אונשולד, זאָנדערן ניעדעריגע ליידענשאַפטען, כיטראָסט, וואולגאַרנאָכט און ווילדע שטרעבונגען; פון איהר מויל געהען ניט מעהר ארויס די אונשולדיגע ווערטער, ווי: ליב, פּאַפּאַ, מאַמאַ, ברודער, שוועסטער, זאָנדערן: פרעסען, טרינקען, שלאָפען, זינדיגען, חנפה'נען, טאַנצען, דעם קאָפּ אַנדערע צו פערדרעהען; און יעדע פון איהרע האַנדלונגען פליסען איין עקעל און האַס צו דיזער ווילדער מויד. עס איז אין איהר קיין זכר ניט געבליבען פון די אונשולדיגע, ערנסטע שטרעבונגען פון איהרע בייבי־יאָהרען. יעצט זעהט מען פון איהר גאָר קיין שטרעבען, בלויז א לעבען פון א שטראָסען־מויד, וואָס כאַפּט פון אַלע זייטען אַזוי פיעל, וויפיעל עס קען, אום איהר אויסגעלאַסענעם לעבען אויפצוהאַלטען, אום ווייטער צו זינדיגען...

איז דאָס די שעהנע בייבי פון פאַר 18 יאָהרען ? פרעגט זיך יעדער מענש, מיט עקעל אָנקוקענדיג די ווילדע מויד.

איז דאָס דאָס קליינע קעצעלע, די ליעבע פושי, וואָס פלעגט קריכען צו יעדען אין הארצען אריין, און מען פלעגט זיך פיהלען פערגניגט איהר א גלעט צו טהאָן ? איז דאָס פון דער פושי אויסגעוואקסען אזא ווילדע קאטץ מיט גיפט־שפּריצענדע אויגען, מיט קרומע שארפע נעגעל, וואָס פערגיפטעט און צורייסט יעדעס עדעלע הארץ, און וועמעס פערדאָרבענער אָטהעם עס פערפעסטעט די גאנצע לופט ? . . . .

יא, דאָס איז זי, די זעלבע ראדיקאל־זשארגאָנישע ליטעראטור !

ווער פון אונז געדענקט ניט, ווי יעדעס בלעטעל פון א צייטונג, פון א בוך האָט געהאַט פאַר אונז א געוויסע הייליגקייט, א געוויסען רייץ ; יעדער ארטיקעל, יעדעס געדיכט איז געווען ליטעראריש, ערנסט, מיט א געוויסע טענדענץ, מיט פעסטע האַפנונגען אויף א בעסערע צוקונפט, זאָגאר די זידלערייען זיינען געווען ליטעראריש, א נאאיווער סארקאזמוס, וואָס פלעגט ווירקען נאָך מעהר ווי ערנסט ; דער הומאָר פלעגט ביי אונז ארויסרופען אַן עדעלע ערמונטערונג, און מיר האָבען ערווארטעט, אז פון דיזער בייבי זאָל אויסוואקסען א גראָסארטיגע יונג ־ פרוי — עס וועט פון איהר ווערען א ליטעראטור, א בעלעהרענדע, אַן אונטערהאלטענדע, א ווירקענדע פאַר א בעסערע צוקונפט.

ווי ענטטוישט פיהלען מיר זיך אָבער יעצט נאָך 18 יאָהר ! אָנשטאָט דער זיסער בייבי, מיט די הימלישע חלומות, האָבען מיר פאַר אונזערע אויגען א גרויסע ענטוויקעלטע פּראָסטיטוטקע ; אלע טעגליכע צייטונגען זיינען פול חעלפט מיט די ווילדעסטע טאגעס־נייאיגקייטען, וועלכע זיי זוכען יעב לעזער נאָך ווילדער עס איבערצוגעבען מיט זייערע ערבערמליכע זיעבען גאָרענדיגע „קעפּלעך" און אויפשריפטען, מיט זייערע שמירערישע פאנטאזיען, וואָס זיי שטוקעווען צו פון זייערע געהירענלאָזע קעפּ ; די צווייטע העלפט איז פול מיט שמייכלערייען צו געוויסע פּאָליטישענס און שאכרייעס וואָס בעצאָהלען בע־סער, מיט חניפות און לויב־געזאנגען צו יעדען אבערגלויבען, צו יעדער דומע זיטע, צו די מענשען־פערדומענדע נאציאָנאליטעט, מיט דער פעלקער־ פער־שקלאפענדע בעשטעהענדע אָרדנונג און מיט דעם גרעסטען כאָאָס, מיש־מאש, ווירוואר, סומאטאָכע פון שילדערונגען פון דעם פאָלקס־לעבען אין דער פאָרם

פון גראָבע מיידען מיט דארע פערליעבטע, געלע קליידלעך מיט לונגען זוכטיגע דאָקטוירים, קיינע אהנונג פון ליטעראַרישען געשמאַק, פון געפיהלי־פאָלען זעעלען־אויסגוס, קיין דענקען, קיין וויסען, קיין פערנגינען; ניכטס בעלעהרענדעס, ניכטס אונטערהאַלטענדעס, בלויז אן אומגעלומפּערטער ציניזם, וואולגאריטעט, א „האנצע גיטעל פערטומעל איהם“...

קיינע ליטעראַטען מעהר, זאָנדערן פראָראזישנע שקורעס, נעדונגענע שקלאַפען־טרייבער, וואָס פערקויפער פאר א שטיק ברויט זייער געשמאַק מיט זייער געוויסען צוזאַמען, און פערדערבען דעם געשמאַק פון פאָלק און דאָס געוויסען פון לעזער פערפעסטען זיי, און זיין געהירן פערקלייסטערן זיי, און די פראָסטיטוציאָן פון דער ווילדער מויד, פון דער אידשער אמעריקאנישער קאַץ — איך מיין פון דער זשארגאָנישער ליטעראַטור — פערשפּרייט עקעל און פעראכטונג אונטער אלע רעכט־דענקענדע מענשען, וואָס נעהמען א אידישע צייטונג אין די הענד.

# ניינטע סעריע.

# צוויי־דייטיגע סקיצען

## I.

### מיין ערשטע ליעבע.

אך, ווי אונאנגענעהם עס איז מיר צו געהן אהיים אין מיין רומקע, זא פינסטער, זא ענג, אז ווען איך דארף זיך זעצען שרייבען מוז איך פריהער אליין אריינגעהן און דעם טשער נאכשלעפען, שטעל איך אבער אריין דעם טשער פריהער, מוז איך שוין בלייבען אין האל.

דאס גאנצע טענעמענט הויז קומט מיר פאר, ווי נח'ס תיבה, אויבער־שטע, אונטערשטע און מיטעלסטע קאמערען, נור צוויי מאהל וויעדערהאלט, ד. ה. זעקס פלאר, פיר אלע חיות, עופות און בהמות א בעזונדער קעמערל. איי עס פאמיעסטען זיך 5 פאר אין איין קעמערעל, דאס זיינען שוין די בהמות שולדיג, וואס זוכען גאר ניט, טאמער טראגט שוין אירגענד וואו א טויב א בלאט אין מויל און זאגט אן, אז מען קען מאכען איין ענדע צום מבול, און מען קען שוין געפינען א טרוקענע(ן) פלאץ אויף דער ערד...

אבער די קליינע רומקע אין דער פראנט פון יעדען טענעמענט־הויז, דאס פערשטעה איך ניט. וואו האבען די לענדלארדס דאס מוסטער דערצו גענומען, אז ניט א פאר פאלק זאלען קענען אריינגעהן, נאר פאר איינעם זאל עס אויך ווייניג זיין?

דאס מאכט מיך טרויעריג און ברענגט מיך צום נאכדענקען.

יא, יא, מאנכעס מאהל פערורזאכען אונז גאנץ קליינע צופעלע נאכ־צודענקען איבער די וויכטיגסטע מאמענטען פון דעם לעבען און פון אונזער פערגאנגענהייט, און מיין רומקע האט מיך היינט אויף געבראכט צום נאכ־דענקען און איך בין אריינגעפאלען אין א ים פון מעלאנכאליע און טרויעריג־קייט און האב ניט געקענט איינשלאפען.

זייט איך בין צו מיין שכל געקומען, האָב איך געשמאַכטעט נאָך פריינד־שאַפט און ליעבע — נור ענטשולדיגט מיר, וואָס איך זאָג: „צום שכל גע־קומען". אז מען בלייבט א יתום פון אַכט יאָהר פון אָרימע ארבייטער־עלטערען קען מען צום שכל ניט קומען, ווייל דער שכל און יעדער שטודיום איז מאָנאָפּאָליזירט פון דער נאָבעלער געזעלשאַפט; דעם אָרימען איז יעדער וועג פערצוימט צום שטודירען, נור איין שולע בלייבט אונז איבעריג, דאָס איז די גרויסע וועלט מיט איהרע אַלע שמוציגע אונרעכטע און פּלאגען. צו דער שולע אָבער קומען מיר ניט זעלבסט, נור מיר ווערען אריינגעשטויסען, געשלעפּט ניט ווילענדיג.

עס איז שוין אָבער אזא אויסדרוק: „זייט איך בין צום שכל געקומען". דאָס הייסט, זייט איך האָב אָנגעהויבען צו דענקען, האָב איך געשמאַכטעט נאָך ליעבע און פריינדשאַפט.

אָדער איך וועל מיך בעסער אויסדריקען: זייט איך בין געוואָרען אונ־פעהיג צו פּאַראַורטהיילען, ווייל איך בין געוואָרען פעהיג צו אורטהיילען און האָב איינגעזעהן, אז אויף יענע וועלט האָב איך ניט צו האָפען, ווייל עס איז ניטאָ. אויף דער איז דאָ, נאָר מען גיט אונז ניט, האָב איך געזוכט מיין גליק און פריינדשאַפט אין ליעבע.

אין דער ערשטער פּעריאָדע האָב איך געזוכט א חבר, א פריינד, איך האָב פאַר יעדען בעקאַנטען די גרעסטע אָפּפער געבראַכט, גרויס צוטרויען געהאַט, אָבער די ריינע ליעבע, וואָס איך האָב פון איהם ערוואַרטעט, די פריינדשאַפט און די וואַרהייט, דאַרויף וואַרט איך נאָך... א פריינד איז א פאַלשע קאַץ, אַז זי וויל אַביסעל סמעטענע, טוליעט זי זיך, דערנאָך דראַ־פּעט זי.

איך בין געוואָרען עלטער, האָב איך געזוכט די פריינדשאַפט פון דער גאַנצער מענשהייט, איך האָב געהאַסט די מענשען, איך האָב אָבער גע־ליעבט די מענשהייט, האָב געקעמפּפט פיר איהר וואָהל, האָב געשריעבען און געשריען געגען אבערגלויבען, פאַנאַטיזמוס, האָב איהר געוויזען דעם וועג, ווי אַזוי זי קען זיך רעטען פון איהרע בעדרענגער און בעדריקער: די דעספּאָטען, פּפאַפען און קאַפּיטאַליסטען.

אָבער די מענשהייט? זי איז טויב און שטום; זי הערט איהרע פריינדע

נים. זי איז אונדאנקבאר, זי האלט גאָר דעם וועקער פאר א פיינד, פאר איין אפיקורס, פאר א משוגענעם...

אָה, די מענשען זיינען פאלשע קעטין. זיי רייסען זיך נור איבער אביסעל סמעטענע און שטופּען זיך איינער דעם אנדערען אראָב פון דעם דאך כאָטש צו נהרג ווערען...

ענדליך האָב איך מיר געדאכט, א כפּרה די וועלט. איך וועל מיר זוכען מיין גליק אין פּרויען־ליעבע, איך וועל אויסזוכען אזעלכע וואָס זאָל ענטשפּרעכען מיינע פאַרשטעלונגען און פאַנטאזיען, א נאאיווע, א רוהיגע, א שטילע,א גוטע, א שעהנע, און וועל זי צו מיין פריינדין מאכען. אָבער איך בין שוין אלט 30 יאָהר, און האָב נאָך אזעלכע אונטער דעם מענשען־געשלעכט נים געפונען.

אָבער גראד זייט איך וואוין אין דעם ענגען רום פון דיעזע טענעמענט־הויז, האָט זיך צו מיר דיעזער ענגעל גאָטעס בעוויזען.

זי האָט געוואָהנט לינקס און איך רעכטס, און שוין ביים ערשטען מאָהל, וואָס מיר האָבען זיך בעגעגענט אין דונקלען האָל, האָט זי אויף מיר איין אנגענעהמען איינדרוק געמאכט, און ווי עס ווייזט, בין איך פאר איהר אויך נים גלייכגילטיג געבליבען, ווייל זי האָט אויך איהרע צוויי גרויסע אויגען אויף מיר געריכטעט. זי איז אָבער באלד פערשוואונדען געוואָרען, אָהנע מיט מיר א וואָרט צו וועקסלען.

זי איז געוועזען יונג, זאנפט, בעשיידען, קליין געוואקסען, ברוינע האָר, בלויע אויגען א. ז. וו.

ביים צווייטען מאָהל, וואָס מיר האָבען אונז בעגעגענט ווידער אין פינסטערען האָל, האָב איך אין צוטומלונג עפּעס געוואָלט זאָגען, נור איך האָב נים געוואוסט וואָס, איך האָב נים ווילענדיג א זאָג געטהאָן: אַך, ווי שעהן זי איז! זי האָט עס, ווי עס ווייזט אויס, געהערט און האָט אויסגע־שטויסען איין אונפערשטענדליכען לויט, עפּעס אזא מין וואָרט, וואָס מען געפינט עס גאָר אין ווערטער־בוך נים, און נור ליעבענדע פערשטעהען עס, און איז ווידער פערשוואונדען.

אָבער איהר בילד איז מיר פון דער צייט אָן געשטאנען פאר די אויגען, און איך האָב נור געטרוימט דערפון: אַך, דיעזער קליינער ענגעל זאָל א מאָהל מיר געהערען!

אָבער וואָכען זיינען פערגאַנגען, איך האָב זי מעהר ניט געזעהן, און עס האָט מיר געשיינט, אז איך האָב אָן איהר פערגעסען.

איין טאָג בין איך געזעסען ביים טיש און האָב געשריעבען א געדיכט, און בין געווען זעהר פערטיעפט אין מיין ארבייט, ווייל ביי א געדיכט מאַ־כען האָב איך תמיד צרות אָהן א שיעור.

לייט מאַכען א געדיכט, געהען אוועק ביי זיי 20 שטראָפען ווי דאָס „פייגעלע טרעללט א טרויער ליעד“, „דאָס צווייגעלע זאָגט א שבח צו גאָט“, „דער ים קרעכצט“, „די לבנה גענעצט מיט זילבער שטראַהלען“, „דער פריה־לינג דאַווענט“, „דער ווינטער זאָגט קינות“, און „דער טהורם שטרעקט מאַיעסטעטיש זיין קאָפּ“, און א דיקע פּאָעזיע איז פערטיג.

ביי מיר, צום טייפעל, ווייל דער ים ניט קרעכצען, די וואָלקען ניט וויי־נען, דאָס פייגעלע ניט טרעלען, די לבנה ניט גענעצען, נור תמיד קומט מיר אויס אין דער פּאָעזיע פּראָזאאישע בילדער: ווי דער ארבייטער הונגערט, זיינע קינדער שמאַכטען, די קאַפּיטאַליסטען רויבען, די רבנים בעטריגען, די פּאָליטיקער מאָרדען, די פּאַרטיי־גענאָסען רייסען זיך, די צייטונגען פּלוידע־רען, און דיעזע ווירקליכקייט גראמט זיך ביי מיר אזוי שווער ווי קריעת ים סוף; דאָ פּעהלט זין, דאָ גלייכע זילבען, דאָ אָרדנונג, דאָ האַרמאָניע, און עס איז מיר שווער צו דיכטען און איך ווער זעהר פערטיעפּט און צוטראָגען.

פּלוצלונג הויב איך אויף מיינע אויגען. אָה, גאָט! זי זיצט אויף מיין בעט. איך גיב א קוק אויף דער טהיר, זי שטעהט אָפען. זי איז אריין, און איך האָב ניט בעמערקט. וואָס קען זי פערלאַנגען? זי זאָגט קיין וואָרט, זי האַלט נור אויף מיר געריכטעט איהרע צוויי גרויסע אויגען, אזוי נאאיוו, אזוי אונשולדיג; זי האָט מיטלייד מיט מיר... וואָס איך קען ניט דיכטען.

איך בין ענטציקט, איך האָב מיך פערלאָרען. איך בין געוואָרען הינ־געצויגען און האָב מיר ערלויבט זי צו טהאָן א גלעט איבער'ן קאָפּ און צו זאָגען: „אָה, דו מיין טהייערע, ליעבע, זיסע, קליינע...

דער אויסדרוק האָט זי ניט בעליידיגט. ווי עס שיינט, האָט זי נור דאַרויף געוואַרט, און מיט דער גרעסטער פערטרויליכקייט און ליעבע האָט זי איהר קליין קעפּעלע צוגעדריקט צו מיין ברוסט; ערפילט מיט וואָנגע און גליק האָט זי איהרע אויגען געשלאָסען, און האָט מיינע אומארמונג און גלעטען זיך געלאָזט געפאַלען.

אונזער בונד איז געשלאָסען, שטונדען־לאַנג זיצט זי אין מיין צימער, איך בין אַ פּלאַפּלער פון תמיד אָן, זאָג איך איהר טויזענדער קאָמפּלימענטען און ליעבעס־ווערטער. זי איז שווייגזאַם און האָט קיינע ווערטער איהר גליק אויסצודריקען, אָבער איהר טוליען זיך צו מיר, איהר אויס־שטרעקען צו מיר איהר סאַמעט־גלאַטעס הענטעלע, צייגט מיר גענוג ווי זי דענקט איבער מיך.

זי האָט זיך צו מיר אַזוי צוגעוועהנט, אַז זי ערלויבט זיך שוין מיט מיר אַ וויץ צו טרייבען; זי כאַפּט מיין פעדער, ווען איך שרייב עפּעס, ווען איך זעץ מיך עסען, זעצט זי זיך אויך צום טיש מיר אַנטקעגען אָהנע צערעמאָניעס, די פאַלשע בעטען אום ענטשולדיגונג, און איך האָב איהר אָבגעטהיילט מיין ביסען פון מויל.

פון איהר בענעהמען האָב איך געזעהן, אַז זי האָט קיינע פערדאָרבענע ערציהונג, זי איז פּאָראורטהיילס־פריי, זי וואַשט זיך ניט צום עסען, זי מאַכט קיין ברכה ניט, זי צלמ'ט זיך ניט, זי גלויבט ניט אין קיין זאַך, און האָט גענוג זעלבסט־בעוואוסטזיין און פירכטעט ני צו זיין מיט אַ מאַן אַליין אין צימער אָהן אַ שומר.

זי איז מיר געפעלען. איך בין איהר אויך ניט גלייכגילטיג. אָבער דאָך האָבען מיר נאָך קיין וואָרט געוועקסעלט פון איין עווינען בונד צווישען אונז, נאָך האָבען מיר זיך ניט געשטעלט די פראַגע, אויב מיר זיינען פּאַסענד איינער צום אַנדערען. אונזער גאַנצע ליעבע איז בעשטאַנען אין פריינדשאַפט, ווי צווישען צוויי גוטע בעקאַנטע.

שטעלט זיך איצט פאָר מיין ערשטוינען, פון דער לעצטער סצענע! איך בין שוין געלעגען אין בעט אויסגעצויגען; עס איז געווען 2 אוהר נאָך האַלבע נאַכט; די טיהר האָב איך געלאָזט אָפען, עס זאָל אריין אביסעל לופט, דעם לאָמפּ האָב איך שוין פערלאָשען און האָב שוין געהאַלטען ביים דרעמלען. פּלוצלונג זעה איך, זי געהט גאַנץ לאַנגזאַם צו מיין טהיר צו, שטעקט פריהער אריין איהר קאָפּ און קוקט זיך אַרום אין רומקע, און ענדליך, אַז זי האָט זיך איבערציינגט, אַז אַלעס איז רוהיג, געהט זי גלייך ארויף אויף מיין בעט און... איך בין איבערראַשט, מיין הערץ קלאַפּט ווי מיט אַ האַמער, איך האָב מורא זיך אַ ריהר צו טהאָן...; איך וויל זעהן וואָס די

ענדע וועט זיין. און זי, אָהנע מיט מיר אַ וואָרט צו רעדען, לייגט זיך אַני־דער ביי מיר אויפ'ן הארצען...

עס האָט מיר צוואר געדריקט מיין ברוסט, עס האָט מיר געשטיקט דער אָטהעם, אָבער דאָך איז מיר געוועזן אַנגענעהם איהר בעריהרונג. איך האָב געפיהלט איהר יעדען אָטהעם־צוג, איך האָב געפיהל איהר הארץ קלאַפּען אויף מיין ברוסט; איך האָב זי געלאָזט זיך טוליען אויף מיר, ווי זי האָט געוואָלט. זי איז ענדליך זיס און גליקליך אויף מיין ברוסט איינגע־שלאָפען...

אָבער זעלטען, זעלטען זיינען דאָ מאָמענטען אים לעבען, אין וועלכע דער מענש קען זיך בעהערשען. איין ים פון פערשיעדענע געפיהלען האָבען זיך אָנגעהויבען צו שטויסען אין מיין ברוסט, איך האָב מיך געפיהלט גליק־ליך ווי אין זיעבעטען הימעל! עס האָט זיך מיר געדאכט, אז איך האָב שוין מיין דריטען איבערגאנג פון פרויען־ליעבע ערריכט, און זי, זי איז מיין שוטץ־ענגעל, מיין לעבענס־בעגלייטערין, מיין טרייסט אין מיין טרויעריגען לעבען, און מיט דער הייסעסטער ליעבע און טיעפסטער דאנקבארקייט פון הארצען האָב איך אויסגעשטרעקט מיינע הענד, איך האָב זי אומארמט און מיט אַלע קרעפטען צוגעדריקט צו מיין ברוסט.

איין ווילדעס געשריי, מיט אַ שמערצליכען קראַץ פון שארפע נעגעל האָט מיך אויפגעכאפט פון שלאָף, און זי, דעם הויז־קיפּערס ג ר ו י ס ע ק א ץ, איז אראָבגעשפּרונגען פון מיר און איז גלייך ארויס דורכ'ן פענסטער.

אָה, איך הינקענדיגער שלימזל! אַ גאַנצע שאָל סמעטענע האָט זי אויפ־געגעסען, און מעהר איינשלאָפען קען איך ניט.

---

II.

## אַ אריגינעלער ראָמאַן.

דער לעצטער טהייל.

זי איז געוועזן אַ גאָלד, אַ דימאנט, איין ענגעל, אַ קלוגע, אַ פרומע. אָבער ניין! פאַרוואָס מוז אַ ראָמאַן־שרייבער שרייבען ליגען?

**זי איז געווען קליין־געוואקסען, שוואַרץ־חן'עווּדיג...**

נור ווען מען געהט עס אָן, ווי זי איז געווען? די געשמאַקען זיינען פערשיעדען: איינעם געפעהלט אַ בלאָנדינע מיט בלויע אויגען, איינעם — אַ ברונעטקע מיט אַ פעררי־ענעם נעזעל, איינעם געפעהלט צו קייען טשו־טאַבעקאַ, דעם אַנדערען — צו זיין אַ רעפּאָרטער פון קעסעל גאַרדען, אַז ער האָט דאָרט געזעהן אַ אינגעל וואָס הייסט מאַטקע און איז ערשט 12 יאָהר אַלט, און אַ אידען, וואָס הייסט זלמן און איז גאָר אַ שוסטער...

נון, ווען מען אינטערעסירט עס, וואָס מיין קליינע איז שוואַרץ־חן'עווּ־דיג? די הויפּט־זאַך איז דער כאַראַקטער. זי האָט געהאַט אַ זעהר אונ־רוהיגעס טעמפּעראַמענט, זי איז קיין מינוט ניט איינגעשטאַנען אויף איין אָרט, נור געלאָפען, נור געפלויגען אין אַלע ווינקעלעך...

נור ווען מען געהט דאָס אָן? די כאַראַקטערע זיינען אויך פערשיעדען. אויב מיין קליינע איז געווען רוהיג, אָדער אונרוהיג; די הויפּט־זאַך אזי, ווער זי איז געווען.

נור גלויבט מיר כשר, אַז איך ווייס נאָך ביז היינט ניט, ווער זי איז געווען. איך בין שוין דעם דריטען מאָנאַט אַ באָרדער אין הויז און איך ווייס נאָך אַלץ ניט, אויב זי איז געווען אַ טאָכטער אין הויז, אָדער אַ באָר־דערקע.

אַ מאָהל פלעג איך זעהן, ווי זי פלעגט אַרויף צו דער מיסיס אויפ'ן האַרצען, פלעגט זי קושען, לעקען דאָס געזיכט, וואָלט איך דאַמאָלס געשוואָ־רען, אַז זי איז איהר אייגען קינד; אַ מאָל פלעג איך אָבער זעהן, אַז קוים איז די מיסיס אַרויס פון שטוב, פלעגט זי מיט אַ גאַנצע חברה זינגען זאַנ־דערבאַרע ליעדער, לעקען פון די טעלער, זאַטשעפּען מיט'ן באָס — האָב איך ווידער געמיינט, אַז זי איז אַ באָרדערקע...

זי איז געווען קליין געוואקסען, שוואַרץ חן'עווּדיג, זעהר אַן אונרוהיגעס טעמפּעראַמענט, אַ באָרדערקע אָדער אַ טאָכטער, ווייס איך נאָך ביז היינט ניט, נור אַ נאַשערקע געווים. זי פלעגט זעהר אָפט זינגען, אָבער ניט מיט אַן אַנגענעהמען קול, אים געגענטהייל, עס פלעגט מיר מעהר זשומען אין די אויערען, אַלס עס האָט מיר געמאַכט פערגעניגען. אָבער זאָ לאַנג זי האָט מיר ניט זאַטשעפּעט, האָב איך מיך אום איהר גאָר ניט געקימערט.

זי פלעגט אַריינקומען צו מיר אין רומקע מיט איהרע חבר'טעס, זיי

פלעגען זיך זעצען ביי מיר אויפ'ן בעט, פלעגען איבערטאַפּען מיינע ביכער, מיינע שרייב־געציייג. איך פלעג זיי אַלעס שווייגען. זי פלעגט זיך אַ מאָל זאָגאר ערלויבען צו געבען אַ פּאָר זופּ פון מיינע קאַפּע, אַ ביס פון מיין ברויט, מיר געבען אַ גלעט איבער'ן פּנים, איבער די האָר; איך האָב אַלעס גדעולדיג ערטראָגען.

איך זאָג געדולדיג, ווייל איך קען אייך שווערען ביי אַלעס, וואָס הייליג איז, אַז איך האָב זי ניט ליעב געהעאַט און וועל זי אויך קיין מאָהל ניט ליעב האָבען, ווייל זי איז ניט נאָך מיין געשמאַק, נור וואָס איך שרייב דאָ אונזער ראָמאַן, איז בלויז צו בעשרייבען די צודרעננגליכקייט פון איין אַמעריקאַנערין. איך האָב נאָך מיט איהר קיין וואָרט גערעדט און זי האָט זיך פּשוט מיר אויפ'ן האַלז אויפגעהאַנגען.

לעצטען דאָנערשטאַג אָבער איז זי מיר אַזוי צודרעגנליך געוואָרען, אַז איך האָב געמוזט איין מאָהל פאַר אַלע מאָהל צו דער געשיכטע אַן ענדע מאַכען, און איך בערייהע עס אויך ניט.

הערט און אורטהיילט אַליין.

מיין פריינד, דער רעדאַקטאָר פון דער „ווילנער פיש־מאַרק צייטונג", איז צו מיר געקומען מיט אַ וויזיט מיט די לעצטע נומער צייטונג אין דער האַנד, און האָט זיך זעהר געריהמט דערמיט, וואָס אין זיין בלאַט איז ניטאָ קיין פונק ליטעראַטור, קיין פונק פון פרעמדע ווערטער, נור ריין ווילנער פיש־מאַרק זשאַרגאָן. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער מאַכט אַ לעזע בוך פון ריין אידיש, ווייל ער וויל אַלע שפּראַכען זאָלען אונטערגעהן, נור אידיש זאָל בלייבען די איינציגע וועלט־שפּראַכע. ער האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם אויך עטוואָס מיטהעלפען.

ווי ער איז נור אַרויס פון שטוב, האָב איך מיר געזעצט שרייבען זעהר בעגייסטערט און עס איז מיר אויך געלונגען. אורטהיילט אַליין. דאָס איז מיין אַרטיקעל:

בלומען און פערל פון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור.

(דזשייק און כעס ביידע באָרדערס, שפּיעלען אין קאָרטען, שפּרינגצע, די פּיניטערין, ציהט אַריין אַ שטיקעל אייזען אין קאָרכעט, גנענדעל, די מיסיס, מאַכט אין קיטשען דעם קוגעל און עס ענטוויקעלט זיך פאָלגענדע סצענע אין ריין זשאַרגאָן):

ד ז ש י י ק. געשוואָלען און געדראָלען זאָלסטו ווערען! איך זעה שוין, ווי דו מאכסט קונקעל־מונקעל מיט די קאָרטען. איך וועל דיר געבען א טראסק, אז דו וועסט זיך בעגיסען מיט דער רויטער יויך, ווי א מאָפּס...

ס ע ם. צעהן פּאָוואָזקעס קדחות אויף דיין קאָפּ! טויזענד קלאָגען אויף דיין פּנים! ער האָט אַליין צוקאַלעפּוטשקעט די קאָרטען און זאָגט אויף מיר...

ג נ ע נ ד ע ל. דול און משוגע זאָלט איהר ווערען! איהר זאָלט זיך דראפּסקען אויף די גלייכע ווענט, ווי איהר מאכט מיך מטורף! איבער אייך איז געוואָרען דער קוגעל צוקוויאטשקעט, צופּיאַטשקעט, צומיאַטשקעט, אז איהר וועט מאָרגען האָבען מכות מיט פּליאַקעס צו עסען.

ש פּ ר י נ צ ע. איהר מיינט, איהר וועט מיר אָבקומען מיט שיהע פּיהע? האָט ניט קיין יסורים, איך וועל אייך מאָרגען טרענגען די קישקעס!

ג נ ע נ ד ע ל. די קישקעס? וואַרט דו עזות מחוצפהניצע! זי שעלט, ווי א מכשפה, פון מויל אין בוזים איז נעהענטער, מען וועט מיט דיינע קישקעס פּעלד מעסטען; עס וועט מיט דיין פּארשיווע מאַמען ארויסוואַרפען פון דעם קבר, און מיט דיר אַריינוואַרפען. זי מיינט, אז איך ווייס ניט, אז זי האָט זיך פערכליעפּצעט אין דעם פליאַכקעדריגעניק, אין דעם ביגלער, און צמאָצקעט זיך מיט איהם פאר די תנאים? חאסליערע וועסטו מיט איהם האָבען? סיידען מיין קאָפּ וועט אויף מיינע פּלייצעס ניט זיין.

ס ע ם. וואָס דארט און קוואַרט אייך דער קאָפּ פאַר איהר? קוקט בעסער, ווי אייער זאָכלערא הליאַנעט, זייט זי האָט זיך פערחליאַפּעט אין דעם שייגעץ; קוקט בעסער אויף אייערע שרצים!

ד ז ש י י ק. שקאָצעל קומט! מכה וואָס מישטו זיך אַריין אין יענעמ'ס ענינים? דו ווייסט, אז גנענדעל איז מיינע אַן אייגענע, איך וועל ניט לאָזען, זאָלסט איהר רייטען אויפ'ן קאָפּ! א בראַנד אין דיינע געדערעם! וועסט נאָך אמאָל עפּענען דיין פּיסקאַטש, וועל איך דיך נעהמען צום פּראסקען און צום טראסקען, ווי א וויינינגען עפּעל.

ס ע ם. דו מיינסט, דאָ איז שניפּעשאָק, דאָ איז ניטאָ דיין פעטער בערטשיק, דער סבאָרטשיק, וואָס האָט מיך געוואָלט אַריינרוקען אין א רויטע סערמיאַשקע, וואָס האָט גאָט געטהאָן? האָב איך מיך אַליין פערקויפט פאַר

א נאַיאַמשטשיק. אָבער דאָ אין אַמעריקא, א פרייע מדינה, דאָ קען איך דיר געבען א קנאַק, עס זאָל דיר ארויס דריי באַק־ציין...

אַלע ליטעראַטען וועלען מיר מודה זיין, אַז די אַלע אויסדריקע און ווערטער זיינען ריין אידיש זשאַרגאָן, און איך בין געווען ווירקליך זעהר צו־פריעדען מיט זאָ איין שאַץ מיין פריינד צו העלפען. איך בין זיכער, אַז זיין מיטהעלפער, דער פילאָלאָג, וואָלט אויך מודה געווען, אַז די ווערטער זיינען ריכטיג געברויכט אין דעמאָקראַטישען זין.

אָבער צו מיין אונגליק לאָזט מיר מיין שוואַרצע קליינע דעם ארטיקעל ניט ענדיגען, גראַדע היינט איז זי מיר צודרענגליכער, ווי אימער. הער אַן איינפאַל פון אַן אַמעריקאַנער ליידי, ווי אַזוי זי מאַכט ליעבעס־ערקלעהרונג! ניט מיר א זשומע אין אויער און ענטלויפט. זי האָט געזעהן, אַז איך בין נאָך אַלץ פערטיעפט אין מיין ארטיקעל, האָט זי גענומען א פין אין מויל און האָט מיר א שטאָך געטהאָן, דאָ אין שטערן, דאָ אין אויער. אָנפאַנגס האָב איך געמיינט, פיליייכט איז זי נעגען ערנסטע ארטיקלען, זי איז געוויס א דעמאָקראַטקע און נאָך איהר מיינונג איז געגוג א זשומע מיט א שטאָך, האָב איך איהר געלאָזט זשומען און שטעכען. אָבער ענדליך האָב איך שוין גים געקענט מעהר אריבערטראָגען, איך האָב שוין ניט געקוקט וואָס זיא איז א ליידי און האָב זי מיט א פּאָר גראָבהייטען פון מיר אָוועקגעטריעבען.

אָבער הערט אַן אונפערשעהמטהייט פון א ליפּערקע, אַן אונפערוואַשען פנים! זידעל זי, ווי דעם הונט, עס העלפט אַלעס ניט. קוים האָב איך מיך נור פערטיעפט אין שרייבען, איז זי ווייטער צו צו מיין טיש און האָט מיר געטהאָן אזא שטאָך אין דער נאָז, אַז עס האָט מיר פערקלעמט ביים הארצען.

דאָ בין איך ארויס פון געדולד, און האָב איהר געגעבען אזא פּאַטש, אַז זי איז באַלד געפאַלען אין חלשות.

אָנפאַנגס האָב איך געפיהלט, אַז איך האָב מיט דער ראַבע געקיהלט מיין הארץ, אָבער אַלס איך האָב א קוק געטהאָן, ווי זי ליגט אויף דער ערד און צאַפּעלט זיך, האָב איך אָנגעפאַנגען צו פיהלען מיטלייד אין הארצען, חרטה צו האָבען אויף מיין איבעראייַלטען שריט: פון וועמען אייגענטליך האָב איך די ראַבע גענומען? פון אזא שוואַכע בעשעפענים, זי איז דאָך אויך ניט מעהר ווי א פּראָדוקט פון די פערהעלטניסע, זי קען דאָך נעבעך ניט

אַנדערש ווי זשומען און שטעכען, זי איז דאָך ניט מעהר ווי אַ... פליעג — וועניג פליעגען זיינען נאָך דאָ חוץ איהר?

---

## III.

## צו דעם מאַרטירער.

זיין בלוט איז שוין פערגאָסען, זיין יונגעס לעבען אויף אייביג אויס־געלאָשען; ער איז שוין ערמאָרדעט, אַלעס איז שוין אויס.

אָבער די פראַגע איז, וואָרום? מיט וועלכען רעכט האָט זיך די ציוויליזירטע וועלט, וועלכע ריהמט זיך מיט קונסט און וויסענשאַפט, ערלויבט אונשולדיג בלוט צו פערגיסען? מיט וועלכען רעכט האָט זיך די מאָדערנע געזעלשאַפט, וועלכע ריהמט זיך מיט הומאַניטעט און פּראָגרעס, ערלויבט אָהנע אורטהייל זיין יונגעס לעבען זאָ מערדעריש צו פערניכטען?

מיר אַלע, די וואָס האָבען איהם געקענט פון זיין געבורט, וואָס האָבען געזעהן זיינע רעגעלמעסיגע נאַטירליכע ערציהונג, אַלע זיינע פריינדע וועמען עס איז נור בעקאַנט זיין לעבען און שטרעבען, וועלען געהן שווערען ביי אַלעם, וואָס הייליג איז, אַז ער איז געוועזען פון די איינציגע אויף דער וועלט, וואָס זיינען צו קיין פערברעכען ניט פעהיג געוועזען. און ער האָט אויך אין דער ווירקליכקייט ניט בעגאַנגען קיין גנבה, קיין מאָרד, קיין פּאָליטישעס פערברעכען אין זיין לעבען. און מיט וועלכען רעכט, פרעגען מיר נאָך אַ מאָהל, האָט די פערפלוכטע געזעלשאַפט זיך ערלויבט זיין יונגעס לעבען צו רויבען??

מיר האַלטען עס אַלזאָ פאַר אונזער הייליגע פפליכט, אַלע דענקענדע מענשען, אַלע די יעניגע, וואָס האָבען נאָך אַ האַרץ אין דער ברוסט דאָס ליידען פון דער מאַסע מיטצופיהלען, אַלע אויפגעוועהלטע פון דער מענש־הייט, וועלכע קענען די נידערטרעכטיגקייט פון דער יעצטיגער געזעלשאַפט, און שטרעבען און האָפען אַ מאָהל אַ בעסערע צו בעקומען, די אַלע מענשען רופען מיר אויף צו אַ געוואַלטיגען פּראָטעסט געגען דיעזען שרעקליכען מאָרד, צו אַ שרעקליכע דעמאָנסטראַציאָן אין אַלע עקען דער וועלט געגען דיעזער

שוידערהאפטער בלוט פערגיסונג, און מיר זאָלען אַלע מיט פעראייניגטע קרעפטען פערדאמען דיעזע ציווילייזירטע מערדער, און אונזער שטימע מוזען מיר ביז אין הימעל ערהויבען: „ניעדער מיט מאָרד און בלוט פערגיסונג!“

ביי דיעזער געלעגענהייט האַלטען מיר עס ניט פאַר איבעריג אונזערע ווערטהע לעזער אין קורצען זיין לעבען צו בעשרייבען, אום דאָס פאָלק זאָל אליין קענען אורטהיילען איבער דעם ניעדערטרעכטיגען מאָרד צו וועלכען ער איז אונשולדיגערווייזע אַלס אָפּפער געפאַלען.

ער איז געבאָרען געוואָרען ביי אָרימע עלטערען אין אַ קליין שטעדטעל. אַלס קינד איז ער געוועזען זייער ליעבלינג, ווייל מען האָט אין איהם באלד ארויסגעזעהן אַן עדעלען שטאָלץ און זעלבסט־בעוואוסטזיין, וועלכער איז ווירקליך פעהיג אַלס אָנפיהרער אַן דער שפּיצע פון זיין פאָלק צו שטעהן.

ער האָט קיין הויכע בילדונג ניט גענאָסען, נור די פרייע נאַטור וואַר זיין ליעבסטער שטודיום, און ער האָט געהאַט די ריינסטע אַנשויאונגען אין זיינער אומגעבונג. און אָהן אירגענד וועלכע פילאָזאָפישע ווערקע צו לע־זען, איז ער געוועזען דער אייפריגסטער אַנהענגער פון אינדיווידועלע פריי־הייט, פרייהייט פיר פרויען, פרייע ליעבע, פרייע הייראַט, קיינע קנעכטע, קיינע העררען, קיין שטאַאַט און קיינע פאָרם. דאָס זיינען געוועזען זיינע אי־דעאַלען, און אויף דיעזער אָרט האָט ער אויך מיט זיינער פאַמיליע זיין לעבען איינגעריכטעט.

געלד, פּריוואַט־אייגענטהום, רעליגיאָן און אַלע איבעריגע נידערטרעכ־טיגקייטען פון דער איצטיגער געזעלשאַפט זיינען געוועזען פאַר איהם ליט־ווישע דערפער. קאַמפּף בלייבט פאַר אַלע לעבעדיגע בעשעפעניסען איבער, און דאָס איז דער קאַמפּף פון דער נאַטור און איהרע עלעמענטען.

ער איז אַלזאָ געוועזען איין אידעאַליסט אין דער ריינסטער פאָרם, אין דעם איז ער נאָכגעגאַנגען זיינע בעשטרעבונגען, און האָט זיך אין זיין גאַנ־צען לעבען ניט איינגעלאַזען אין קיינע פּאַרטייליכקייטען און קיינע צאַנ־קערייע מיט אַלע די יעניגע, וואָס האָבען אַנדערש געדאַכט אַלס ער.

ער איז געוועזען שלאַנק, שעהן געוואַקסען און האָט געהאַט אַ שטאָלצען מאַיעסטעטישען אויפטרעטען, ער פלעגט אימער געהן שעהן געקליידעט; ער וואַר אויך אַ טרייער מאַן, אַ טרייער פאַמיליען־פאָטער, און אַ רוהיגער בירגער צווישען זיינע מיט־ברידער.

אין זיין פריהעסטער יוגענד איז ער איינינע מאָהל היננעצויגען געוואָרען אין מאַנכע שטרייטיגקייטען מיט זיינע יוגענד־גענאָסען, אָבער דאָ־איז געווען זיינע פּריוואַט־אַנגעלעגענהייטען איבער ליעבעס־פערהעלטניסע, ווייל פון אייפערזוכט איז ער ניט גאַנץ ריין געווען, אָבער דאָך איז עס אָב־געגאַנגען אָהן א דועל, אָהן בלוט־פערגיסונג און איז באַלד מיט זיינע קאַ־מעראַדען צוריק פריעדליך געבליבען.

און אַלס ער איז עלטער געוואָרען און האָט דערקענט דעם אונגעהייערען אונטערשיעד צווישען ליכט און פינסטערניש, צווישען טאָג און נאַכט, און ער האָט אָנגעפאַנגען צו וועקען די מענשען פון זייער טיעפען שלאָף, פון זייערע לאַנגע אונטהעטיגקייט, האָט שוין די מערדערישע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט אָנגעפאַנגען צו דורשטען נאָך זיין אונשולדיגעס בלוט און ער איז ענדליך אַלס אָפּפער אין זייערע בלוטיגע הענד אריינגעפאַלען.

אָהנע אָבער זיי זאָלען זיין פערברעכען אָנגעבען, אָהנע געריכטליכע פערהאַנדלונגען, אָהנע ציינען צו פערנעהמען, אָהנע די וועלט פון זיינע זינד צו איבערצייגען, האָט איהם די רויבער־באַנדע שטילערהייט אָבגעשלאַכטעט, זיין יונגעס בלוט פערגאָסען, און האָט צוויי לאַנגע טעג אויסגעהאַנגען זיין לייכע צו דער שאַנדע אויף דער עפענטליכער שטראַסע, זיין פלייש פער־צעהרט, און דער פרייעסטער בירגער אויף דער ערד איז ניט מעהר אויף דער וועלט. אונזער מאַרטירער איז טויט.

נאָר ווייסט איהר ווער איז דער מאַרטירער,<br>
פון וועלכען איהר האָט דאָ געלעזען ?<br>
א האָהן גאָר, דער הינער אָנפיהרער !<br>
דאָס איז בלויז א טשיקען געוועזען !

---

# IV.

## דער נייו־יעהריגער עלוי.

אידישע קהלות האָבען יעצט צייט אויסצונוצען די געלעגענהייט אויפ־צוכאַפּען דעם וועלט־בעריהמטען עלוי, וועלכער איז יעצט 9 יאָהר אַלט. צום צווייטען יאָהר פון זיין געבורט האָט ער אָנגעפאַנגען צו לערנען און

אין בלויז 1 יאָהר שטודירען שטעהט ער אויף דער העכסטער שטופע פון בילדונג, וואָס זיין גלייכען האָט אַ מאָהל געקענט עררייכען זייט די וועלט איז בעשאַפען.

קהלות וואָס זיינען אונצופריעדען מיט זייער רב, ווייל ער מישט זיך מעהר אין בשר כשר ביזנעס ווי אין דעם אַלגעמיינער וואָהל פון זיין קהלה;

וועלכע האָבען דרשנים, וואָס ריידען אַ סך און זאָגען גאָר ניט;

וועלכע האָבען חזנים בעריהמטע קאָמפּאָזיטאָרס און קענען ניט זינגען;

וועלכע האָבען שוחטים כשרים, וואָס ביי זיי איז אַ גאַנץ יאָהר חנוכה און גראָד ניט אויף דריידעל שפּיעלען;

רעדאקציעס, וועלכע האָבען פּראָפעסאָרען און דאָקטאָרען אַלס מיטאַר־בייטען, נור קיינע זשורנאַליסטען.

אינסטיטוציאָנס, וואָס האָבען פּרעזידענטען מיט ווייניג געהירען און קאָלעקטאָרען מיט צופיעל פּאַקעטס;

פעראיינען און חברות, וואָס האָבען סעקרעטערע מיט טערקישע דייטש און קלינגענדע ליעבע צום וואָהל און בעסטען.

סאָציאַליסטישע צייטונגען, וואָס האָבען רעוואָלוציאָנערע רעדאקטערע מיט רעוואָלוציאָנערע פּאַקעטס.

טהעאַטערע, וואָס האַבען בעריהמטע, געניאַלע, געטליכע קינסטלער, מיט שטרויענע קעפּ און שטאָלענע גליעדער;

וואָס האָבען מאָדערנע פּערפאַסער מיט היסטערישע איינפעלע (נוסח אחר היסטאָרישע איינפעלע);

מיט איינעם וואָרט. אַלע אידישע קהלות, וואָס האָבען אורזאַכע אונצו־פריעדען צו זיין מיט זייערע געגענווערטיגע רעליגיאָנס, קונסט וויסענס־און אונטערהאַלטונגס־פּערזאָנען זאָלען יעצט אויסנוצען די געלעגענהייט איינ־צורייכען זייערע אַפּליקיישאָנס צו דעם 9 יעהריגען עלוי, וועלכער וועט אונבעדינגט זיין אַמט ערפילען פיעל געוויסענהאַפטער אַלס זיינע פאָר־גענגער.

אייניגע פון זיינע אונמענשליכע אונגעהייערע מעלות וועלען ווארפען אַ ליכט אויף זיין גרויסען כאראקטער און עהרליכע מדות.

ער איז אַ וועגעטאַריאַנער לכל הדעות; ער האָט אין זיין לעבען קיין פלייש ניט גענעסען און זאָגאַר קיין אייער, פּוטער, קעז, מילך א. ז. וו.

ער האָט אין זיין לעבען קיין מישקה המשכרת געטרונקען אויסער וואסער.

ער האָט אין זיין לעבען קיין ליגען, קיין רכילות, קיין לשון הרע, קיין נבול פה ניט גערעדט.

ער איז פאַרטהוועהרענד פערטיעפט אין זיין שטודיום מיט זיין לעה־רער און אין די ליידיגע שטונדען איז ער שטאַרק פערטראכט ענטוועדער אין דאָס וואָס ער האָט געלערנט אָדער אין זיין אומגעבונג.

ער האָט א מאַיעסטעטישעס אויסזעהן, א הדרת פנים זעלטען צו זעהן, ער איז ערשט 9 יאָהר אַלט און איז גרויס, ברייט און שלאַנק געוואַקסען.

אז ער ערשיינט פאַר'ן פובליקום, ווערט איין אונגעהייערע איבעררא־שונג אויף יעדען, מען דערזעהט באַלד, אז מען האָט פאַר זיך ניט קיין גע־וועהנליכען מענשען.

דאָך זיינען זיינע דרשות, זיינע ליטעראַרישע און מאטעמאַטישע פאָר־טרעגע אזוי נאַטירליך, אזוי ניט געקינצעלט, אז עס איז צו בוועאונדערען.

אום איהם צו שילדערען עהרליך, מוז איך אייך אויסזאָגען, אז ער האָט א פעהלער. אָבער וואָס איז איין פעהלער ביי טויזענדער מעלות? — דאָס צייגט אונז עבען, אז עס גיבט קיין אבסאָלוטעס; עס גיט ניט אבסאָלוט גוט אָדער אבסאָלוט שלעכט; דער ערגסטער מענש האָט וועלכע־עס־איז מעלות און דער בעסטער האָט א פּאָאָר חסרונות'לאך; די מאוס'טע פרוי האָט מאַנכע שעהנע ציגע און דער קליגסטער מאן בעגעהט מאנכע דומ־הייטען.

אָבער ביים עלוי איז דיעזער פאַל אויך מיט אן אויסנהאַם; ער האָט נור איין פעהלער, און דאָס איז: ער האָט זעהר ליעב כבוד. ביי יעדעם פון זיינע פאָרטרעגע ווארט ער מען זאָל איהם פאטשען בראַוואָ און אַלע פערזאַמעלטע דאַמען און הערּרען טהוען עס איהם צוליעב און פאטשען טאקע, און ער דאַנקט זיי גאַנץ בעשיידען מיט א פערנייגונג מיט'ן קאָפּ.

נאָר אז מען זאָל עס גוט בעטראַכטען, איך מיין, פון פילאָזאָפישען שטאַנדפונקט, איז דאָס גאָר קיין פעהלער ניט, — יעדער בעגאַבטער מענש וויל אַנערקענט זיין פיר זיינע גוטע מעלות אָדער גרויסע לייסטונגען. ווע־ניג דיכטער געהען נעבאך אום אונטער־דר'ערד, וויל זייערע פּאָעמען ווערען ניט אויפגעבאַפּט, ווענינ אקיטאָרען גיבען פּעטיש, ווען מען זאָגט חלילה, אז פּאַלוויני שטעהט העכער פון איהם; ווענינ אידישע שרייבער ווערען נעבאך

אָפּעריישאָרס, אגענטען און שוסטער, ווייל דאָס פאָלק שטעהט נאָך לײדער צו נידריג זיי צו פערשטעהן. און עס קרענקט טאקע גאנץ גוט, אז מען ווערט ניט אנערקענט.

און ווען אונזער בייבי עלוי וויל אנערקענט זיין, בעווייזט עס גראָד, אז ער האָט א גוטע ענטוויקעלטע עמפּפינדליכקייט.

איך מאך דאהער אויפמערקזאם אלע אידישע קהלות, וואָס פערשטעהען צו שעצען אזא זשעני, זאָלען זאָפּאָרט איינרייכען זייערע אפּליקיישאָנס.

וועגען דעם פּרייז איז ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך, ער איז א קליינער בעדערפער און ער אליין וויל גאָר דאריבער ניט ריידען; דאָס מוז מען אָבמאכען מיט זיין לעהרער.

נאָר מען מוז די אפּליקיישאָנס זאָפּאָרט איינרייכען, ווייל די עקספּאָזישאָן איז שוין צו ענדע און ער וועט זיך זיכער ניט מעהר אויפהאלטען אין פּהילאדעלפיא.

---

## V.

## דאָס פּאָאר פאָלק.

א קליינע געשיכטע פון איין פּאָר פאָלק, מיינע בעסטע פריינד פון יוראָפּ.

איין עראינערונג פון אונזער יוגענד מאכט אונז א מאָהל מעהר פרייד, ווי א גליקליכע שטונדע אין געגענוואַרט.

גראדע געבטערען אבענדס האָב איך מיך עראינערט אָן א פּאָר פאָלק, וועלכע זיינען געוועזען מיינע בעסטע פריינדע. איך ווייס אפילו ניט, ליעבער לעזער, צו איהר זיינט מיינער א לאנדסמאַן, אָבער איך רעכען, אז איהר וועט נאָר וויסען זייערע נעמען, וועט איהר זיי געוויס אויך קענען. אָבער דער נאָמען וועט ערשט זיין דאָס לעצטע, די הויפּט־זאַך קען איך פיעל נוצען בריינגען זייער געשיכטע.

„זי" איז געוועזען נאָך גאָר א יונגע, רונד, פעט, ווייס ווי א ליליע, שלאנק געוואקסען, זי האָט געשיינט ווי די זון...

„ער" איז געוועזען ניט פיעל עלטער, אָבער אויך קרעפטיג געבויט, א הויכע

וואוקס, אַ טרייער מאַן, איין זיכערע שטיצע פאַר זיין צאַרטע פרוי.

דאָס איז געווען אַ פּאָר פאָלק, וואָס פון דער נאַטור זיינען זיי בע־שאַפען געוואָרען איינער פאַר דעם אַנדערען און האָבען טאַקע אויך געלעבט אין דער בעסטער האַרמאָניע, און ווער עס האָט זיי געזעהן, האָט זיי מיט פערגעניגען אַנגעקוקט און געזאָגט: „אַך, ווי זיי פּאַסען איינער צום אַנדערן, אָט דאָס הייסט אַ בעשערטע פּאָר פאָלק!“

דאָס ערשטע מאָל האָט מיין פרוי זיי אריינגעפיהרט צו אונז אין הויז און פון דאַמאָלס אָן זיינען זיי געוואָרען אונזערע וואַרימסטע פריינדע און האָבען געשיינט גאָר ניט צו ווערען אַוועקגעהן פון אונז. ווי טרייע פריינד האָבען זיי געטהיילט מיט אונז ליידען און פריידען.

ווען דאָס ערשטע קינד איז ביי מיר געבאָרען געוואָרען, האָבען זיי ביידע ניט געוואָלט אָבטרעטען פון מיין פרוי׳ס בעט כמעט דעם גאַנצען קימפּעט.

ניט איצט געדאַכט, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, ווען מיין פאָטער איז געשטאָרבען, אונז צו לענגערע יאָהר, האָבען זיי ניט אָבגעטראָטען פון זיין בעט.

ווען איך פלעג קומען אהיים אבענדס פון דער ארבייט און מיין פרוי פלעגט מיר ענטגעגען געהן, פלעגען זיי מיט איהר מיטגעהן און פלעגען לייכ־טען פאר פריידע, וואָס זיי זעהען מיך.

זעלבסטפערשטענדליך, פלעגען זיי זיין אונזערע געסט צום עסען, צום שפּיעלען, צום לעזען און פּאַסט צו יעדער אונטערהאַלטונג, אויף יעדען שבת און יו״ט און מיין ווייב פלעגט זיי איינפּאַך בענשען, וואָס זיי לייסטען איהר געזעלשאַפט און טרויסטען איהר אין איהרע פינסטערע מאָמענטען.

איין זומער אבענד, ווי היינט געדענק איך, איז געווען זעהר אַ ה י י ס ע ר אבענד און ווען איך בין געקומען אהיים, האָב איך געוואוסט, זיי דארפען מיר קומען אַנטקעגען, אבער איך האָב זיי ניט בעמערקט, מיין פרוי איז אליין ארויסגעגאַנגען, דאָס האַרץ האָט מיר באלד געזאָגט, אז דאָ האָט געמוזט עטוואָס בעזאָנדערעס געשעהען.

איך בין אריין אין הויז און האָב בעמערקט, ווי זי קרימט זיך און דרעהט זיך, זיפצט און וויינט און רייסט זיך אַוועק פון איהם, ער דאַנגען שטעהט זיך גאַנץ גלייכגילטיג און עס האַרט איהם גאָר ניט.

איך האָב מיך דאריבער גאָר ניט געוואונדערט, ווייל איך האָב גאַנץ גוט ווי געקענט, אז זי איז געווען פון שוואכען קאָנסטרוקציאָן און טעמפּע־ראַמענט, און ער דאַגעגען קאַלטבלוטיג, ווי אַ סטאַטוע.

עס איז מיר צוואר ניט איינגעפאַלען, אז ער זאָל האָבען זי בעליידיגט, אָבער דאָך האָט מיר אַ בליץ געטהאָן אין געדאַנק, אז אין אזא צושטאַנד איז זייער צוזאמענלעבען שעדליך, וואהרשיינליך איז דורך געוויסע אומשטענדען זיי נמאס געוואָרען צו זיין אין איינעם און איך האָב אָנגעהויבען טראַכטען זיי צוצושיידען.

צוואַר בין איך דאַמאָלס נאָך געווען גאַנץ פרום, אָבער דאָך בין איך ניט געווען אַזוי אַבערגלויביש, אַז איך זאָל דענקען, אז אַ פּאָר פאָלק מוז צוזאַמען זיין, כאָטש איינער פון זיי איז אינגליקליך, איך האָב שוין דאַמאָלס פערשטאַנען, אַז צווישען אַ עהע־פּאָר מוז זיין פאָלשטענדיגע האַרמאָניע, אַז ניט, איז בעסער א שיידונג.

עס האָט מיר ניט פיעל מיהע געקאָסט, איך האָב די לייטע געשיידעט.

ווי עס ווייזט אויס, האָבען זיי איך דאָס געוואָלט, ווייל זיי האָבען קיין וואָרט דאַגעגען אויסגעשפּראָכען און עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ געוויסע צייט, וואָס איך האָב זיי מעהר ניט געזעהן און בּיסלעכווייז, בעסלעכווייז האָב איך אָן זיי כמעט גענצליך פערגעסען.

אָבער מיין פרוי זאָל לעבען האָט אַ ביסעל אַ צאַרטערעס געוויסען פון מיר און האָט מיר אָנגעהויבען אַנס הערץ צו לעגען, אַז איך האָב אונרעכט געטהאָן אָן איהרע בעסטע פריינד צו פערגעסען, און האָט מיר געהאַלטען גאַנצע גאַרדינען פּרעדיגס (מוסר פון אַ פרוי צום מאַן) וויפיעל פערגעניגען מיר טהוען ענטבעהרען אָהן זיי און האָט אַזוי לאַנג מיך גע'מוסר'ט, ביז איך האָב ווירקליך אָנגעהויבען טראַכטען איבער דעם זיי וויעדער צוזאַמען צו פיהרען.

מיט איהם, האָב איך געוואוסט, וועל איך קיין שווערע מיהע ניט האָבען, ווייל ער האָט אימער געוואוסט, אז אָהן איהר האָט ער גאָר קיין ווערטה ניט און קען אין קיין געזעלשאַפט ניט קומען, אָבער ווי ערשטוינט בין איך געוואָרען,, ווען איך האָב אויך זי געפונען אין דער גרעסטער לאַנגווייל און זעהר פערענדערט דורך די איינזאמקייט און אָבגעשלאָגענהייט און ביי מיין ערשטע ערקלערונג, אז איך וואָלט זעהר צופריעדען געווען זיי זאָלען זיך וויע־

דער צוזאמענקומען, זיינען זיי ביידע, אָהן א וואָרט צו זאָגען ווילענלאָז מיין ראטה נאָכגעגאנגען און זיינען זיך ווידער צוזאמענגעקומען, ערשטענס, ווייל די אורזאכען פון איהר שוואכקייט און אונצופריעדענהייט האָבען אויפ־געהערט און, צווייטענס, האָבען זיי זיך וואהרשיינליך איבערצייגט, אז דאָס עלענדע סינגעל־לעבען איז א טרויעריגעס דא־זיין, און ווען מאן און פרוי פּאַ־סען נאָר צו אייגאנדער, קענען זיי נאָך אימער צוזאמען גליקליכער לעבען און אויך דער וועלט מעהר נוצען ברענגען.

ווידער איז געוואָרען מיין הויז ליכטיג. מיין פרוי האָט געקוואָלען פון איהרע אַלטע פריינדע און איך האָב אויך פערגעניגען געהאט צו זעהן מיין איבעראיילטען שריט ווידער גוט צו מאכען.

אָבער אויך דיזע פריידע האָט ניט לאנג געדויערט. די שוואכע פרוי איז דאָך געווען פון שוואַכער קאָנסטרוקציאָן, זי איז געוואָרען שוואכער און שוואכער, ביז זי איז ענדליך ביי מיר אין הויז אויסגעגאנגען אן ער איז גע־בליבען אַן אונגליקליכער יונגער אלמן.

אָבער די צייט איז דער בעסטער דאָקטאָר, ער האָט באַלד אָן איהר פער־געסען, און ווירקליך, ער קען זי דאָך צוריק ניט לעבעדיג מאכען. זיין געווי־סען איז אויך געווען ריין. ער האָט חלילה איהר טוידט ניט פעראורזאכט. וואָס פאר א טובה וועט ער איהר טהאָן, אז ער וועט אייביג זיצען אן אלמן?

ער איז נאָך יונג און קרעפטיג, ער קען נאָך געניסען דאָס לעבען, ווארום ניט?

איך בין אויך געווען מיט דער זעלבער איבערצייגונג, און האָב איהם באַלד פון מיינע בעקאנטע געבראכט אן אנדער פרוי.

אויך מיט דער האָט ער געלעבט גליקליך, ניט ווייל ער איז געווען א פאלשער מאן צו יענע. איך בין פאָלקאָמען איבע[illegible]ייגט, אז ווען ער וואָלט געשטאָרבען פריהער און זי וואָלט געבליבען אן אלמנה, וואָלט זי אָן איהם אויך פערגעסען און וואָלט אויך געהייראטהעט אן אנדערען.

אָבער אין קורצען איז אויך די אנדערע געשטאָרבען. איך האָב איהם פערהראטעט מיט א דריטער און אויך די דריטע איז געשטאָרבען און אזוי האָט ער איבערגעלעבט פיעלע פרויען.

אָבוואָהל ער אליין איז שוין אויך געוואָרען א ביסעל געעלטערט, א בי־

סעל געבויגען, אָבער דאָך געגוג קרעפטיג און האָט נאָך מעהרערע פרויען גע־
הייראטעט, אָבער קיין מאָל ניט חלילה צוויי מיט א מאָל.

דאָך בין איך געבליבען זיין פריינד, און זיין בעסטער פריינד ביז איך
בין נאָך אמעריקא אוועקגעפאָהרען, איך מאך מיר אָבער דערפאר קיין פאָר־
וואורף ניט, ווייל איהר, מיינע ליעבע לעזער, וואָלט אויך אזוי געהאַנדעלט,
ווי איך, ווייל איהר ווייסט אויך גאַנץ גוט, אז:

„א זילבערנער לייכטער“ לעבט איבער א סך „חלב ליכט“.

---

# VI.

## ער און זי.

### (צוויי מלאכי חבלה).

ער און זי, זייביידע זיינען א געפעהרליכע פאָר פאָלק, זיי שטאמען נאָר
פון דעם שטן'ס חבריא און האָבען זיך אָבגעלייגט צו פערצעהרען דעם מענ־
שענס געזונדהייט און לעבען. ער האָט מיר אפילו קיין מאָל קיין בייז ניט
געטהאָן, דערפאר אָבער לאָזט ער מיין פרוי ניט לעבען. ער זאָל זי ארומנעה־
מען, ווי א גאַלאַנטער קאוואַליער, וואָלט מיך שוין ניט געארט, ער דריקט
איהר אָבער אזוי צוזאמען, אז זי רייסט זיך קוים א לעבעדיגע ארויס פון
איהם.

איך רעד חלילה ניט פון אייפערזוכט, איך בין עס ניט, אָבער האָב שכל
ווי מיט דאמען אומצוגעהן! האָב ניט קיין טבע פון א גוואַרדייסקען סאָל־
דאַט, נעהמען א יונג ווייבעל און קוועטשען, אז קוים די נשמה האַלט זיך
איהר...

זי איז אָבער נאָך טויזענד מאָל ערגער פון איהם; זי, זיין בעשערטע,
טשעפעט שוין ניט מיין פרוי, דערפאר אָבער האָב איך פון איהר קורצע
יאָהר, זי קוועלט מיך שוין ניט, דערפאר אָבער ברענט זי פון ליידענשאפט,
און וויל ניט אָבטרעטען פון מיר, ניט צווישען מענשען, ניט ביי מיר אין צי־
מער, אפילו אין בעט, מיט רעספעקט צו זאָגען, געהט זי מיר אויף נאָך און
דריקט זיך פעסט צו מיינע ליפען.

מיין אלטיצקע איז אפילו אויך ניט אייפערזיכטיג, אָבער דאָך זעה איך, דאָס זי קרענקט זיך דערפון...

דאָס מערקווירדיגסטע איז פון דאָס פּאָר־פּאָלק, אז כאָטש זייער ווירקען איז ניט דאָס זעלבע, דאָך די פּאָלגען זיינען דיזעלבע: פון ביידען פערלירט מען די געזונד; ווער עס מאכט נאָר מיט זיי בקעאַנט־שאַפט און לאָזט זיך אריין אין זייער פריינדשאַפט, פערלירט מען דעם אַפּעטיט, מען פערלירט די גע־זיכטס־פארבע, מען ווערט גרין און געל און אויסגעדארט, ביז מען געהט אי־בער אויף דער אמת׳ער וועלט דורך אפריהצייטיגען טויט.

און כמעט יעדער וויים עס, און דאָך פערשטעהט דאָס מלאכי חבלה פּאָר־פּאָלק זיך צו יעדען מענשען אריינצונארען אלס פריינד אין די פריהסטע יוי־גענד־יאָהרען.

מיין פרוי האָט זיך מיט איהם בעקענט ערשט אין אמעריקא, אין דער־היים האָט זי נאָך ניט געוואוסט פון דעם שטן, אָבער אין די עטליכע יאָהר האָט ער איהר גענוג געקאָסט געזונד און איך וויים ניט, אויב זי וועט שוין נעבעך פון איהם פּטור ווערען איהר גאַנצעס לעבען.

איך אָבער מיט מיין ברענענדיגע נקבה בין נאָך אין יוראָפּ בעקאַנט געוואָרען.

עס פלעגען מיך פיעל גוטע פריינדע ווארנען פון איהר, זיי פלעגען מיר זאָגען: — יואל, דו ביזט נאָך א יונג קינד, זי איז א געפהערליכע בריאה, זי וועט דיר פערצעהרען דיין געזונד — אָבער איך בין געווען גענוג לייכטזי־ניג און האָב זי פון מיין בוזעם ניט געוואָלט אָבלאָזען.

שפּעטער, אז איך בין שוין קליגער געוואָרען, האָב איך מיר שוין מיהע געגעבען פון איהר פּטור צו ווערען, אָבער צו שפּעט, הרגל נעשה טבע, די גע־וואוינהייט איז די צווייטע נאַטור, און וויפיעל מאָל איך האָב זי אוועקגעוואָר־פען, האָב איך מעהר ווי צוויי טעג ניט געקענט זיין אָהן איהר, און האָב מיך פשוט אויסגעלאָזט פון די כוחות, ווען איך האָב זי דערזעהען און האָב זי וויע־דער געמוזט נעהמען צו מיר.

און איך גלויב שוין ניט איך זאָל אין מיין לעבען פון איהר פּטור ווערען.

נאָר ביז איצטער, זאָג איך אייך דעם אמת, אז איך אליין האָב ניט גע־וואוסט, אז דאָס איז אזא געפעהרליכע פּאָר פּאָלק. איך האָב געמיינט, אז זיי אליין וויסען ניט, ווי ווייט זיי רואינירען פאסט מעהר ווי די העלפט פון דער

מענשהייט; ער מאַכט א תל פון די פיינסטע און יונגסטע פרויענצימער, און זי — פון די שטאַרקסטע און יונגסטע מענער.

אָבער געסטערן אבענד האָבען זיך מיר די אויגען געעפענט, ווען איך האָב דערהערט די פּאָר שדים רעדענדיג צווישען זיך.

די מעשה איז אזוי געווען: איך מיט מיין יענטע זיינען מיר געקומען פון טהעאַטער ארום איינס אזייגער ביי נאַכט, זעלבסט־פערשטענדליך, האָט זיך דאָס פערדאַמטע פּאָר פּאָלק אונז אויך נאָכגעשלעפּט, זי האָט זיך מיר גע־טוליעט צום הארצען און ער האָט זיך, ווי א קלעשטש (א קנייפּער) ארום יענטע׳ס טאַליע ארומגעכאַפּט.

באלד ווי מיר זיינען אהיים געקומען, האָבען מיר זיי ביידע א וואָרף גע־טהאָן פון אונז און מיר האָבען פריי אויפגעאַטהעמט און מיר זיינען צו בעט געגאַנגען.

מיר האָבען אָבער ניט געקענט איינשלאָפען, ווייל מיר האָבען זיך ביידע געלייגט אָהן סאַפּער, אזוי ווי נאָכ׳ן טהעאַטער.

פּלוצלונג איך הער מען שושקעט זיך (מען סוד׳עט זיך) אין פּאַרלאָר. אָנפאַנגס האָב איך מיר א ביסעל דערשראָקען, אָבער באלד האָב איך מיר דערמאָנט, אז מיר האָבען איבערגעלאָזען אונזערע פּאָר קליפּות אין פּאַרלאָר. איך בין א בעלן געווען הערען וואָס די לייטע רעדען צווישען זיך, און איך בין לאַנגזאם אויף די שפּיץ־פינגער צוגעגאַנגען צו דער פּאַרלאָר־טיר.

און הערט נאָר זייער נידערטרעכטיגען געשפּרעך:

ער — „ווי קענסטע דיך גלייכען צו מיר, איך נעהם אוועק ביי די פרויען די געזונד, ווי מיט א האַנד, איך רעד זיי כלומר׳שט איין, אז איך מאַך זיי צאַרט און שעהן, און קוים האָב איך זיי נאָר אין מיין נעץ, איז ערשטענס, דריק איך זיי אזוי איין די הויט, אז דאָס בלוט קען ניט פליסען פריי אין די אָדערען, דאדורך ווערט זיי די הויט גרין און געל, צווייטענס, קוועטש איך זיי אזוי איין דעם מאָגען, אז זיי זאָלען דאָס עסען ניט קענען פערדייען און זיי פערלירען דעם אַפּעטיט, און א חוץ די אלע זאכען קלאַפּער איך זיי אזוי צוזאמען די ביינער, אז זיי קענען זיך קיין בויג ניט טהאָן

איך האָב שוין אָפט אזוי ווייט געבראַכט, אז יונגע דאמען, וועלכע האָ־בען געטאַנצט אין מיינער אומארמונג, זיינען פון מיין דריק געפאַלען און גע־שטאָרבען אויף טויט.

זעהסטו, אז פון מיר האָבען די פרויען דעם טוידט זיכער, לאַנגזאַם, אָדער פּלוצלונג, אָבער וואָס טהוסטו מיט די מענער?

זי — שווייג שוין, איך בעט דיך! כאָטש איך בין איין צאַרטעס וועזען, און האָב צו טהאָן מיט דעם שטאַרקערען געשלעכט, מיט די מענער, און דאָך מאָך אין אָן צווישען זיי צרות און קראַנקהייט, מעהר ווי צווישען די לייכטזיניגע פרויען.

— איך קוועטש זיי ניט איין און דריק זיי ניט, נאָר מיט ברענענדיגער ליידענשאַפט טריקען איך זיי אויס דאָס האַרץ, איך פערדערב זיי דעם אַפּעטיט, איך רייץ אויף זייערע נערוועןן, און פערדאַרב זייער בלוט, און אַנשטאָט וואָס דו פערפאָלגסט די פרויען מייסטענס נאָר צווישען מענשען און אין דער־היים קימערסטו דיך דיך ניט אום זיי, פערפאָלג איך די מענער איבעראַל און צו יעדער צייט.

אי לאָז איהם ניט אָב ביים לייגען זיך און ביים אויפשטעהען, אין בעט און ביים טיש, אין דער גאַס און אין זיין געהיימען צימער, ביי־טאָג און ביי־נאַכט, שבת ויו"ט און אפילו אום יום כפור, ווען ער איז א בעל שמחה און ווען ער איז אַן אבל, ווען ער איז יונג און ווען ער איז אַלט, אימער הענג איך אהים אויף זיין ברוסט און אין זיינע ליפּען, ער זויגט מיך און איך זויג זיין געזונד, ביז איך רואיניר זיין געזונדהייט.

איך ברענג עס אזוי ווייט, אז פיעלע מענער וואַרפען אוועק צוליעב מיר זייערע פרויען, אָבער מיך לאָזט ער ניט אָב ביז אין טוידט.

נון, ווער האָט מעהר געדולד? ווער טהוט מעהר זיין פפליכט, איך אָדער דו?

איך בין עמפּעהרט געוואָרען! דאָס בלוט איז מיר אריין אין קאָפּ, דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהויבען צו קלאַפּען, אזעלכע נידערטרעכטיגע מענישען־מערדער, אזוי אָפּען צו רעדען איבער זייערע פערברעכען האָב איך געהערט דאָס ערשטע מאָל.

שוין האָב איך געוואָלט ארייגלויפען אין פּאַרלאָר און זיי ביידע צורייסען אויף שטיקער, אויסאיבען ראַכע פאַר דאָס אונגליק פון מיליאָנען נאַרישע מענישען, אָבער אין דעם מאָמענט האָבען זיי זיך אָנגעהייבען רייסען צווישען זיך, שימפּפען, רייסען, רוישען, און פּלוצלונג, אָהּ, הימעל! א העלישער פלאַם פייער האָט אויפגעשטיגען פון דעם טייש; און ווען ניט די ניו־יאָרקער פייער־

וועהר, וואָלט חלילה דאָס פייער אָנגעכאַפּט דאָס גאַנצע טעגעמענט־הויז און אונשולדיגע מענשען וואָלטען אַלס אָפּפער אין זייערע פלאַמען געפאַלען.

ווייל „זי“, מיין ברענענדיגע סיגאַרעט,
האָט אָנגעצונדען „איהם“, מיין יענטעס קאָרסעט.
דאָס סיגאַרעט און דער קאָרסעט זיינען צוויי מלאכי חבלה,
וואָס זוכען אויף דער וועלט דעם מענשענס מפּלה.

V.

## דער ביגאַמיסט.

מיט וועלכע געדאַנקען איך האָב דאַמאָלס אַרומגעשפּאַצירט איבער׳ן סטריט, געדענק איך שוין איצט מעהר ניט; פון פערליעבען זיך אָדער גאָר חתונה האָבען האָב איך געוויס ניט געטראַכט, ווייל איך בין ניט מעהר געווען סינגעל; כאָטש אַ ווייב אין יוראָפּ איז ביי פיעלע איינגעוואַנדערטע יונגע לייט ניט פעררעכענט פאַר פערהייראַטעט, אָבער אַזאַ מאַן ווי איך, וואָס האָט אַזאַ גרויסע בעקאַנטשאַפט און אַלע האָבען געוואוסט, אַז איך שיק געלד מיין פרוי, האָב איך ניט געקענט האָבען דאָס פערגניגען צו דענקען וועגען פערליעבען זיך, אָדער חלילה גאָר הייראַטהען.

אמת, איך בין מודה פאַר איך ווי פאַר אַן אייגענעם פריינד, אַז ווען איך פלעג בעגעגענען אַ שעהנע פרוי מיט אַ פּאָר שאַכטענדע אויגען, מיט האַלב אָפענע ליפּען, וואָס שיינען זיך צו בעטען: „נעהם מיך און האָב מיך“, פלעגט זיך זעהר אָפט אַרויסכאַפּען אַ שווערער זיפץ פון מיין ברוסט, אָבער גלייך האָב איך מיך דערמאָנט, אַז פאַר אַ פערהייראַטעטען מענשען, ווי איך בין, איז עס ניט קיין געשעפט.

ווען איך האָב „זי“ דערזעהען צום ערשטען מאָל, האָט פּאַסירט עטוואָס זאָנדערבאַרעס.

דערזעהען האָב איך זי שטעהען אין אַ ווינדע, דאָס געזיכט בלאַס, ווי מאַרמאָר, פערטראַכט, אָהן צו בעמערקען די פיעלע פערבייגעהער אין דיזער

קאָבעדיגער סטריט, און זיך גאָר ניט מאכען וויסענדיג פון די דורכדרינגענדע בליקען פון מאנכע יונגע לייט.

מיך אָבער האָט דאָס ווייסע אַלבאַסטער־געזיכט מיט דעם פריען שפּיע־געל־גלאַנץ ווי צוגעשמידט און איך האָב ניט געקענט זיך זעטיגען זי צו בע־וואונדערען.

עס איז געווען פאַר פּסח, דער עולם טראַכט פון א מלוכה, פון א מלך מיט א מלכה, און דער געדאַנק איז מיר דורכגעפלויגען דורכ'ן קאָפּ, און מיין ענטשלוס איז געוואָרען רייף, איך בין אריין אינעווייניג. און איך וויל אייך ניט איינרעדען, אז איך בין געווען אזוי לייכטזיניג צו דענקען, אז איך וועל גלייך געווינען דיזע בלאַסע שעהנהייטט; אָבער דאָס בין איך מודה, אז מיין נייגיעריגקייט איז געשטיגען ביז אין העכסטען גראַד, צו וויסען, ווער און וואָס זי איז און אויב איך קען א מאָל האָפען...

איין אנשטענדיגע פרוי איז געזעסען ביים טיש און האָט בעמערקט מיינע וואנדערענדע בליקען אויף די בלאַסע געליעבטע און איהר אומגעבונג. זי האָט זיך אויפגעהויבען און גאַנץ העפליך געפרעגט:

— וואָס ווינשט איהר, מיין הערר? —

— יא, וואָס ווינש איך, איך ווינש שוין גאָר פיעלעס, די פראגע איז נאָר, אויב מיינע ווינשע קענען ערפילט ווערען? —

— פיעלייכט יעס, זשענירט אייך ניט!

די אַלטע איז מיר געפעלען געוואָרען. אין איין מינוט איז פערשוואונ־דען מיין גאַנץ קאַלטע איבערלייגונג, מיין שטאַנד, מיין לאַגע, מיינע פער־העלטניסע אין מיט מוטה האָב איך די פרוי געפרעגט:

— בעלאַנגט דיזע צארטע שעהנהייט צו אייך? —

— יעס סער, און זי איז צו קריגען. —

— און וואָס זיינען אייערע פאָרדערונגען? —

— זי האָט היין אייגענעם ווילען, איך בין איהר מוטער, זעלבסט־פער־שטענדליך, ערוואַרטע איך פאַר א מאַן וואָס זאָל זי אָבהיטען, צארט בע־האַנדלען, אז דאָס קינד וואָס טראָגט מיין נאָמען זאָל אין געזעלשאַפט ניט בלאַמירט ווערען. —

— מוטער — האָב איך געזאָגט מיט פייער — זי געפעלט מיר און איך

פערזיכער איך, אז דורך מיר קען אייער נאָמען נור בעריהמט ווערען און אייער קינד וועט ניעמאַלס אורזאכע האָבען....

— געוויס — איז זי מיר אין די רייד געפאַלען — יונגער מאַן, איהר געפעהלט מיר, איהר זאָלט זי האָבען. —

מעהר האָב איך ניט געוואונשען. און ווען איך האָב בעמערקט, אז מיין בלאַסע געליעבטע פּראָטעסטירט ניט דאגעגען, האָב איך פערשטאַנען, אז מיין גליק איז פאָלקאָמען און נאָך געוויסע פאָרמעלע אונטערהאַנדלונגען בין איך אין א קורצער צייט געווען דער גליקליכסטער זי צו נעהמען אונטער ארעם און צו ברענגען איהר אהיים צו מיר.

אַלעס איז געגאַנגען געוועהנליך ביז די ערשטע נאַכט פּסח, דען אויף דיזע נאכט האָב איך בעשטימט אונזער גליקליכע פערמעהלונג.

פריינדע, איך בין קיין פאַנטאַזיאָר, אָבער איך מוז אייך זאָגען די וואהרהייט, אז דיזען אבענד האָב איך מיך נערעכענט פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט. איך האָב פאָרבערייטעט מיינע שעהנסטע קליידער און האָב יעדעס פּיצעלע געפּרופט געגען דעם גרויסען שפּיעגעל און ביי דער ערשטער בעריהרונג צו איהר, בין איך געוואָרען א בעצויבערטער.

זי האָט מיך ארומגענומען מיט איהר גאַנצע קראַפט; עס האָט מיר געשיינט, אז זי וויל מיר אין הארצען אריינקריכען, זי האָט זיך געטוּלעט צו מיין ברוסט, ווי א צערטליכע בייבי, זי האָט געגלעט מיין האַלז, ווי א טרייע מוטער, איהר גאַנצעס וועזען איז פערשמאָלצען געוואָרען אין מיר.

איך האָב בעמערקט, אז זאָגאַר איהר מאַרמאָר־בלאַסקייט איז פערשוואונדען און א ראָזע הויט האָט בעדעקט איהר געזיכט; צו דאָס איז געוועזן פון דער ראָזע נעקטיי אויף איהר האַלז, אָדער פון דעם נייעם לעבען, וואָס זי האָט דערפיהלט, האָב איך ניט געוואוסט, אָבער איך האָב דייטליך בעמערקט, אז זי איז פולער, רונדער און לעבעדיגער געוואָרען און דאָס האָט מיך גליקליך געמאַכט.

איך בין מיט איהר געקומען אין טהעאַטער, פריינדע, איך בין זיך מודה, אז עס איז ניט מיין נאַטור צו זיין א בעל־גאוה, אָבער איך בין זיך מודה, אז עס האָט מיר געשיינט, אזוי ווי דער גאַנצער טהעאַטער האָט געקוקט אויף מיר און אַלע האָבען בעוואונדערט איהר שעהנהייט.

האָבענדיג זי ארום מיך און פיהלענדיג איהר צארטע אומארמונג אין מיין קערפּער, בין איך דיזען אבענד זעהר גליקליך געווען.

פון טהעאטער בין איך געגאַנגען אין א קאפע, דאָרט האָב איך בעגע־גענט פריינדע. מאַנכע האָבען אויס קנאה נאָר געוואָרפען איין אויג אויף איהר און מאַנכע האָבען זיך אינטערעסירט צו פרעגען אויף איהר און איך האָב מיך צוגאָסען איהר לויבענדיג, ביז אין הימעל. קיינער אָבער האָט ניט געוואגט צו געבען אַ שלעכטע מיינונג איבער איהר.

און אזוי האָב איך געלעבט מיט איהר טאָג פאר טאָג. עס האָט מיר גע־שיינט, דאָס אייביג וועט געדויערען אונזער גליק, און ניע און ניעמאַלס וועל איך מיך שיידען פון איהר

אָבער, אָה! וועה! קיין זאך איז ניט אייביג אויף דער וועלט, אונזער צוזאמענלעבען האָט שנעל אָבגעבליהט. איך האָב באלד בעמערקט, ווי איהר בלאַסעס געזיכט ווערט פון טאָג צו טאָג געלער, די שיעגעל־גלאַטע הויט ווערט אלץ מעהר געקנייטשט. זי האָט ענדליך פערלאָרען איהר יו־גענד־פרישקייט און האָט זיך אָנגעפאַנגען צו צייגען זעהר שמוציג צו מיר, אין ניט נור איז פון הייסע ליעבע שוין מעהר קיין רעדע ניט געווען, נור אומ־געקעהרט, איך האָב אָנגעפאנגען צו פיהלען עקעל געגען איהר, ביז ענדליך איך האָב אָנגעהויבען דענקען, ווי פון איהר פטור צו ווערען.

די צייט טהוט דאָס איהריגע. מיט אַ פעסטען ענטשלוס האָב איך זי אוועקגעריסען פון זיך און האָב זי איבערגעלאָזט.

אָבער עס זיינען דאָ גוטע מענשען אויף דער וועלט, וועלכע האָבען ליעב זיך אריינמישען אין אזעלכע פערהעלטניסע; מען האָט געווירקט אויף מיינע געפיהלע, מען האָט איהר א ביסעל געבראַכט צו איהר פריהעריגע לאַגע און מען האָט אונז ווידער צוזאמען געפיהרט.

אָבער ליידער, ניטאַ די ערשטע ליעבע און דאָס ערסטע גליק, איהר אומ־ארמונג פלעגט מיך שטיקען; און עס האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען, ביז איך האָב זי ווייטער פערלאָזען.

איך ווייס ביז היינט ניט, וואו עס האָט זיך צו מיר גענומען די הארט־הערציגקייט, אָבער דאָס איז אזוי געשעהן, מעהרערע מאָל זיינען מיר אלץ צוזאמענגעקומען, אום באלד זיך ווייטער פון איינאַנדער צו געהן, ביז ענדליך עס איז געקומען דער שרעקליכסטער מאָמענט:

אין זעלבען הויז מיט מיר האָט געוואוינט נאָך א יונגער מאַן, א גרינער; מען זאָגט, אז ער האָט אויך געלאָזען א פרוי צו הויז. ער האָט אפנים בע־מערקט, וואָס פאר א לעבען איך פיהר מיט איהר, און האָט זי געזוכט צו גע־ווינען פאר זיך, אָדער אפשר איז ער ניט שולדיג, נאָר אונזער געוועזענער שלום־מאכער האָט זי צו איהם געצו'שדכן'ט — דאָס ווייס איך ביז היינט ניט. געננג איז דער פאקט, אז אין איין שעהנעם פריהמאָרגען קום איך אריין אין זיין צימער, און וועה! וואָס מיינע אייגען האָבען דערזעהען.

די בלאָסע, די צארטע נעבעכעל, וואָס האָט גאָר ניט געקענט קיין צוויי ציילען, ליגט אויף זיין ברוסט און אומארמט איהם מיט דער זעלבער צערט־ליכקייט ווי זי פלעגט עס א מאָל מיט מיר טהאָן.

אָנפאנגס איז מיר אריין דאָס בלוט פון די נעגעל פון די פיס ביז אין קאָפּ אריין און איך האָב געמיינט, אז דאָ וועט געשעהן א מאָרד. זי האָט געשווינגען ווי שולד־בעוואוסט, אָבער דער גרינער יונגער מאַן האָט זיך אָנגע־הויבען פערענטפערען, ביז ענדליך מיין כעס איז אָבגעגאנגען און איך האָב אָנגעפאנגען די זאך איבערלייגען.

— און טאקע, איז זי דען ערגער פאר מיר? מיט וועלכען רעכט האָב איך מיר ערלויבט יעדעס מאָל זי צו פערלאָזען און האָבען פינף אנדערע? דערפאר, וואָס איך בין שטארקער?

איז פּאָליגאמיע א פערברעכען, בין איך א גרעסערער פערברעכער, ווייל איך בין דאָך מעהר זעלבסטשטענדיג; איז דאָס אין דער מענשליכער נאטור, ווארום־זשע זאָל אזא שוואכען פערלאָזענעם וועזען ניט ערלויבט זיין צו זו־כען שוץ ביי אַן אנדערען?

קורץ, דער בעסערער מענש האָט ערוואכט אין מיר און איך בין ענט־שלאָסען צוגעגאנגען צום יונגען מאַן און האָב איהם געדריקט די האַנד און געזאָגט:

— היימי, איך ווינש דיר גליק, קענסט זיך רוהיג האַלטען מיט איהר, איך פערגין דיר זי פון גאנצען הארצען, ווייל, ערשטענס, איז זי מיר שוין לאַנג נמאס געוואָרען, און, צווייטענס, אָט קומט יום טוב און איך וועל זיך קויפען א האַלבען דאָזען אנדערע ה ע מ ד ע ר.

## VI.

## אַ הספד איבער'ן גדול הדור.

רבותי! מי יתן עיני מקור דמעה... לכבות את השרפה... כי הצדיק אבד...

אַ, מיינע ליעבע ברידערלאַך, וועה, מיינע היילינע אידעלעך! איהר ווייסט גאַנץ גוט, אז דער כלל איז געגליכען צו אַ קופּע שטיינער, ביז ווי לאַנג עס האַלט זיך, האַלט זיך, אָבער חלילה אז איינער פאַלט ארוים, הויבט זיך אָן די גאַנצע קופּע צו שיטען, און דאָס איז סף הכל דער משל. דער נמשל איז, אז אַ צדיק ווערט נפטר, פערלירען מיר דעם מגין הדור. וועה איז מיר! בלייבען מיר כצאן בלא רועה, אָך איז צו אונז! ווערען מיר ווי אַ שיף אָהן אַ רודער, אַ קלאָג איז צום כלל! וויינט, אידעלעך, וויינט! עס איז געוואָרען נתפּרדה החבילה, זייט קורע אייערע לעצטע טראַנטעס, האַלט איין אייער לעצטע שטיקעל ברויט פון אייערע קינדער און פאַסט תעניתים, קלאָגט אויף אונזער קלאָג, ווייל דער צדיק איז געשטאָרבען אין בעונותינו הרבים מיט אַ מיתה משונה, געווים נאָר דורך אונזערע זינד, ווייל ער אליין איז געוועזן אַ קדוש וטהר, אַ גדול הדור, אז אפילו אלע מגידים זאָלען ווערען שרייבער, אלע מקואות טינט, אלע ראָמאַנען פאַרמעט און אלע קלאָבס פּעָנעס, וואָלטען מיר אויך ניט אימשטאַנדע געוועזן אויסצושרייבען אלע זיינע מעלות און מדות טובות.

ער האָט ניט גענעסען קיין פלייש פון סתם בוטשער סטאָר מיט אַ השגחה סיין, ווייל ער האָט געוואוסט, אז אזעלכע סיינס בעקומט אפילו אַ גוי בוטשער, ווען ער גיט נאָר 5 דאָלאַר.

ער האָט ניט געוואָלט ווערען קיין פּרעזידענט אין אַ שולכעל, מען זאָל חלילה ניט אָנגעהויבען צווייפלען, אויב ער האָט געהאַט אַ טאַטען.

ער פלעגט ניט הריט'ענען אויף סאָציאליסטישע און חובבי ציון־מיטינגען, מען זאָל הלילה אויף איהם ניט זאָגען, אז ער וויל ווערען אַ רעדאַקטאָר.

ער האָט זיין שטימע ניט געוואָלט געבען פאר קיין פּארטיי, כאָטש ער איז געוועזן אַ רעדזשיסטרירטער אנשטענדיגער ביטיזען, ווייל ער האָט געוואוסט, אז אלע פאַרטייען זוכען שווינדעל־ביזנעס.

ער האָט ניט געטרונקען קיין משקה, נור וואסער, ווייל ער האָט גע־וואוסט, אז אלע אמעריקאנער משקאות זיינען נסך וואָס די סאלון קיפּערס זיינען עס מנסך לאלהי הכסף.

ער האָט ניט געוואָלט אָננעהמען קיין שטעלע אויף רבנות, ווייל ער האָט געוואוסט, אז פיעלע אַמעריקאַנער רבנים האָבען נאָר איין פּפליכט: קאָ־ראָבקע, און דאָס וואר איהם צו קליין.

ער האָט ניט חתונה געהאט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט, אז זיין מיסיס זאָל צופריעדען שטעלען באָרדערס.

ער האָט ניט געוואָלט מיטמאַרשירען מיט קאקסיים ארמעע, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אז וואשינגטאָנער פּאָליטיקער קענען העלפען דעם פאָלק, ווי א טויטען פּאָקען.

ער האָט ווי דר. וויס קיין רעפאָרמער דייטשע יהודים ניט געפרעסען... ער האָט קיינמאָל קיין דבר שקר ניט געזאָגט. בדהנים און כלי־זמרים פלעגט ער ניט רופען פּראָפעסאָר, די ירח בן יומי קאלעדזש תלמידים פלעגט ער ניט רופען דאָקטאָר. ער פלעגט ניט געהן שפּאַצירען, ווייל זיין רחמנות'דיגע הארץ האָט ניט געקענט צוזעהען די צעהנדליגע טענענטס וואָס ווערען ארויס־געוואָרפען אויף די סטריטען.

ער פלעגט ניט אומגעהען אין פערזאמלונגען קאָללעקשאָנס, ווייל ער האָט גאָר קיין פּאקעטס ניט געהאט.

ער האָט קיין אידיש טהעאטער ניט געמאכט, ווייל ער האָט געוואוסט, אז באלד געהט די קאָמעדיע אונטער, ווייל דאָס אידישע פּובליקום עפענט שוין די אויגען און שליסט צו די בייטעלעך.

ער האָט ניט געשטרעבט צו זיין א חוקר קדמוניות, ווייל ער האָט גע־וואוסט, אז אלטע דומהייטען זיינען ניט בעסער פון נייע נארישקייטען.

אוי, ליבע ברידערלאך, זינדיגע אידעלאך, איך וויל אייך ניט מאריך זיין, איך וועל אייך דערצעהלען זיינע מעלות בקיצור:

ער האָט, ווי אלע אונזערע גדולי הדור, ניט געוואוסט פון קיין צורת מטבע, ער האָט ניט געלעזען קיין ספרי מדות און קיינע צייטונגען. ער איז קיינמאָל אויף קיין ביינקעל ניט געזעסען און קיין אבר מן החי ניט געגעסען, ער איז ניט געגאנגען בקומה זקופה און האָט געהאלטען פון דינא דמלכותא. ער איז געווען א צדיק לכל פרטיו ודקדוקיו.

אָבער אזוי ווי איהר ווייסט, מיינע ליעבע אידעלאך, אז אין צדיק בארץ, אשר יעשה טוב ולא יחטא, עס גיבט קיין מענש, וואָס זאָל ניט זינדיגען, אזוי איז אויך אונזער מגין הדור נכשל געוואָרען אין דער שווערער עבירה פון כעס, וואָס איז גלייך צו עבודה זרה, ווייל יעדער תלמיד חכם איז דאָך נוקם ונוטר כנחש און האָט פערוואנדעלט זיין ארך־אפים אין א חרון־אף, דורך וועלכען עטליכע מענשען האָבען זייער לעבען פערלאָרען, און דארום איז ארויס דער גזר־דין פון דעם בית דין של מעלה פון זיין קהלה ער זאָל שטארבען מיט דעם זעלבען טוידט פון דעם גרויסען פילוסוף „סאָקראטוס“ פון גרעקען לאנד, מיט א כוס התרעלה פון סם המות.

אָבער אזוי ווי עס האָט נאָך ניט געשלאָגען די לעצטע שטונדע פון זיין כשר לעבען, האָט ער עטליכע מאָל אויסגעשפּייט די גיפט, ביז עס איז ענד־ליך געקומען דער קץ כל בשר פאר איהם און אין 4 מינוטען איז ארויס זיין כשרה נשמה בקדושה וטהרה בפני כל עם ועדה.

זיין פטירה האָט געמאכט א גרויסען רושם אונטער אלעמען, ווער עס האָט געקענט זיין גרויסקייט. זיין נשמה איז ארויף אויפ׳ן הימעל, זיין פלייש איז נקבר געוואָרען כדת, אָבער זיינע געהירען האָט מען צוטהיילט די רופאים זיי זאָלען עס אונטערזוכען און זעהען, אז ער איז געוועזן קליגער פון זיי. זיין סקעלעט האָט מען אויפגעשטעלט אין ארט מוזעאום אום צו צייגען פאר אונזערע קינדער און קינדס־קינדער, אז ער איז געוועזן דער גרעסטער פון אלע גדולי הדור און אז אזא דזאָמבעל ווי מיסטער טיפּ איז אונזער דור ניט ווערטה צו האָבען און גאָט זאָל טרויסטען אלע וואָס וויינען נאָך איהם און זאָל ער נעהן די זיינעגע צו חלום, אמן! אבלים, זאָגט קדיש.

---

# — די —
# אימיגראנטען
— פון —
## לעאן קאברין

דיעזער ראָמאַן פון דעם בעוואוסטען אידישען שריפטשטעלער און דראַמאַטורג לעאָן קאָברין איז איין אמת'ער פעריל אין דער אידישער ליטעראַטור. אין איהם ווערט געשילדערט מיט ברענענדיגע פאַרבען דאָס לעבען פון די אידישע אימיגראַנטען אין אַמעריקאַ, דער שווערער שטרייט, וואָס די אימיגראַנטען האָבען צו פיהרען אין דיעזער לאַנד פאַר זייער עקזיסטענץ. דאַן פיהרט דער פערפאַסער פאַר אונז אַרויס אין דיזען ווערק אַ גאַנצע גאַלערעע פון טיפען און כאַראַקטערע, פון'ם לעבען אין אונזער אידישען קוואַרטאַל.

אויך ווירד דאָרט געשילדערט ציוניסטען, אידישע אַסימי־ליאַטאָרס, סאָציאַליסטען, אַנאַרכיסטען און אַזוי ווייטער. אויסער דעם איז דער ראָמאַן אַליין זעהר אַנ'אינטערעסאַנטער. די לעזער וואָס ווילען זיך בעקענען מיט דער אידישער נאַציאָנאַלער פראַגע און מיט דער אידישער לאַגע בכלל, דאַרפען לעזען

## „די אימיגראַנטען“

און די וואָס זוכען אין אַ ראָמאַן אַנ'אינטערעסאַנטע האַנד־לונג, אויפרעגענדע סצענען, וועלען דאָס אַלעס געפינען אין דיזען ווערק פון לעאָן קאָברין.



**פרייז 30 סענט.**

צו בעקומען ביי אַלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די פערלעגער:
HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.

# לעצטע שריפטען

— פון —

## מענדעלי מוכר ספרים.

(ש. י. אבראמאוויץ)

---

דיא לעצטע שריפטען איז א זאמלונג פון פערשיעדענע זשורנאלען אונד צייטונגען וואו דער פאטער פון דער אידישער ליטעראטור ש. י. אבראמאוויץ האט אין דער לעצטער צייט געשריבען.

יעדע פון די שריפטען איז א מייסטערהאפטע קריטיק איבער דעם אידישען לעבען אונד ווירקען אין רוסלאנד, אונד אין דער זעלבער צייט איז עס פול מיט הומאר, וויטץ אונד שארפזינן אונד זעהר אינטערעסאנט אונד שפאנענד צו לעזען.

אין איינע פון דיא שריפטען ווערט געשילדערט מיט דער קראפט פון מענדעלי'ס פעדער די לעצטע אידישע צרות אונד פאגראמען אין רוסלאנד, אונד דיעזע שילדערונג אליין איבערשטייגט אללעם וואס ער האט פאר־הער געשריבען, אפילו פון זיינע צוויי בעריהמטע ווערק ווי דיא „קליאטשע" אונד „פישקע דער קרומער" עס איז א קונסט ווערק אונד עס איז ווערטה צו לעזען אונד שטודירען.

**פרייז 35 סענט** (פארטא פרייא)

---

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די פערלעגער

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street, New York

עס איז ערשיענען פון דרוק דער בעריהמטער ראָמאַן

# פריהלינג שטראָמען

— פון —

## א. טורגעניעוו

איבערזעצט פון לעאָן קאָברין

---

„פריהלינג שטראָמען” איז איינע פון די בעסטע ווערק וואָס דער גרויסער רוסישער שרייבער א. טורגעניעוו האט געשאַפען. אין דיעזע ווערק גיט ער אונז אַ בילד פון איין עלטערען אונפערהייראַטען מאַן, וועלכער בערייעט זיין אויסגעלאָסענעם און פרייליכען לעבען אין דער יוגענד; עראינערונגען קומען איהם אין קאָפּ אַזוי ווי פריהלינג־שטראָמען, זיי לאָזען איהם ניט רוהען און פערפאָלגען איהם ווי שווארצע שאָטענס, ער דערמאָהנט זיך ווי ער האָט אַמאָל געלעבט, געליעבט און האָט געקענט פיהרען אַ גליקליכען פאַמיליען־לעבען און האָט עס אליין צושטערט און פערניכטעט צוליעב זיינע דומע און רייצענדע פאַנטאַזיעס. אָט דיעזע געדאַנקען דערטרינקט ער אין בערויעשענדע געטרענקע.

„פריהלינג־שטראָמען” איז אַ מייסטערהאַפטע שילדערונג. איהר זעהט ווי אין אַ שפּיגעל אַלעס וואָס די ריינע פאַנטאַזיע פון פערפאַסער האָט געוואָלט ארויסברייגגען, און איהר ווערט בעגייסטערט לעזענדיג.

„פריהלינג שטראָמען” איז געדרוקט אויף אַ שעהנעם פּאַפּיער און געפּאַסט אין אַ פּראַכטפאָלען קאָווער.

**פּרייז 30 סענט**

צו בעקומען ביי אַלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די פערלעגער

HEBREW PUBLISHING COMPANY

New York.

# דער אשמדאי

— פון —

## לעאניד אנדרעיעוו

### איבערזעצט פון מ. קאטץ.

**דיזע דראַמאַ** איז די גרעסטע קונסט־ווערק וואָס איז **בעשאפען נײ־**
**וואָרען** אין דיזען יאהר־הונדערט, עס איז אַ ווערק צו לערנען און **שטודי־**
רען ערהאַבענע געדאַנקען, פילאָזאָפישע אָבהאַנדלונגען און אירדישע **נײ־**
גונגען, און אַלעס איז ווי מיט אַ שלייער פערדעקט אום דער לעזער אָדער
דער צושויער זאָל ניט מיט אַמאָל פערבלענדעט ווערען פון **די גלענצענדע**
און שטראַהלענדע הערליכקייט וואָס ליעגט אין דיזער ווערק.

**דער אשמדאי** וועט פון אָנפאַנג פיר דעם לעזער **זיין אביסעל**
**שווער** צו פערשטעהן אָבער אַז ער וועט האָבען דורכגעלעזען **די ערשטע**
סצענעס פאָרזיכטיג וועט ער דאַן שטופענווייז אָנפאַנגען **צו פערשטעהן**
און בעגרייפען די גוואַלדיגע קונסט און קריטיק וואָס ליעגט **בעהאַלטען**
**אין** דיזער ווערק, און אַזוי ווי אַ מאַגנעטישע קראַפט וועט איהם **ציהען צו**
לעזען אַלץ ווייטער און ווייטער צו דערגרייכען די טיעפסטע **געדאַנקען**
**וואָס** דער פערפאַסער האָט געוואָלט דורכפיהרען.

**דער אשמדאי** איז ערשט מיט אַ יאָהר צוריק ערשיענען **פון**
**פערפאַסער'ס** פעדער און אין דיזער קורצער צייט איז עס שוין **איבער־**
**זעצט** געוואָרען אין אַלע וועלט־שפראַכען און האָט געמאַכט די **גרעסטע**
סענסיישאָן אין אַלע וועלט טהיילען, עס איז אויפגעפיהרט געוואָרען אין
די גרעסטע טהעאַטער־טעמפלען און איבעראַל האָט עס געמאַכט **דעם**
**גרעסטען** ערפאָלג.

**דער אשמדאי** וועט אויך קירצליך אויפגעפיהרט **ווערען** אויף
דער אידישער ביהנע פון די ל י פ צ י ן ט ה ע א ט ע ר **ק אָ מ פ אַ נ י**
און וועט אויך זיכער האָבען דעם זעלבען ערפאָלג.

**דער אשמדאי** איז פיין געדרוקט אויף אַ שעהנעם **פאַפיער און**
**געפאַסט** אין אַ פראַכטפאָלען קאָווער.

## פרייז 25 סענט.

HEBREW PUBLISHING COMPANY,

81-85-87 Canal Street, **New York.**